א. ווערסאיעוו.

# א ווידוי פון א דאקטאר.

יידיש: א. צימערמאן.



פערלאג ש. גאלדפארב.

ווארשע. 192

איך האָב ערשט מיט זיבן יאָר צוריק געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט. דערפון קען זיך שוין דער לעזער פאָרשטעלן, וואָס פאַר א גאָטיצן דאָס זענען.

מיינע גאָטיצן זענען נישט קיין זכרונות פון אַן אַלטן, פּראַקטיצירטן דאָקטאָר, וועלכער פירט אונטער דעם סך הכּול פון זיינע לאַנגיעריקע איבערלעבונגען און געדאַנקען, וועלכער האָט זיך אויסגעאַרבעט געוויסע ענטפערן אויף אַלע פּאַרוויקלטע פראַגן פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, עטיק און פּראָפעסיע; דאָס זענען אויך נישט קיין זכרונות פון אַ מעדיצינער—אַ פילאָזאָף, וועלכער איז טיף אַריינגעדרונגען אינם תּוך פון דער וויסנשאַפט און האָט זי פולקאָם באַהערשט.

איך בין אַ מיטלמעסיקער דאָקטאָר, אַ דאָקטאָר ווי אַלע דאָקטוירים, וועלכע פּראַקטיצירן נישט לאַנג; מיין פאַרשטאַנד און די קענטעניסן זענען מיטלמעסיקע; איך שטרויכל מיך אָן ווידערשפּרעכונגען, איך בין נישט בכּוח צו לעזן פיל פראַגן, וועלכע שטייען פאַר מיר און פאָדערן אַ באַלדיקע לעזונג.

מיין איינציקער פאָרצוג איז אָבער דווקא דאָס, וואָס איך בין נאָך אַ יונגער דאָקטאָר, און די פּראָפעסיע האָט נאָך נישט באַ-

וויזן צו פאַרנעמען אַלע מיינע חושים, און וואָס די איינדרוקן, צו וועלכע מ׳וועט שפּעטער צוגעוווינט, שטייען פאַר מיר בולט, ווי ערשט איבערגעלעבטע.

איך וועל דאָ באַשרייבן, וואָס איך האָב געפילט, בשעת איך האָב מיך באַקאַנט מיט דער מעדיצין, וואָס איך האָב פון איר דער־וואַרט און וואָס זי האָט מיר געגעבן.

איך וועל שרייבן וועגן מיינע ערשטע זעלבסטשטענדיקע שריט אַלס דאָקטאָר און וועגן די איינדרוקן, וועלכע איך האָב אַרויסגעטראָגן פון דער פּראַקטיק.

איך וועל מיך באַמיִען צו שרייבן אַ ל ץ, נישט פאַרהוילן
גאָ ר נ י ש ט.

## I

אין גימנאַזיע בין איך געווען אַ גוטער שילער. דעם לימוד האָב איך אָבער צוגלייך מיט מיינע חברים פאַראַכטעט; איך האָב אים באַטראַכט ווי אַ שווערן, אומאָנגענעמען עול, וועלכן מען מוז צוליב עפּעס טראָגן; אינטערעסירט האָט מיך דער לימוד לגמרי נישט. אַ שטייגער: וואָס איז מיין עסק, ווען ס'איז אָנגעשריבן געוואָרן „דאָס וואָרט פון דניאל דעם נזיר", ווען זון עס איז געווען אָטאָ דער גרויסער, אָדער ווי עס וועט זיין די ליידנדע פאָרם פון persuadeo tibi? נישט אין שול האָט איך מיך אַנטוויקלט, נישט אין שול האָב איך דערוואָרבן די קענטענישן, וועלכע האָבן מיך אינטערעסירט.

ווי איך בין נאָר אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט, האָט זיך דאָס אַלץ געענדערט.

אויף די ערשטע צוויי קורסן פונם מעדיצינישן פאַקולטעט ווערן געלייענט טעאָרעטישע נאַטורוויסנשאַפטלעכע קעגנשטאַנדן: כעמיע, פיזיק, באָטאַניק, זאָאָלאָגיע, אַנאַטאָמיע, פיזיאָלאָגיע. די דאָזיקע וויסנשאַפטן האָבן מיך אינגאַנצן באַהערשט: איך בין אַזוי פיל נייס געוואויר געוואָרן מיט אַמאָל, אַז איך אַליין און אַלץ אַרום מיר האָט אויסגעזען אין מיינע אויגן גאָר אַנדערש ווי פריער.

דאָס אַלץ, אויף וואָס איך האָב פריִער געקוקט מיט אויגן פון אַ ווילדן מענטש, איז פאַר מיר איצט בולט און פאַרשטענדלעך געוואָרן, איך האָב מיך פשוט געוווּנדערט, ווי אַזוי איך האָב געקענט לעבן צוואַנציק יאָר און פון דעם אַלעם גאָרנישט וויסן.

יעדער טאָג, יעדער לעקציע האָט מיר געבראַכט נייע „אַנטדעקונגען"; איך בין דערשטוינט געוואָרן, ווען כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז דאָס זעלבע פלייש, וועלכעס איך עס אַלע טאָג אין דער פאָרם פון קאָטלעטן און ביפשטעקסן, איז דאָס, וואָס מען רופט אָן „מוסקולן", די זעלבע, וועלכע איך האָב מיר פאָרגעשטעלט אַלס גראָבע פעדעם און קנוילן; פריִער האָב איך אויך געמיינט, אַז די האַרטע שפייזן גייען אין די קישקעס אַריין און די שיטערע אין נירן אַריין; איך האָב געמיינט, אַז די ברוסט צעשפרייט זיך באַם אָטעמען דעריבער, ווייל אַן אומפאַרשטענדלעכע קראַפט שטופּט אין איר אַריין די לופט; איך האָב געוווּסט, אַז ס'זענען פאַרהאַן געזעצן, לויט וועלכע די ענערגיִע און דער שטאָף ווערן קיינמאָל נישט אויסגעשעפּט פון דער נאַטור, נאָר טיף אין האַרץ האָב איך דערין נישט געגלייבט.

שפּעטער ערשט האָב איך מיך איבערצייגט, אַז די מערהייט אַזוי גערופענע געבילדעטע מענטשן האָבן פּונקט אַזעלכע קינדערישע פאָרשטעלונגען פון אַלעם, וואָס איז אַרום זיי און דאָס אַרט זיי גאָרנישט. זיי וועלן רויט ווערן פאַר בושה, אויב זיי וועלן נישט קענען ענטפערן אויף דער פראַגע, אין וועלכן יאָרהונדערט לודוויג XIV האָט געלעבט, לייכט וועלן זיי זיך אָבער מודה זיין, אַז זיי ווייסן נישט, וואָס עס איז אַ טשאַד און פאַרוואָס פּאַספּאַר לייכט אין דער פינסטערניש.

וועגן אַנאַטאָמיע קומט אָפּטמאָל אויס צו הערן, אַז דאָס איז אַ שווערער, אומאָנגענעמער לימוד, ווייל מען מוז, כדי צו שטודירן אים, פּ־עפּאַרירן מתים. אייניקע חברים מיינע האָבן באמת

לאנג נישט געקענט צוגעוויינט ווערן צום אויסזען פון אנאטאמישן טעאטער, ווו עס ליגן אפגעשינדענע מתים מיט אויסגעשטשירעטע ציין, פארדרייטע, אויסגעקרומטע הענט און פארגלייזטע אויגן; איין סטודענט האט געמוזט צוליב דעם זעלבן אריבערגיין אויף אן אנדערן פאקולטעט; באנאכט האט זיך אים געחלומט, אז פארבלוטיקטע הענט, פיס און קעפ זענען צו אים געקראכן פון אלע ווינקלען.

איך בין אבער צו די מתים באלד צוגעוויינט געווארן און מיט פארגעניגן געזעסן באם פרעפארירן, וועלכעס האט פאר מיר אנטפלעקט אלע סודות פונם מענטשלעכן קערפער; זיבן, אכט חדשים האב איך מיט חשק געלערנט אנאטאמיע און במשך דער צייט האט זיך מיין בליק אויף מענטשן מאדנע געענדערט.

איך גיי אויף דער גאס, פאר מיר גייט איינער, ער זעט אויס ווי א לעבעדיקער מת: איצט איז בא אים פארקירצט געווארן די glutaeus maximus (א פוס־מוסקול), איצט די qadriceps femoris (אויך א פוס־מוסקול); דאס בערגעלע אויפן האלדז שטאמט פונם מוסקול sternocleidomastoideus; ער האט זיך אראפגעבויגן אויפצוהייבן דאס שטעקעלע האבן זיך בא אים פארקירצט די masculi recti abdominis (אזעלכע מוסקולן) און האבן צוגעצויגן דעם ברוסט־קאסטן צום געזעס־ביין.

מיינע באנטסטע, ליבסטע מענטשן האבן בא מיר באקומען אין די אויגן א טאפלטן אויסזען: אט דאס מיידל, — זי איז דאך אזוי שיין, אזוי וויל, אזוי אריגינעל, פונדעסטוועגן ווייס איך אלץ פון וואס זי באשטייט, און עס איז אין איר קיין שום אויסערגעווייטלעכס נישטא: זי האט די זעלבע געהירן, וואס אלע מתים, וועלכע איך האב געזען, אירע מוסקולן האבן דאס זעלבע פעטס אין זיך, וואס אלע ווייבערישע מתים, צוליב וועלכן עס איז זיי אזוי אומאנגענעם צו פרעפארירן; בכלל איז אין איר קיין שום צוציענדיקס, קיין שום פאעטיש נישטא.

א שטאַרקערן איינדרוק ווי די וויסנשאַפטן גופא האָט אויף מיר געמאַכט די מעטאָדע, וועלכע הערשט אין זיי.

די מעטאָדע פון די דאָזיקע וויסנשאַפטן האָט געפירט צו א ציל, נישט אָפּטרעטנדיק נישט לינקס, נישט רעכטס, פּאָרזיכטיק האָט זי געפירט פאָרויס; יעדער שריט איז קאָנטראָלירט געוואָרן דורך דערפאַרונג און פאָרשונג, קיין איין קלייניקייט איז נישט דורכגעלאָזט געוואָרן; און דאָס, וואָס איז דורכגעגאַנגען געוואָרן, וועט שוין קיינמאָל נישט אויסקומען נאָכאַמאָל דורכצוגיין, עס וועט שוין נישט אויסקומען צוריקצוגיין.

די מעטאָדע האָט געווירקט אויפן שכל דערפאַר, ווייל זי האָט נישט געהאַט קיין פנים פון א שול-לימוד, פון אַבסטראַקטער לאָגיק; יעדער פאַקט, יעדער אויסטייטשונג פונ׳ם פאַקט האָבן געחזרט בעקאַנס גאָלדענע ווערטער;

„Non fingendum aut excogitandum, sed inveniendum, quid natura faciat et ferat.“

(„נישט אויסטראַכטן, נישט אויסקלערן, נאָר זוכן, וואָס עס טוט און טראָגט מיט זיך די נאַטור“.)

מען האָט געמעגט נישט וויסן גאָר, אַז עס איז פאַרהאַן לאָגיק אויף דער וועלט, — די וויסנשאַפט האָט מיט מער דערפאָלג געוויזט צו פאַרשטיין אירע מעטאָדן ווי דער בעסטער טראַקטאַט וועגן מעטאָדן; די וויסנשאַפט האָט אַזוי אויסגעבילדעט דעם שכל, אַז ווייסמאַנס טעאָריע וועגן „אומאיבערייסלעכער זוימען-פּלאַזמע“ אָדער די טעאָריע פון זען האָבן זיך גלייך געוואָרפן אין די אויגן מיט זייער אומוויסנשאַפטלעכקייט; אַזוי אויך אַנדערע ענלעכע „טעאָריעס“.

אויפן צווייטן קורס זענען פאַרענדיקט געוואָרן די פאָרברייטנדיקע טעאָרעטישע קעגנשטאַנדן. איך האָב אויסגעהאַלטן א

האַלב-מעדיצינערישן עקזאַמען. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט אין די קליניקעס.

דאָ האָט זיך דער כאַראַקטער פונם לימוד שאַרף געענדערט. אָנשטאָט דער אַבסטראַקטער וויסנשאַפט איז אַרויסגערוקט געוואָרן אויפן ערשטן פּלאַן דער לעבעדיקער מענטש; די טעאָריע פון אָנצינדונג, די מיקראָסקאָפּישע פּרעפּאַראַטן פון געשווילעכצן און באַקטעריעס זענען פאַרביטן געוואָרן אויף אמתע ווונדן און קרעץ.

אַן אומענדלעכע ריי פון קראַנקע, צעקאַליעטשעטע, ליידנדע מענטשן האָט זיך געצויגן פאַר אונדזערע אויגן; קיין לייכט-קראַנקע נעמט מען אין קיין קליניק נישט אָן, — סאַמע שווערע, ערנסטע ליידן. איך האָב זיך פאַרוווּנדערט, איך בין פשוט נשתומם געוואָרן, זעענדיק די אומגעהייערע צאָל פאַרשידנאַרטיקע ליידן, וועלכע די נאַטור האָט פאַר אונדזערטוועגן אָנגעגרייט. די ליידן האָבן פשוט דעם אָטעם פאַרכאַפּט, בשעת מען האָט נאָר געקוקט אויף זיי.

ווי ס'האָבן זיך נאָר אָנגעהויבן די אַרבעטן אין די קליניקעס, האָט מען געבראַכט אין דער אָפּטיילונג פון די עלטערע קורסן אַ גערטנער, וועלכער האָט געהאַט די שרעקלעכע ערד-קרענק (פאַרשטיינערטקייט). מיר זענען אים געגאַנגען אָנקוקן.

אין זאַל האָט געהערשט אַ שטילקייט. דער קראַנקער — אַ פיער פון ריזיקער וווּקס, אַ פעסט-געבויטער, מיט אייזערנע מוסקולן — איז געלעגן אויפן בעט באַגאָסן מיט שווייס פון קאָפּ ביז די פיס, די ליפּן אויסגעקרומט פון שרעקלעכער ווייטיק; ער איז געלעגן מיטן פּנים אַרויף און געגלאָצט מיט די אויגן. יעדער מינדסטער גערויש, אַ קלאַפּ מיט דער טיר, דאָס קלינגען פון טראַמוויי אויף דער גאַס האָט אויפן קראַנקן געהאַט אַ געוואַלטיקע ווירקונג:

דער גאַנצער קערפּער האָט באַ איך אָנגעהויבן ציטערן, ער האָט באַקומען קאָנוווּלסיע, דער קאָפּ האָט זיך צורונטערגעבויגן, די באַקן האָבן זיך צוגעפּרעסט איינע צו דער אַנדערער, די ציין האָבן

געקריצט, אין פיבערהאַפטיקן קראַמף האָט ער זיך געהויבן פון בעט און צוריקגעפאַלן, שווימענדיק אין אַ טייך שווייס.

מיט צוויי וואָכן צוריק האָט דער קראַנקער געאַרבעט אין גאָרטן באָרוועסערהייט און זיך עפּעס אַריינגענומען אינם גראָבן פינגער פון פוס, און די דאָזיקע נישטיקע וווּנד האָט פון אים געמאַכט דאָס, וואָס איך האָב איצט געזען.

נישט נאָר דאָס איז שרעקלעך געווען, וואָס עס עקזיסטירן אַזעלכע יסורים, נאָך מער דאָס, ווי לייכט עס איז זיי צו באַקו־מען, אַז אפילו דער געזונטסטער מענטש איז נישט גאַראַנטירט פאַר זיי.

נאָך איין פאַקט: אַ שמייסער, אַ געזונטער יונג, האָט זיך אויסגעגליטשט און געפאַלן מיטן רוקן אויפן ראַנד פון אַ שעפל, — און אָט ליגט ער שוין בײַ אונדז אין ליניק דאָס זעקסטע יאָר די פיס הענגען אים נאָך ווי די שטעקנס, ער טוט אַלע נאַטירלע־כע באַדערפענישן אונטער זיך, ער איז הילפלאָז ווי אַ פיצל קינד, און אַזוי ליגט ער טעג, חדשים, יאָרן, ער ליגט ביז ווונדן אויפן לייב און קיין האָפנונג איז נישטאָ, אַז ער זאָל אַמאָל געזונט ווערן...

אָט ליגט אַן אַלטער אַקציזנער באַאַמטער מיט אַן אָנצינדונג פונם געזעס־נערוו; די יסורים האָבן אים ווילד געמאַכט און ער שרייט צום פּראָפעסאָר:

— פּאָדלעצעס, שווינדלערס זענט איר אַלע! דערהרגעט מיך, צו אַלדע טייוול, מער פאַרלאַנג איך נישט פון אייך!

אין אַ שיינעם זומער־אָוונט איז ער געזעסן אויף גראָז, וואָס איז באַדעקט געווען מיט טוי...

יעדער מינוט, אויף יעדן טריט און שריט לויערן אויף אונדז געפאַרן; ס׳איז נישט מעגלעך זיך צו באַשיצן פון זיי, ווייל צו

גרויס איז זייער צאָל, אַנטלויפן איז נישטאָ וווּהין — זיי געפינען זיך אומעטום.

אונדזער געזונט גופא איז נישט מער ווי אַ קאַמף מיט די די שעדלעכע ווירקונגען פון אינעווייניק און אויסנווייניק; בשעתן אָטעמען, בשעתן שלינגען, דרינגען צו אונדז אין קערפּער אַריין מיליאַרדן באַקטעריעס, אינם קערפּער בײַ אונדז ווערן כסדר געשאַפן די געפערלעכסטע סמען; אומבאַמערקט פירן אַלע כוחות פון אונדזער אָרגאַניזם אַ געוואַלטיקן קאַמף מיט די שעדלעכע שטאָפן און ווירקונגען און מיר קענען קיינמאָל נישט זיכער זיין מיט אונדזער געזונט, עס קען מעגלעך זיין, אַז פּונקט אין דער מינוט האָט דעם אָרגאַניזם פאַרפעלט כוחות און אונדזער שפּיל איז געענדיקט, מיר האָבן פאַרשפּילט! דאַמאָלס ווערט פון אַ קליינעם קראַץ אַ רויז, אַ גאַנגרענע, פון אַ מינדסטן קלאַפּ ווערט אַ סאַרקאָמע, אָדער אַ ראַק, פון אַ לייכטן בראָנכיט מאַכט זיך שווינדזיכט...

כדי אַ קרענק זאָל באמת ווערן אַ „צופאַל", מוזן מיר האָבן אומגעווינטלעכע אומשטענדן, בײַ די איצטיקע אומשטענדן אָבער איז יעדערער קראַנק: די אָרימע פון דער נויט, די רייכע — פון ווילטאָג, די אַרבעטנדיקע — פון אָנשטרענגונג, די ליידיקגייער — פון פוסטקייט, די אומפאָרזיכטיקע — פון דער אומפאָרזיכטיקייט, די פאָרזיכטיקע — פון דער פאָרזיכטיקייט.

אין אַלע מענטשן אַרבעט די צעשטערונגס־קראַפט פון דער יוגנט אָן, דער אָרגאַניזם הייבט אָן פוילן, ווען ער האָט זיך נאָך נישט באַוויזן צו אַנטוויקלען.

אין באָסטאָן זענען בײַ פיר טויזנט שילער באַטראַכט געוואָרן די ציין, — ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז געזונטע ציין בײַ קינדער, וואָס זענען עלטער פון 10 יאָר, זענען אַן אויסנאַם. אין בייערן זענען צווישן פינף הונדערט שילער פון פאָלקס־שולן געפו-

נען געוואָרן נישט מער ווי ד״ר י׳ שילער מיט לגמרי געזונטע ציין.

ד״ר באַבעס האָט אין בודאַפּעסטער שפּיטאָל געפּאַלמעסט הונ־דערטס קערפּערלעך פון קינדער, וואָס זענען געשטאָרבן אויף פאַר־שידענע נישט־טובערקולאָזישע קרענק און בא 74 פון זיי זענען אין די בראָנכן־דריזן געפונען געוואָרן טובערקולאָז־שטעקעלעך.

קינדער אפילו שטייען אויף אינדערפרי מיט טריפנדיקע, „פאַרשלאָפענע״ אייגעלעך; קינדער אפילו ליידן אויף אַ כראָנישן קאַטאַר, קיינעם וואָלט אָבער נישט איינגעפאַלן, אַז אַ נאָרמאַלער מענטש דאַרף לחלוטין קיין נאָז־טיכל נישט באַנוצן.

פון דערוואַקסענע פרויען איז שוין אָפּגערעדט, זיי זענען דאָך נאָרמאַל, פיזיאָלאָגיש פאַראורטיילט צו קרענקען עטלעכע טעג אין חודש.

איך האָב זיך צוגעקוקט צו די אַרומיקע מענטשן מיט אַ ביי־געפיל, מיך האָט איבעראַשט דאָס, וואָס יעדער פון זיי האָט עפּעס אַ קרענק און וואָס ס׳זענען פאַרהאַן צווישן זיי אַזוי ווייניק געזונטע מענטשן.

די וועלט האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט ווי איין אומגעהייער־גרויס שפּיטאָל. וואָס אַ מאָל איז מיר קלאָרער געוואָרן, אַז אַ גע־זונטער מענטש איז אַ גליקלעכע אָפּווענדונג פון דער אַלגעמיינער נאָרמע און אַז אַ קראַנקער איז אַ נאָרמאַלער מענטש.

ווען איך האָב אָנגעהויבן לערנען טעאָרעטישע אַקושעריע און האָב נאָר אויפגעעפנט דאָס בוך, בין איך דערביי אָפּגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט: כ׳האָב זיך דערפון נישט געקענט אָפּרייסן; פאַר מיר האָט זיך אויפגעוויקלט דער „נאָרמאַלער״, „פיזיאָלאָגישער״ פּראָ־צעס פון געבוירן. די בויך־אָרגאַנען, וועלכע זענען צעקוועטשט און צעקנייטשט פון דער הויבמוטער, די טיפּישע ווייען פון אַ געווינערין, דער שרעקלעכער וועג, וועלכן דאָס קינד גייט דורך, די געוואַל־

טיקע נישט-סימעטרישקייט פון די סובסטאַנצן, — דאָ איז אַלץ אַזוי שרעקלעך-אומנאָרמאַל, אַזש ביז די קנייטשן אויפן בויך, לויט וועלכע ס'איז לייכט צו דערקענען אַ פרוי, וועלכע איז כאָטש איין מאָל אַ געווינערין געווען...

איך געדענק נאָך פונקט ווי היינט דאָס ערשטע געבוירן, וועלכעס איך האָב בייגעוווינט. די געווינערין איז געווען אַ יונגע פרוי פון אַ פאָסט-באַאַמטן, דאָס איז געווען דאָס צווייטע מאָל בײַ איר. זי איז געלעגן מיטן פנים אַרויף, דער גרויסער בויך איז בײַ איר אויפגעדעקט געווען, די הענט אָנמעכטיק צעוואָרפן, אויפן שטערן זענען אַרויסגעקומען קליינע טראָפּנס שווייס. בשעת די ווייען האָבן זי אָנגעכאַפּט, האָט זי צעשפּרייט די קני׳ען און צוזאַמענגעפּרעסט די ציין, זי האָט זיך באַמיט איינצוהאַלטן די קרעכצן און האָט פאַרט געקרעכצט.

— נו, מאַדאַם, זייט געדולדיק אַביסל, — האָט דער אַסיסטענט קאַלטבלוטיק געזאָגט.

אומענדלעך לאַנג איז געווען די נאַכט. די געווינערין האָט זיך שוין נישט איינגעהאַלטן, זי האָט געקרעכצט, געשריגן, געוויינט און געבראָכן די פינגער; אירע קרעכצן האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אין קאָרידאָר און פאַרשווונדן ערגעץ ווייט אונטערן באַלקן.

נאָכדעם ווי די ווייען האָבן אַביסל נאָכגעלאָזט, האָט די קראַנקע אָנגעכאַפּט דעם אַסיסטענט בײַ דער האַנט און געקוקט אויף אים מיט רחמנות-בעטנדיקע אויגן אויפן אויסגעמוטשעטן פנים.

— ה' דאָקטאָר, זאָגט, איך וועל נישט שטאַרבן? — האָט זי אים געפרעגט.

אינדערפרי איז איר מאַן געקומען אין קליניק אַריין. ער איז געווען דערשראָקן און צערודערט.

איך האָב אויף אים געקוקט מיט אַ שווער, פיינטלעך געפיל: דאָס צווייטע קינד איז עס בײַ זיי, — הייסט דאָך, אַז ער האָט

געוויסט פון די אַלע יסורים, וואָס שטייען פאַר זיין פרוי, פונ־דעסטוועגן איז ער ווידער דערויף געגאַנגען...

ערשט שפּעט אין אָוונט האָט זיך דאָס געבוירן דערנענטערט צום סוף. עס האָט זיך באַוויזן דאָס קעפּל, דער גאַנצער קערפּער פון דער געווינערן האָט געמאַכט געוואַלטיקע אָנשטרענגונגען אַרויסצוּוואַרפן פון זיך דאָס קינד. עס איז ענדלעך אַרויס מיט אַ בלוטיקן געשווילעכץ אויפן קאָפּ, מיט אַ לאַנגן, אומנאַטירלעכן שאַרבן. די געווינערין איז געלעגן, שווימענדיק אין בלוט, מיט אַ איבערגעריסענעם שטח צווישן די פוס.

— דאָס איז געווען אַ לייכט און ווייניק אינטערעסאַנט געבוירן, — האָט געזאָגט דער אסיסטענט.

אָבער „נאָרמאַל" איז עס געווען!... און דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן דעם, וואָס די „ציוויליזאַציע" האָט שווערער געמאַכט דאָס געבוירן; שטענדיק האָבן פרויען געבוירן אין שווערע ליידן, אין די גאָר אַלטע צייטן אַפילו האָט דער מענטש אַנדערש נישט געקענט פאַרשטיין די שווערקייט פון געבוירן, נאָר אַלס אַ קללה פון גאָט.

די אַלע איינדריקן האָבן זיך איינס נאָכן אַנדערן געלייגט אויפן האַרץ, די פאַרבן זענען געוואָרן וואָס אַמאָל שוואַרצער.

איינמאָל האָב איך מיך אויפגעכאַפּט אינמיטן דער נאַכט. ס'האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך בין געגאַנגען איבער אַ שמאָל, פינסטער געסל; אַ קאַרעטע איז אויף מיר פּלוצלינג אָנגעפאָרן דער דישעל איז מיר אַרויף אויף אַ זייט און איך האָב פונם קלאַפּ באַקומען פּניימאָטאָראַקס.

איך האָב מיך אויפגעזעצט אויפן בעט. אַ בלייכע נאַכט האָט געקוקט אין פענסטער אַריין; דער ווענטילאַטאָר האָט איבער־געריבן דאָס שמירעכץ און האָט געכריפּעט און געפּייפט, צעשטריי־

ענדיק די שטילקייט; פון דער קיך האָט זיך דערטראָגן דאָס גע-וויין פון דער באַלעבאָסטעס קראַנקן קינד.

פאַר מיר איז פּלוצלינג אויפגעשטאַנען אַלץ, וואָס איך האָב געזען און איבערגעטראַכט די לעצטע צייט: דער מענטש איז דאָך אַזוי ווייניק פאַרזיכערט קעגן צופעליקייטן, זיין געזונט הענגט דאָך אויף אַזאַ דין הערעלע! איך בין פאַרציטערט געוואָרן. געזונט, נאָר געזונט, אָן דעם געזונט איז דער מענטש מער ווי אומגליקלעך, ער ווערט אומבאַהאָלפן, ער ווערט אַ קנעכט פון די אומשטענדן, און דער אומגעבונג; אָן דעם געזונט איז פרייהייט אַן אוממעג-לעכע זאַך, — ווי שווער איז אָבער דאָס געזונט אָפּצוהיטן, צו דערהאַלטן עס? מ'וואָלט געדאַרפט דאָס גאַנצע לעבן, אַלע כוחות אַוועקלייגן דערויף, מאַכן עס פאַר אַ ציל פונם לעבן... און ווען מ'זאָל אַזוי טון, איז זיך דען מעגלעך אויסצוהיטן? און צי פאַרלירט מען דען נישט אַזוי אַרום די געוווינהייט צוצו-פּאַסן זיך צו אַלע אומשטענדן? אַ פויגל שלאָפט אונטערן רעגן, ער ווערט דורך און דורך נאַס און עס שאַדט אים גאָרנישט, אַ מענטש וואָלט באַ אַזעלכע באַדינגונגען באַ... אַ שטערבלעכע פאַרקילונג.

איז זיך דען גאָר מעגלעך אָפּצוהיטן, אַז מיר האָבן קיין שום אַנונג נישט, פון וואָס עס מאַכט זיך אַ ראַק, אַ סאַרקאָמע, די מערהייט נערוון-קראַנקהייטן, צוקער-קרענק, די מערהייט הויט-קראַנקהייטן? כ'זאָל מיך ווי שטאַרק אָפּהיטן, קען איך מיך נישט באַוואָרענען פון באַקומען אַ שטייגער pemphigo foliaceo; די קרענק איז אַזעלכע: די הויט ווערט באַדעקט מיט פוילע בלאָטערן און פּעכערס, זיי פּלאַצן און אַנטפּלעקן דעם אונטערהויטיקן שטח, די וווּנדן פאַרוואַקסן שוין קיינמאָל נישט און דער קראַנקער קען נישט זיצן, נישט ליגן, ווייל באַ דער מינדסטער באַוועגונג ברענט אים דאָס לייב ווי אַ פייער. איר זאָגט ס'איז גאָריש דערפון

...ן טראַכטן, אָבער דער קראַנקער? אויף pemphigns, וועלכן איך האָב די טעג געזען אין שפּיטאָל, האָט אויך מיט אַ האַלב יאָר צוריק נישט געטראַכט דערפון, ער איז פולקאָם געזונט געווען, — דאָס אומגליק אָבער האָט אויף אים געלויערט!

מיט קיין איינציקער שעה געזונט זענען מיר נישט זיכער. און לעבן ווילט זיך, ס'ווילט זיך גליקלעך זיין, — ס'איז אָבער אוממעגלעך...

צו וואָס טויג די ליבע, מיטן גליק, מיט דער פּאָעזיע? צו וואָס טויג די ליבע, אַז פון איר האָט מען אַזוי פיל יסורים? ליידן, יסורים אָן אַ ברעג, אָן אַ מאָס, דאָס איז דאָס מענטשלעכע לעבן...

אין קורצן האָבן זיך מיר די ליידן פאַרגעשטעלט אין אַ רעאַלער פאָרם.

איך האָב אונטערן אָרעם פון דער לינקער האַנט אַ ווערצעלע; פלוצלינג, פון דער העלער הויט, עס הייבט אָן וואַקסן און ווי טון; איך האָב מורא געהאַט צו קלערן דערפון, ס'איז אָבער געוואָרן מיט יעדן טאָג גרעסער און ס'האָט שטאַרקער וויי געטון. ס'איז געוואָרן אַזוי גרויס ווי אַ וועלטשענע נוס. בא מיר איז קיין ספק נישט געווען, אַז פונם ווערצעלע האָט זיך געמאַכט אַ סאַרקאָמע, די שרעקלעכע מעלאַנאָ-סאַרקאָמע, וועלכע מאַכט זיך טאַקע פון אומשולדיקע ווערצעלעך. איך בין געגאַנגען צו אונדזער פראָפעסאָר-כירורג אויף אַ וויזיט. איך בין צו אים געגאַנגען אַזוי ווי אויף דער תליה אַרויף.

— ה' פראָפעסאָר, מיר דאַכט זיך... איך האָב אויף דער האַנט... אַ סאַרקאָמע, — האָב איך געזאָגט מיט אַ ציטערדיק קול.

— דער פראָפעסאָר האָט מיך אויפמערקזאַם אָנגעקוקט.

— איר זענט אַ מעדיק פון דריטן קורס? — האָט ער מיך געפרעגט.

— יאָ.

— ווייזט נאָר אייער סאַרקאַמע.

איך האָב מיך אויסגעטון, דער פּראָפעסאָר האָט אָפּגעשניטן מיט אַ שערל דאָס דינע פּיסעלע, אויף וועלכן עס האָט זיך געהאַלטן דאָס געשווילעכץ.

— איר האָט זיך אָנגעריבן דאָס ווערצעלע מיטן אַרבל, מער גאָרנישט. נעמט אייך צום אָנדענקען אייער סאַרקאַמע, — האָט ער גוטמוטיק געזאָגט און מיר דערלאַנגט אַ קליין שטיקעלע פליש.

אַ פאַרשעמטער און אַ פריידיקער בין איך אַרויסגעגאַנגען איך האָב אינערלעך געלאַכט פון זיך אַליין פאַר מיין קינדישקייט.

עס איז אָבער פאַרביי אַ קליינע צייט און איך האָב באַמערקט, אַז איך ווער ווידער קראַנק: איך ווער זייער שוואַך, פויל צו דער אַרבעט, קיין אַפּעטיט האָב איך נישט, עס מוטשעט מיך אַ שטענדיקע דורשט; איך הייב אָן ביסלעכווייז אָפּפאַלן פון לייב, איך באַקום אויף פאַרשידענע ערטער בלאָטערן מיט געשווירן, איך באַמערק אייך אַ שטאַרקן אורינען־אָפּפלוס. איך אַנאַליזיר די אורינען אויף צוקער, — נישטאָ קיין צוקער. אַלע סימפּטאָמען ווייזן אויף דער שרעקלעכער קרענק díabetes insipidus. מיט אַ שווער געמיט נעם איך לייענען אין שטרימפּעלס לערבוך דאָס קאַפּיטל וועגן דער קרענק:

„די סיבות פון דער קרענק זענען אומבאַוווּסט... די מערהייט קראַנקע זענען יונגע־לייט, מאַנספּערזאָנען מער ווי פרויען... די דאָזיקע קרענק און צוקער־קרענק האָבן אַ קרובהשאַפט צווישן זיך... די קרענק קען זיך ציִען צענדליקער יאָרן; אויסהיילן זיך פון איר איז אוממעגלעך"...

איך בין געגאַנגען צום פּראָפעסאָר פון אינערלעכע קראַנקהייטן. איך האָב אים נישט אַרויסגעזאָגט מיינע השערות, נאָר פשוט איבערגעגעבן אַלץ, וואָס מיט מיר קומט פאָר, וואָס לענגער איך

האָב דערציילט, אַלץ מער האָט זיך דער פּראָפעסאָר געכמורעט.
— איר מיינט, אַז איר זענט קראַנק אויף דיאַבעטע, — האָט ער מיר פּלוצלינג איבערגעשלאָגן די רייד; — זייער שיין פון איי־ער זייט, וואָס איר לערנט אַזוי פלייסיק שטירפּמעלן, איר האָט קיין איין סימפּטאָם חלילה נישט פאַרגעסן. איך ווינטש אייך, אַז איר זאָלט נישט ערגער ענטפערן אויפן עקזאַמען וועגן דער דיאַבעטע. רייכערט אַ ביסל ווייניקער, עסט מער, איר דאַרפט האָבן אַ ביסל מער באַוועגונג, און דער עיקר שלאָגט אייך אַרויס פון קאָפּ די דיאַבעטע.

II

מיר האָבן אָנגעהויבן שטודירן די ליידן פון לעבעדיקע מענטשן. ס׳איז שווער געווען אַפילו צו קוקן אויף די ליידן, ס׳איז אומדערטרעגלעך שווער געווען צו שטודירן די ליידן, די יסורים פון לעבעדיקע מענטשן.

מען דעמאָנסטרירט פאַר אונדז אַ קראַנקן אויף אַ האַרץ-פּעלער, בײַ וועלכן די פּלייצע איז אויסגעלענקט: מ׳דאַרף אים די פּלייצע צוריק אַרײַנפּראַווען אויפן ריכטיקן אָרט, אָבער מען טאָר אים נישט כלאָראָפאָרמירן איבערן האַרץ-פעלער. צוויי פעלדשערס האַלטן צו דעם קראַנקן און דער אַסיסטענט פּראַוועט אים אַרײַן די פּלייצע; ער מאַכט געוואַלטן; מיר מוזן אָבער אײַן זיך שטיקן דאָס רחמנות-געפיל, נישט הערן דעם קראַנקנס יללות, נישט זען די קאָנוואולסיעס פונם קערפּער, — מיר דאַרפן זיך רויק, אויפמערקזאַם צוקוקן צו דעם אַסיסטענטס באַוועגונגען, מ׳דאַרף זיך אויסלערנען אַרײַנפּראַווען אַן אויסגעלענקטן אבר.

אין אָנהייב קומט עס אָן שווער, מ׳קען נישט קאָנצענטרירן די אויפמערקזאַמקייט אויף דעם, וואָס מ׳דאַרף שטודירן; מען מוז זיך אַליין אײַנרעדן, אַז נישט מיר טוט ווײ, אַז איך בין פּולקאָם געזונט, אַז ווײ טוט גאָר אַן אַנדערן. די טייכן בלוט בײַ

די אָפּעראַציעס, די קרעכצן פון די געווינערינס, די קאָנוואָלסיִעס פון די עפּילעפּטיקער — דאָס אַלץ האָט אין אָנהייב זייער געווירקט אויף די נערוון און געשטערט דעם שטודיום; מ׳האָט געדאַרפט דערצו געוווינט ווערן.

די געוווינהייט באַקומט מען אָבער זייער גיך, איך ווייס נישט פון קיין איין מעדיק, וועלכער זאָל זיך האָבן אָפּגעזאָגט פון שטודירן מעדיצין צוליב דעם, ווייל ער קען נישט צוקוקן די יסורים פון די קראַנקע; צו דעם געוווינט מען זיך צו אַ סך גיכער, ווי צו פּרעפּאַרירן טויטע קערפּערס.

און ס׳איז גלייך אַזוי, ווייל די פאַרהעלטנישמעסיקע אכזריות־דיקייט איז אומבאַדינגט נייטיק; וועגן דעם קענען גאָר קיין צוויי מיינונגען נישט זיין. נאָר אינם מעדיצינישן שטודיום איז פאַראַן נאָך איין זייט, וועלכע איז אַ סך שווערער און קאָמפּליצירטער, אין דערדאָזיקער זייט פונם שטודיום זענען דאָ פיל פראַגן, וועלכע מוזן גע־לעזט ווערן, וועלכע מען טאָר נישט אָפּפטרן מיט אַ פראַזע.

מיר שטודירן אויף קראַנקע; צו דעם ציל ווערן זיי אַריינגע־נומען אין די קליניקעס; אויב ס׳מאַכט זיך, אַז אַ קראַנקער לאָזט זיך נישט דעמאָנסטרירן, לאָזט זיך נישט באַטראַכטן דורך די סטו־דענטן, וואַרפט מען אים תיכּף אַרויס פון דער קליניק; די אונ־טערזוכונגען און דעמאָנסטראַציעס זענען אָבער פאַר די קראַנקע נישט אינגאַנצן אומשעדלעך.

מען באַמיט זיך דעם קראַנקן נישט צו שאָדן? נישט שטענ־דיק איז עס אָבער מעגלעך, ווייל עס מאַכט זיך אַמאָל, אַז די קרענק, פון וועלכער דער מענטש ליידט, איז אַ זעלטענע, אַ באַלערנ־דע, מיטשעט מען אים זייער מיט די אָפטע אונטערזוכונגען און דעמאָנסטראַציעס; עס מאַכט זיך אויך, אַז אין דער קליניק פאַר־פעלט קראַנקן־מאַטעריאַל, דאָס טרעפט זיך אָפט אַפילו אין די גרויסע אוניווערסיטעט־שטעט.

אזוי דערציילט פראָפעסאָר אייכוואַלד, אַז די 70־קער יאָרן פונ׳ם פאַריקן יאָרהונדערט האָט די ערשטע אָפּטיילונג פאַר אינערלעכע קרענק אין דער קליניק באַם פּעטערבורגער אוניווער־זיטעט געדינט מיט סטודיום־מאַטעריאַל פאַר די סטודענטן פון דריטן און פינפטן קורס און פאַר די שטודירנדע פרויען; „דאָס איז נאַטירלעך געווען שווער פאַר די קראַנקע, וועלכע האָבן זיך באַקלאָגט, אַז זייער געזונט פאַרערגערט זיך צוליב די צו אָפטע דעמאָנ־סטראַציעס, צוליב דעם זעלבן טעם האָבן אַפילו פיל קראַנקע גע־פאָדערט, אַז מען זאָל זיי אויסשרייבן פון דער קליניק".

אָנערקענען מוז מען אָבער, אַז אַזעלכע פאַקטן טרעפן זיך זעלטן; באַ די אונטערזוכונגען באַמיט מען זיך דעם קראַנקן נישט שטאַרק צו מוטשען און קיין שאָדן נישט צו מאַכן.

ס׳האַנדלט זיך דאָ אָבער נישט נאָר וועגן דירעקטן שאָדן!

מיר קומט אויפן זכרון אַ בילד: מיר, סטודענטן, מיט סטע־רעאָסקאָפּן אין די הענט שטייען אַרום דעם אַסיסטענט, וועלכער דעמאָנסטרירט פאר אונדז אַ שווינדזיכטיקן מיט אַן אַמפאָרישן אָטעם. אין זאַל הערשט אַ פאַרנאַכטיקע שטילקייט: דער קראַנקער, אין דער לעצטער סטאַדיע שווינדזיכט, אָטעמט שווער, מיט לאַנגע פויזעס; זיין פנים איז בלוי און שרעקלעך אויסגעמאָגערט, די אויגן קוקן אויף איין פונקט אין באַלקן, ער ליידט שרעקלעך, מיט קיין איין קרעכץ, מיט קיין איין זיפץ ווייזט ער אָבער נישט אַרויס זיינע ליידן, — מען זעט אינעם אויסדרוק פון זיין פנים, אַז ער האָט די ליידן טיף פאַרשלאָסן אין זיך, אַז קיינער זאָל פון זיי נישט וויסן. דער אַסיסטענט דערקלערט:

— אויב איר וועט צולייגן דעם סטערעאָסקאָפּ צום קראַנקנס ברוסט און דערלעבן קלאַפּן מיטן העמערל איבערן פּלעסימעטער, וועט איר הערן אַ דייטלעכן מעטאַלישן קלאַנג, וועלכער ווערט גערופן „אַמפאָרישער"... קאָלעגע, פּרוּווט! — ווענדט ער זיך צו

אַ סטודענט און ווייזט אָן אויפֿן קראַנקן — נו, ליבענקער, דריי דיך נאָר איבער אויף אַ זייט!... הייב דיך אויף! זעץ דיך!...

עס רייסט די אויגן דער קאָנטראַסט צווישן די איינזאַמע ליידן פֿון איין זייט, און דעם גלייכגילטיקן שטודירן די זעלבע ליידן פֿון דער צווייטער זייט; עמעץ אַנדערש פֿילט אפֿשר נישט דעם קאָנטראַסט, דער קראַנקער פֿילט אים אָבער זייער שטאַרק.

און דווקא אויף די שווער־קראַנקע ווירקן זייער שלעכט די אונטערזוכונגען נישט מיט היילן־צילן. דאָס באַווייזט אַמבעסטן דער פֿאַקט, וואָס מער־ווייניקער פֿאַרמעגלעכע מענטשן ווילן נישט אָנקומען אין קיין קליניקעס, זיי היילן זיך אינדערהיים, אָדער אין פּריוואַטע שפּיטאָלן, כאָטש אין דער קליניק קענען זיי באַקומען מער באַקוועמלעכקייטן אין אַלע הינזיכטן; דאָס איז אַ בולטער באַווייז, אַז איבער די אונטערזוכונגען דורך סטודענטן און דעמאָנסטראַציעס וויל די געזעלשאַפֿט נישט אָנקומען אין די קליניקעס. דער דורכשניטלעכער מענטש פֿילט איינפֿאַך אַן עקל צו די אונטערזוכונגען, וועלכע האָבן קיין שום נוצן נישט פֿאַרן קראַנקן.

אין יאָר 1878 איז געגרינדעט געוואָרן בײַ דער כירורגישער אַקאַדעמיע אַ קאָמיסיע צו שאַפֿן מיטלען צום פֿאַרגרעסערן דאָס קראַנקן־מאַטעריאַל אין קליניש שפּיטאָל. צווישן אַנדערן האָט די קאָמיסיע פֿאָרגעשלאָגן צו פֿאַרגרעסערן די צאָל אומזיסטע ערטער; „די געצאָלטע ערטער, האָט די קאָמיסיע דערקלערט, זענען נישט פּראַקטיש, ווייל פֿאַרמעגלעכע מענטשן היילן זיך נישט אין די קליניקעס אויס מורא, אַז די אונטערזוכונגען פֿון די סטודענטן זאָלן זיי באַאומרויִקן". אין יאָר 1880 האָט די קאָנפֿערענץ זיך אָנגעהויבן משתדל זיין, אַז די צאָל אומזיסטע ערטער זאָל פֿאַרגרעסערט ווערן, פֿאַרופֿנדיק זיך דערויף, אַז „די געצאָלטע ערטער זענען אַ גאַנץ יאָר נישט פֿאַרנומען".

די אומזיסטע ערטער וועלן שוין שטענדיק זיין פֿאַרפֿולט,

דאָס וועט שוין זיכער באַזאָרגן די אַלמעכטיקע קעניגין־נויט...

מ׳וועט אפשר זאָגן, אַז דער שאָדן פון די אָפטע אונטערזוכונגען איז אַזאַ קליינער, דערפאַר אָבער היילן זיך די קראַנקע אין דער קליניק אומזיסט, זיי באַקומען רפואות, עסן אָן שום געצאָלטס? יאָ, אָבער די רייכע האָבן דאָך דאָס אַלץ אָן די אונטערזוכונגען, אָן די אַלע אומשעדלעכע אומאָנגענעמלעכקייטן!

איך האָב מיר נישט איינמאָל געשטעלט די פראַגע, וואָס וואָלט געוואָרן פונם מעדיצינישן לימוד, ווען די גאַנצע וועלט זאָל פלוצלינג ווערן רייך, ווען יעדער מענטש זאָל זיין פאַרמעגלעך?

עס וואָלט גאַנץ שלעכט געווען; שוין איצט אַפילו פרווון די קראַנקע, אַפילו די אָרעמע, צו באַשיצן זיך קעגן די אונטערזוכונגען אין די קליניקעס, וועלכע ברענגען נאָר שאָדן דעם קראַנקן.

צבשפ. אין יאָר 1893 האָבן די בערלינער אַרבעטער־קאַסעס געמאַכט אַ שטרייק קעגן דעם שפּיטאָל „שאַריטע" און אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען, אין וועלכע עס ווערט געזאָגט, אַז „די קראַנקע זאָלן האָבן פולע פרייהייט, זיי זאָלן מעגן באַשטיין אָדער נישט באַשטיין אויף די אונטערזוכונגען מיט שטודיום-ציוועקן".

ווען אומעטום זאָל איינגעפירט ווערן אַזאַ פרייהייט, וואָלטן פיל קראַנקע געענטפערט: „לאָזט אונדז צורו; מיר פאַרשטייען גאַנץ גוט, אַז דאָס איז נייטיק פאַר דער וויסנשאַפט, מיר טוט אָבער וויי און מיין קאָפּ איז נישט איצט צו דער וויסנשאַפט".

און ווען דער קראַנקער שטאַרבט, לאָזט מען אים אויך נישט צורו. דאָס שפּיטאָל האָט אויף אים רעכט בײַ זיין לעבן און פאַרלירט זיי נישט אַפילו נאָך זיין טויט: ווער עס שטאַרבט אין אוניווערסיטעט־שפּיטאָל, מוז געפאַלמעסט ווערן.

יעדן טאָג קען מען זען בײַם אַריינגאַנג און אין קאָרידאָר פון דער קליניק צענדליקער פרויען, וועלכע קומען בעטן, מ׳זאָל

זייערע נאָנטע אָפּגעבן אומגעפּאַלמעסט. ס׳קומט אָפּט אויס צו זען רירנדע סצענעס: ס׳קומען בעטן מוטערס, ווייבער, קינדער... זייערע בקשות ווערן נאַטירלעך נישט דערפילט; זיי בעטן דעם אַסיסטענט, דעם פּראָפעסאָר, — ס׳העלפט אָבער גאָרנישט. זיי טענהן:

— ער איז דאָך געשטאָרבן פון אַן איינפאַכער קרענק, צו וואָס־זשע דאַרף מען אים נאָכן טויט שניידן?

זיי באַקומען אָבער אומעטום אַ קאַטעגאָרישן אָפּזאָג: פּאַל־מעסן מוז מען, אָן דעם האָט דער לימוד אין דער קליניק קיין שום זין נישט. פאַר דער מוטער איז אָבער דאָס פּאַלמעסן איר קינד פונקט אַזאַ גרויס אומגליק ווי זיין טויט גופא; אפילו אינטע־ליגענטע מענטשן זענען זייער נישט צופרידן, ווען מ׳פּאַלמעסט זייערס אַ נאָנטן, בפרט אָרימע לייט, וועלכע פאַרשטייען נישט דעם נוצן, וואָס די מעדיצין האָט דערפון. בײַ זיי זעט אויס דאָס פּאַל־מעסן ווי עפּעס שרעקלעכס.

נישט איינמאָל האָב איך געזען, ווי אַ פאַבריק־אַרבעטערין, וועלכע פאַרדינט פערציק קאָפּעקעס אַ טאָג, האָט געשטופּט דעם אַסיסטענט אין דער האַנט אַריין אַ דריירובלדיק פּאַפּירל, פּרוווּ־דיק אים אונטערצוקויפן און ראַטעווען איר געשטאָרבן קינד פון „שענדן".

ס׳איז אמת, אַז אַזאַ באַציִונג צום פּאַלמעסן איז אַ נאַריש־קייט, נאָר דער מוטער איז דערפון נישט לייכטער.

ס׳קומט אויפן זין דער ווײ־געשריי פון ניעקראַסאָווס טימאָ־פעיעווגאַ איבער איר געשטאָרבענעם קינד דיאָמושקאַ:

„איך האָב קיין טענות נישט,
וואָס גאָט האָט צוגענומען ס׳עופעלע,
עס טוט נאָר וויי, פאַרוואָס
זיי האָבן עס געשענדט?

פאַרוואָס האָבן זיי ווי שוואַרצע קראָען
זיין לייב דאָס ווייסע
אויף שטיקעלעך צעריסן?...
צי העט נישט גאָט און נישט דער קייזער
איינשטעלן זיך פאַר מיר?..."

איינמאָל, זומער בין איך געווען באַם פּאָלמעסן אַ מיידעלע. די חברים זענען זיך צעפאָרן אַהיים אויף וואַקאַציע, — געבליבן זענען נאָר דער אָרדינאַטאָר און איך. אַ הויכער באַדינער מיט אַ שוואַרצער באָרד האָט אויפגעשניטן דאָס קערפּערל און אַרויסגענומען די געדערים. די געשטאָרבענע איז געלעגן אויפן טיש, דער קאָפּ פאַרוואָרפן אַרונטער, דער אָפענער בויך האָט געסטאַרטשעט מיטן ברייטן פאַרבלוטיקטן לאָך; אויפן ווייסן מאַרמאָר זענען אין קאַלוזשעס בלוט געלעגן די געדערים. דער פּראָזעקטאָר האָט אויף אַ ברעטעלע אויפגעשניטן די רעכטע לונג.

— וואָס טוט איר דאָ, אַ? — האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ פאַרשטיקט קול.

אויף דער שוועל איז געשטאַנען אַ מענטש אין אַ קורץ רעקל, מיט אַ געל בערדל; זיין פּנים איז געווען בלאַס און אויסגעקרומט פון טויט-שרעק; ער האָט געוואָלט אַריינגיין אין טויטן-שטיבל אָבער די געשטאָרבענע און איז על פּי טעות אַריין אין סעקציע-זאַל.

— וואָס טוט איר דאָ, מערדערס?! — האָט ער אויסגעשריגן, טרייסלענדיק זיך און אויפשטעלנדיק אויף אונדז אַ פּאָר גרויסע אויגן פול מיט שרעק און פאַרצווייפלונג.

דער פּראָזעקטאָר האָט זיך דערשראָקן און אויסגעגלאָצט די אויגן אויפן אומגעריכטן גאַסט, דאָס פאַרבלוטיקטע מעסער איז אים אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט. דער באַדינער איז אַקעגנגעלאָפן דעם אומגליקלעכן פאָטער.

— גיי שוין, גיי! וואָס ווילסטו דאָ? — האָט אים דער באַ-דינער געפרעגט.

— איר שניידט דאָ קינדער?! — האָט יענער אויסגעשריגן מיט אַ וואָיענדיק קול און פּיבערהאַפּטיק געטופּעט מיט די פיס — וואָס האָט איר געטון מיט מיין מיי—דע—לע?! — האָט ער אויס-געשריגן און מיט געביילטע פויסטן צוגעלאָפן צו אונדז.

דער באַדינער האָט אים אָנגעכאַפּט פון הינטן און אַרויסגע-שלעפּט פון זאַל; ער האָט זיך אָבער אָנגעכאַפּט אָן דער טיר און אָנגעהויבן שרייען געוואַלט...

מיט גרויס מי און מאַטערניש האָט אים ענדלעך דער באַדינער אַרויסגעשטופּט און פאַרשלאָסן די טיר. דער מענטש האָט אָבער געריסן די טיר און געמאַכט געוואַלטן, ביז דער פּראָ-זעקטאָר האָט דורכן פענסטער אַרויסגערופן די סטרוזשעס, וועלכע האָבן דעם אומגעבעטענעם גאַסט אַוועקגעפירט.

אויב בײַ דעם מענטש וועט נאָכאַמאָל קראַנק ווערן אַ קינד, וועט ער עס שוין אין קליניק נישט אָפּגעבן, ער וועט עס לאָזן באַדיי שטאַרבן אינדערהיים און אין קליניק וועט ער עס נישט אָפּ-געבן. דאָס שענדן דעם קערפּער פון זיין קינד איז פאַר אים אַ צו טייערע פּרייז פאַרן היילן.

אגב אורחה איז ווערט צו באַמערקן, אַז נישט נאָר אין די אוני-ניווערסיטעט-שפּיטאָלן פאַלמעסט מען די געשטאָרבענע, מען טוט דאָס זעלבע אויך אין אַלע שפּיטאָלן, כאָטש דאָס געזעץ דערלויבט זיי עס נישט. פאַלמעסן מעג מען נאָר צו געריכטלעך-מעדיצינישע צוועקן. די קרובים פון די געשטאָרבענע בעטן אָבער בײַ די דאָק-טוירים, מען זאָל זיי אַרויסגעבן דעם מת אומגעפאַלמעסטערהייט, זיי ווייסן גאָרנישט, אַז זיי קענען עס געזעצלעך פאָדערן.

עס איז אָבער דורכויס נייטיק פאַר דער מעדיצין, אַז יע-דער קראַנקער, וועלכער שטאַרבט אין שפּיטאָל, זאָל געפאַלמעסט

ווערן, ווייל נאָר אויף אַזאַ אופן קען דער דאָקטאָר ווערן געניט. ער לערנט זיך אויס ווי אַזוי ער דאַרף היילן די קרענק, דאָס פּאַלמעסן ווייזט אים דאָס אַנאַטאָמישע בילד פון דער באַטרעפנדער קרענק, די פעלערן, וועלכע ער איז באַגאַנגען באַם היילן און די מיטלען אויסצומיידן די זעלבע פעלערן אין דער צוקונפט; ווען מ'זאָל נישט טאָרן פּאַלמעסן, וואָלט זיך נישט געקאָנט אויסאַר־בעטן קיין גוטער דאָקטאָר און די וויסנשאַפט וואָלט נישט געקענט פּראָגרעסירן.

ס'איז נייטיק, אַז יעדער זאָל דאָס פאַרשטיין און מיטן איי־גענעם ווילן איינשטימען אויפן פּאַלמעסן, דערווייל פאַרשטייט מען עס אָבער נישט און אין די שפּיטאָלן פּאַלמעסט מען אָן דער הסכמה פון די קרובים, זיי ווידער דערנידעריקן זיך, שטעלן זיך אויף די קני פאַר די דאָקטוירים, וויינען פאַר זיי, שטיפן זיי אין דער האַנט אַריין אַ מטבע, און אַז דאָס אַלץ העלפט נישט, ווילן זיי מער נישט אַנקומען אין שפּיטאָל אַריין און שטאַרבן ליבערשט אינדערהיים אָן רפואות און אָן דאָקטוירים...

מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך אַלס דאָקטאָר געאַרבעט אין אַ שפּיטאָל, ווו עס איז פאָרגעקומען אַזאַ מעשה: באַ אונדז איז געלעגן אַ יונגעלע פון אַ יאָר פינף, ער האָט געהאַט אַ בויך־טיפוס. פלוצלינג האָבן זיך באַוויזן סימפּטאָמען, אַז באַם קינד ווערן דורכ־געלעכערט די קישקעס און אין אַזעלכע פאַלן מוז דער קראַנקער האָבן אַבסאָלוטע רו. באַלד אָבער קומט צו גיין די מוטער און פאָדערט, מען זאָל איר דאָס קינד אויסשרייבן פון שפּיטאָל; קיין שום איינרעדענישן האָבן נישט געהאָלפן, זי האָט געטענהט, אַז ער וועט דאָך סיי ווי שטאַרבן, זאָל ער זשע שטאַרבן אינדער־היים, וועט מען אים כאָטש נישט צעשניידן. דער אָרדינאַטאָר האָט איר דאָס קינד געמוזט אויסשרייבן און עס איז טאַקע אויפן וועג געשטאָרבן, עס האָט אפילו נישט דערלעבט אַהיימצוקומען...

די געשעעניש האָט אַרויסגערופן אַ שטורם צווישן אַלע דאָקטוירים: מען האָט גערעדט, געחקרנט זיך, מען האָט געוויינטלעך פאַרליימערט די אכזריותדיקייט פונם פּראָסטן פאָלק, מען האָט אַרומגערעדט די פראַגע, צי האָט דער אָרדינאַטאָר געהאַט רעכט אַרויסצוגעבן דער פרוי דאָס קינד, צי איז ער שולדיק אין זיין טויט מאַראַליש, צי יורידיש א. ז. וו.

מיך אָבער אינטערעסירט אַן אַנדערע זייט פון דעם פאַקט: ווי גרויס עס דאַרף זיין באַם פאָלק די מורא פאַרן פאַלמעסן, אַז אַ מוטער שטעלט אויף דער קאָרט דאָס לעבן פון איר קינד, כּדי אויסצומיידן דאָס פאַלמעסן?

פאַרוואָס איז אָבער דעם אָרדינאַטאָר נישט איינגעפאַלן צוצוזאָגן דער פרוי, אַז מ׳וועט איר דאָס קינד נישט פאַלמעסן, ער איז דאָך געוויס נישט קיין „ווילדער" און נישט קיין „אכזר", פאַרוואָס־זשע האָט ער זיך נישט מתחייב געווען פאַר דער פרוי, אַז מ׳וועט איר דאָס קינד נישט פאַלמעסן? — דאָס איז דאָך געווען דער איינציקער מעגלעכער אויסגאַנג!

צום מיינסטן ליידן אָבער דערפון, וואָס מיר מוזן שטודירן אויפמענטשן, די פרויען, וועלכע היילן זיך אין די קליניקעס. די דערינערונגען אפילו רופן אַרויס אַ שווער געפיל, איך ווער רויט פאַר חרפּה. נאָר איך האָב צוגעזאָגט און איך וויל מקיים זיין, — א ל ץ וועל איך שרייבן.

די מעשה קומט פאָר אין דער קליניק פון אָנשטעקנדיקע־אינערלעכע קראַנקהייטן. צום פּראָפעסאָר גייט אַרויף אויף דער עסטראַדע אַ מיידל, אַ קראַנקע אויף פלעווריט. דער סטודענט-קוראַטאָר לייענט איבער איר אַנאַמנעז (די געשיכטע פון דער קרענק) און הייסט די קראַנקע זיך אויסטון. מיר איז געקומען דאָס בלוט אין פּנים אַריין: דאָס ערשטע מאָל דעמאָנסטרירט מען פאַר אונדז אַ יונגע פרוי, זי האָט אויסגעטון די בלוזקע, אַראָפּגעלאָזט דאָס העמד-

בײַזן גאַרטל און אַ נאַקעטע איז זי געזעסן מיט אַ שטאָלץ־אויפגעהויבענעם קאָפּ, און מיט גלײַכגילטיקע, רויִקע אויגן געקוקט אויף דער אוידיטאָריע. איך בין געזעסן רויט ווי פײַער און זיך באַמיט נישט צו קוקן אויף דער קראַנקער, און געדאַכט האָט זיך מיר, אַז אַלע אויגן פֿײַנם גאַנצן זאַל קוקן אויף מיר, דערווײַל האָט מען זי באַטראַכט, אויסגעקלאַפּט און זי איז געזעסן אַ רויִקע, אַ שטאָלצע, דאָס יונגע, שײַנע פּנים אירס איז געווען בלײַך אָבער גלײַכגילטיק, גלײַך ווי די ברעמדע מאַסבילשע הענט וואָלטן באַטאַפּט אַ פרעמדן קערפּער, נישט אירן.

די לעקציע איז געענדיקט. איך בין אויפגעשטאַנען און מײַנע אויגן האָבן זיך פּלוצלינג צונויפגעטראָפן מיט די אויגן פון אַן אַנדערן סטודענט, וועלכער איז מיר געווען כמעט אומבאַקאַנט; מיר האָבן פּלוצלינג איבערגעלייענט דאָס זעלבע איינער באַם אַנדערן אין די אויגן. ביידנס אויגן האָבן פֿײַנטלעך אַ בליץ געטון, נאָר איין סעקונדע, און מיר האָבן ביידע אָפּגעווענדט די אויגן אָן אַ זײַט.

צי האָב איך געהאַט אַ תּאווה־געפיל, ווען די קראַנקע האָט זיך אויסגעטון נאַקעט? געוויס, נאָר אין אַ גאָר קלײנער מאָס, צום מינסטן האָב איך מורא געהאַט פאַר דעם געפיל, טאָמער חלילה קומט עס טאַקע באמת אָן.

ווען איך בין אַהיים געקומען, האָב איך מיך דערמאַנט וועגן אַלעם און אַן אמתע תּאווה האָט זיך דערוועקט אין מיר און מיט פאַרגעניגן האָב איך מיר געטראַכט, אַז אַ סך ענלעכע פאַלן שטייען מיר פאָר אין דער צוקונפט.

פאַרשטייט זיך אַז אַ סך אַזעלכע פאַלן האָב איך געהאַט אין דער צוקונפט. איך געדענק נאָך ביז הײַנט אײנע אַ קראַנקע מיטן נאָמען אַננאַ גראַטשאָװאַ, אַ מיידל פון אַ יאָר אַ צן. זי האָט געהאַט אַ האַרץ־פעלער מיט אַ כאַראַקטעריסטישן פאַרסיסטאָלישן

גערודער; דער פּראָפעסאָר האָט אונדז געהייסן זי אָפּט אויסהערן. מיר האָבן אים פּינקטלעך געפאָלגט.

ווען מיר פלעגן נאָר צוגיין צו איר, פלעגט זי אַראָפּלאָזן דאָס העמד ביזן גאַרטל און זיצן אַ נאַקעטע, ביז מיר אַלע האָבן זי באַטראַכט. איך האָב זיך באַמיט צו קוקן אויף איר מיט אויגן פון אַ דאָקטאָר, איך האָב אָבער נישט געקענט נישט זען, אַז זי האָט שיינע פּלייצעס און אַ שיינע ברוסט, איך האָב אויך באַמערקט, אַז די חברים מיינע אינטערעסירן זיך צו שטאַרק מיטן פּאַרסי־סטאָלישן גערודער, — דאָס אַלץ האָט מיך שטאַרק געערגערט און איך האָב זיך געשעמט דערפאַר.

וואָס פאַר אַ כוח בויט דאָס מיידל אויפצודעקן זיך און ווייזן איר קערפּער אונדז, פרעמדע מאַנספּערשוינען? איך האָב געפּרוווט איבערלייענען אויף איר שיינעם פּנים די גאַנצע געשיכטע אירע: ווי אַזוי זי איז קראַנק געוואָרן, ווי אַזוי זי איז אָנגעקומען אין דעם קליניק צו אונדז, ווי אַזוי זי האָט אין אָנהייב נישט געוואָלט ווייזן דאָס נאַקעטע לייב די פרעמדע מאַנספּערשוינען, ווי זי איז ענדלעך צוגעוווינט געוואָרן, ווייל זי האָט געמוזט געוווינט ווערן: אינ־דערהיים שטאַרבט מען פאַר הונגער, נישטאָ קיין געלט אויף ברויט, נישט נאָר אויף דאָקטוירים און רפואות...

מיר געפינען זיך באַם פּראָפעסאָר־סיפיליטאָלאָג, בשעת ער נעמט אָן פּאַציענטן אין דער קליניק. ס'קומט אַריין אַ יונגע פרוי מיט אַ קוויטעלע פון איר דאָקטאָר, וועלכער האָט געבעטן דעם פּראָפעסאָר, ער זאָל פעסטשטעלן, צי שטאַמען נישט אירע קרעצ־לעך פון אַ ווענערישער קראַנקהייט.

— ווו האָט איר די קרעצלעך? — האָט זי דער פּראָפעסאָר געפרעגט.

— אויף דער האַנט.

— נאַרישקייטן, ווו נאָך?

— אויף דער ברוסט, — האָט די קראַנקע אַרויסגעשטאַמלט. פאַרשעמט — דאָרט איז אויך דאָס זעלבע.

— ווייזט!

— דאָרט איז פונקט דאָס אייגענע, נישטאָ וואָס צו ווייזן, — האָט זי ווידער געזאָגט און רויט געוואָרן.

— פונדעסטוועגן, ווייזט מיר אויך, איך בין זייער נייגעריק צו זען! — האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט מיט אַ הומאָריסטיש שמייכעלע.

נאָך אַ לאַנגער אַמפּערניש, האָט די קראַנקע ענדלעך אויסגעטון די בלוזקע.

— אויך נאַרישקייטן. מער אין ערגעץ נישט? זאָגט־זשע אייער דאָקטאָר, אַז ס'איז גאָרנישט, קיין שום שלעכטס נישט.

בשעת מעשה האָט דער אַסיסטענט איר אַראָפּגעצויגן דאָס העמד פון הינטן און באַקוקט די פּלייצע.

— ה' פּראָפעסאָר, און דאָס וואָס איז? — האָט ער שטיל געפרעגט.

דער פּראָפעסאָר האָט אָנגעקוקט די פּלייצע.

— אַ, דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש! — האָט ער אויסגעשריגן — טוט אייך אויס נאַקעט, אינגאַנצן טוט אייך אויס, גייט אַרונטער אונטערן ווענטל... די צווייטע פּאַציענטקע!

די קראַנקע איז פּאַמעלעך אַרונטערגעגאַנגען אונטערן שפּאַנישן ווענטל אין אַנדערן עק פון אויפנאַם־זאַל און דער פּראָפעסאָר האָט דערווייל אויפגענומען עטלעכע אַנדערע קראַנקע, וועלכע האָבן אָפּגעוואַרט זייער ריי.

— נו, און יענע קראַנקע האָט זיך שוין אויסגעטון? — האָט ער אַ פרעג געטון.

דער אַסיסטענט איז אַרונטערגעגאַנגען הינטערן ווענטל און

געטראָפן דאָרט די קראַנקע שטיין און וויינען, זי האָט זיך נאָך געראַנישט אָנגעהויבן אויסצוטון.

ער האָט זי איבערגערעדט און ענדלעך האָט ער זי אַרויס-געפירט פאַר אונדזערע אויגן אַ נאַקעטע, אין איין העמד. מ'האָט זי אַנידערגעלייגט אויף אַ קאַנאַפּע, צעשפּרייט די פיס און אָנגע-הויבן באַטראַכטן. מ'האָט זי באַטראַכט לאַנג, עקלהאַפט, געמיין...

— איר קענט זיך שוין אָנטון — האָט ענדלעך געזאָגט דער פּראָפעסאָר און, ווישנדיק די הענט מיט אַ האַנטוך, האָט ער זיך גע-ווענדט צו אונדז: — מײנע הערן, דערווייל איז נישט מעגלעך צו זאָגן אויף זיכער, צי שטאַמען די קרעצלעך פון סיפיליס, צי זענען זיי ווירקלעך אַ נאַרישקייט. — זייט אַזוי גוט, מײן ליבע, און קומט אַריין אין אַ וואָך אַרום, וועלן מיר זען.

די קראַנקע איז שוין געשטאַנען אָן אָנגעטוענע, האָט שווער געאָטעמט און געקוקט אויף דער פּאָדלאָגע. איר פּנים איז געווען בלאַס און גרויסע טראָפּנס שווייס זענען איר אַרויסגעקומען אויפן שטערן.

— ניין, איך וועל מער נישט קומען! — האָט זי אַ זאָג געטון מיט אַ ציטערניש, און איז געשווינד אַרויסגעגאַנגען.

— וואָס איז מיט איר? — האָט דער פּראָפעסאָר געפרעגט און געקוקט אויף אונדז מיט פאַרוואונדערטע אויגן.

דעמזעלבן אָוונט איז בײַ מיר געווען מײַנס אַ באַקאַנטע, אַ קורסיסטקע. איך האָב איר דערציילט די מעשה מיט דער פּרופֿ בײַם סיפיליטאָלאָג.

— עס איז זייער שווער, — האָט די קורסיסטקע געענט-פערט — זייער שווער, נאָר וואָס זאָל מען טון, אַנדערש איז זיך דאָך נישט מעגלעך צו לערנען?

— גאַנץ גערעכט, ענטפערט איר מיר אָבער אָט אויף וואָס:

ווען איך למשל זאָל אויסקומען צו זיין אין דער מדרגה פון יע־
נער פרוי, וואָס וואָלט איר געטון?

זי איז געבליבן שטיל. אין אַ מינוט אַרום איז אַ שוידער
אַדורך איבער איר לייב און זי האָט געענטפערט שטיל מיט
אַראָפּגעהאָנגענע אויגן, ווי זי וואָלט זיך געשעמט:

— איך וואָלט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט!... בעסער
דער טויט, איידער דאָס!...

און זי האָט דאָך שטאַרק געאַכטעט די וויסנשאַפט, זי האָט
דאָך געוווּסט, אַז „אַנדערש קען מען זיך נישט לערנען", פונדעסט־
וועגן וואָלט זי צו אונדז נישט געקומען אין דער קליניק אַריין.
יענע אָבער האָט גאָרנישט געוווּסט, צו דער וויסנשאַפט קיין שום
שייכות נישט געהאַט און זי איז יאָ געקומען, ווייל זי האָט נישט
געהאַט צו באַצאָלן קיין דאָקטאָר פאַר אַ פּריוואַטן וויזיט און וויל
זי האָט דריי קינדער, וועלכע קענען זיך אָנשטעקן פון איר.

די נויט יאָגט די אָרימע אין די קליניקעס אַריין, כּדי די
וויסנשאַפט און דאָס שטודיום זאָלן פון זיי נוצן האָבן. זיי קענען
נישט צאָלן פאַרן היילן מיט געלט, צאָלן זיי מיט זייער קערפּער.
פאַר טייל איז אָבער דאָס צאָלן מיטן קערפּער אַ צו טייערע
פרייז און זיי ווילן ליבערשט שטאַרבן אָן מעדיצינישע הילף.

דער באַוווּסטער דייטשער גינעקאָלאָג (פּראָפעסאָר פון פרוי־
ען־קראַנקהייטן) האָפמייער דערציילט צום ביישפּיל פאָלגנדעס:

„דער לימוד אין די פרויען-קליניקעס איז זייער באַשווער־
לעך צוליב דער שעמעוודיקייט פון די פרויען און דעם נאַטירלעכן,
גאַנץ פאַרשטענדלעכן עקל צו די דעמאָנסטראַציעס אין דער קעגנ־
וואַרט פון סטודענטן. אויפן סמך פון מיינע באַאָבאַכטונגען בין
איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אין די קליינע שטעט־
לעך וואָלט בכלל אוממעגלעך געווען איינצואָרדנען פרויען-קליניקעס,

ווען אַלע פרויען אָן אויסנאַם זאָל מען נישט כלאָראָפאָרמירן בעת די דעמאָנסטראַציעס און אונטערזוכונגען. א חוץ דעם ווירקט דאָס אונטערזוכן דעם קראַנקן דורך אַ גרעסערער צאָל מענטשן, און איבערהויפט דורך מענטשן אומדערפאַרענע, זייער שלעכט אויפן געזונט און איז דערצו העכסט אומאָנגענעם. צוליב דעם דעמאָנסטרירט מען טאַקע די פּאַציענטקעס אין דער גרעסטער צאָל קליניקעס אונטער כלאָראָפאָרם... דאָס, וואָס די פּאַציענטקעס שרעקן זיך פאַר די אונטערזוכונגען אין דער אָנוועזנהייט פון סטודענטן און פאַר די אונטערזוכונגען פון סטודענטן גופא, באַוועגט פיל פון זיי לגמרי נישט אַנצוקומען אין שפּיטאָל אַריין און זיי באַגייען זיך לחלוטין אָן מעדיצינישע הילף".

מ'וועט זאָגן, אַז די בושה צו ווייזן זיך פאַר סטודענטן איז אַ נאַרישקייט, ווייל סטודענטן זענען אויך דאָקטוירים און פאַר דאָקטוירים שעמט מען זיך נישט.

לאָמיר זיך אָבער אַליין שטעלן אויפן אָרט פון אַ קראַנקער פרוי, וועלכע קומט אָן אין דער קליניק, וועט די זאַך באַקומען אַן אַנדער פנים. מיר, מענער, זענען דאָך נישט אַזוי שעמעוודיק ווי פרויען, פונדעסטוועגן וואָלט איך פערזענלעך נישט באַשטאַנען באַין אופן, מ'זאָל מיך אַרויספירן אַ נאַקעטן פאַר הונדערט פרויען, וועלכע זאָלן מיך באַטאַפּן, אונטערזוכן, אויספרעגן וועגן אַלץ אָן אויסנאַם. ווען איך שטעל מיך אין דערדאָזיקער לאַגע, פאַרשטיי איך, אַז כאָטש די שעמעוודיקייט איז אַ נאַרישע, מוז מען זיך מיט איר פאָרט רעכענען.

דאָך איז זיך אַנדערש „נישט מעגלעך צו לערנען", דאָס איז זיכער.

אין מיטלאַלטער האָט זיך דער מעדיצינישער שטודיום באַ-

ברענעצט מיט טעאָרעטישע לעקציעס, אויף וועלכע מ׳האָט קאָנצענ־
טירט די ווערק פון אַראַבישע און אַלטערטימלעכע דאָקטוירים; קיין
פּראַקטישע מעדיצין האָט מען נישט געלערנט, די פּראַקטיק האָט
מען געדאַרפט באַקומען אויף די קראַנקע, וועלכע מ׳האָט שפּעטער
אַלס זעלבסטשטענדיקער דאָקטאָר געהיילט.

אין די פערציקער יאָרן פונם פאָריקן יאָרהונדערט האָט מען
נאָך אין אַ טייל אוניווערסיטעטן אויף דער פּראָווינץ געלערנט, ווי
פּיראָגאָוו זאָגט, „בלוט לאָזן אויף אַ שטיקל זייף און אַמפּוטאַ־
ציע — אויף אַ רעטעך". ס׳איז אַ גליק אַז פאַר דער מעדיצין און
פאַר די קראַנקע, וואָס דידאַקטיקע צייטן געהערן צו דער פאַרגאַנ־
גענהייט און וועלן זיך מער נישט אומקערן, אין קיין שום גע־
ביט איז נישט אַזוי שעדלעך דאָס, וואָס מ׳אַרבעט אָן אַ געוויסער
פּראַקטישער צוגרייטונג, און די צוגרייטונג איז נישט מעגלעך
צו באַקומען אָן דעם אַלעמען, וואָס איז פריער באַשריבן געוואָרן.

דער דאָזיקער ענין איז איינער פון די פאַרוויקלטסטע; דאָ
האָבן מיר צו טון מיט איינער פון די ווידערשפּרעכונגען, מיט וועל־
כע מיר וועלן נאָך האָבן די געלעגנהייט זיך צו באַגעגענען: די
מעדיצינישע שול, די הומאַניטאַרישסטע פון אַלע שולן, קען נישט
עקזיסטירן אויב זי זאָל נישט טרעטן די עלעמענטאַרסטע יסודות
פון הומאַניטאַרישקייט. די מעדיצינישע שול נוצט אויס די אָנגע־
לעגנהייט, וואָס די אָרימע קענען נישט צאָלן פאַרן היילן און מאַכט
פון קראַנקע אָרימע מענטשן מאַנעקענען, אויף וועלכע די צוקונפ־
טיקע דאָקטוירים לערנען זיך. זי טרעט מיט די פיס די פרויען־
צניעות, זי פאַרגרעסערט דאָס אומגליק פון דער אָרימער מוטער,
„שענדנדיק" איר טויט קינד; די מעדיצינישע שול, די הומאַניטאַ־
רישסטע פון אַלע שולן, טוט דאָס אַלץ, נאָר — זי מוז עס טון, זי
קען אָן דעם נישט עקזיסטירן!

קיין אויסוועג פון דער לאַגע ווייס איך נישט, איך ווייס, אַז

די מעדיצין איז נייטיק און אַז אנדערש איז זי נישט מעגלעך צו־ שטודירן, נאָר ווען מיין פרוי אָדער מיין שוועסטער זאָל אויסקו־ מען צו זיין אין דער לאַגע פון יענער פרוי באַם סיפיליטאָלאָג, וואָלט איך געזאָגט: זאָל זיין מיט דער מעדיצין, וואָס עס וויל. אַ מענטש טאָר מען בשום אופן נישט טרעטן מיט די פיס בלויז דער־ פאַר, ווייל ער איז אָרים.

## Щ

איך בין אַריבער אויפן דריטן קורס. די וואַקאַציעס זענען געענדיקט. מיר לערנען שוין צוויי וואָכן. אויף דער דריטער וואָך בין איך דאָס ערשטע מאָל געווען באַם פּאַלמעסן.

אויף אַ מאַרמאָרנעם טיש ליגט אַ קערפּער פון אַן עלטערער פרוי, דער קערפּער איז לאַנג און דאַר ווי אַ סקעלעט. די פרוי איז געשטאָרבן אין דער קליניק פון פּראָפעסאָר-כירורג און אָט שטייט ער טאַקע לעבן טיש אין אַ שניי-ווייסן כאַלאַט, לעבן אים שטייט דער פּראָפעסאָר פון פּאַטאָלאָגישער אַנאַטאָמיע, ער ציט אַרויף אויף די הענט גומענע הענטשקעס און שיט מיט גלייכווערטלעך.

דער כירורג האָט געדרייט נערוועז די וואָנסעס, געהאַט אַ צעשטרייטן בליק, עס איז קענטליך געווען, אַז ער איז עפּעס שלעכט געשטימט; אין זיין באַציונג צום פּאַטאָלאָג איז געווען עפּעס אַזוינס חניפהדיקס, ווי באַ אַ שילער, וועלכער וויל נושא חן זיין באַם עקזאַמינאַטאָר.

ענדלעך זענען די הענטשקעס אָנגעטון, די ווייצן אויסגעשעפּט, און מען טרעט צו צום פּאַלמעסן.

— זי איז געשטאָרבן פון אַ פּעריטאָניט (אַזאַ מין בויך-

אַנציינדונג)? — האָט קורץ געפרעגט דער פּאַטאָלאָג.

— יאָ.

— אָפּערירט?

— אָפּערירט.

אוי—המם... — האָט דער פּאַטאָלאָג אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און צוגעטרעטן צום פּאַלמעסן.

דער אַסיסטענט־פּראָזעקטאָר האָט געמאַכט אַ שניט פונם האַלדז ביזן געשלעכטס־אָרגאַן. דער פּאַטאָלאָג האָט פּאָרזיכטיק געעפנט דעם בויך, זיך אויפמערקזאַם אָנגעהויבן באַטראַכטן דעם בראַנדיקן פּעריטאָן (די הויט, מיט וועלכער עס זענען אַרומגעהילט אַלע בויך־אָרגאַנען) און די צוזאַמענגעקלעבטע קישקעס...

נאָך נעכטן האָט אונדז דער כירורג דערקלערט, אַז די קראַנקע איז געוויס געשטאָרבן צוליב פאָלגנדיקער סיבה: ער האָט באַ איר אויסגעשניטן אַ געשווילעכץ פון די קישקעס, נאָר דאָס אָרט, ווו ער האָט געמאַכט די אָפּעראַציע, איז געווען שטאַרק געשוואָלן און צוזאַמענגעוואַקסן, מסתם האָט ער אומבאַמערקט פאַרווונדעט אַ קישקע און דערפון איז דער פּעריטאָן בראַנדיק געוואָרן.

די אָפּעראַציע האָט באַשטעטיקט זיין השערה. דער פּאַטאָלאָג האָט אויסגעזוכט דאָס פאַרווונדעטע אָרט, ער האָט עס אויסגעשניטן און צוגעשיקט די סטודענטן אויף אַ טעלער. די סטודענטן האָבן אַלע באַטראַכט דאָס לעכעלע אויפן שטיקעלע קישקע, וואָס איז געלעגן אויפן טעלער. דער כירורג האָט נערוועז געדרייט די וואָנסעס.

מיט אַ געפיל פון שפּאָט און בייזקייט האָב איך אויף אים געקוקט און געטראַכט: דאָ איז אייער געריכט, דאָ ווערט איר געמשפּט פאַר אַלע אייערע חטאים! די פרוי איז צו אים און געקומען בעטן הילף, און איצט ליגט זי פאַר אונדז אַ טויטע, אַ דאַנק טאַ־

קע זיין הילף! צי ווייסן אירע קרובים, פאַרוואָס זי איז געשטאָרבן?
האָט זיי דער כירורג אַנטדעקט די סיבה פֿון איר טויט...

די קראַנקע האָט מען געפּאַלמעסט, די סיבה פֿון איר טויט איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרן. אין זיין עפּיקריז (דאָס לעצטע וואָרט) האָט דער פּאַטאָלאָג דערקלערט, אַז די קראַנקע איז בלי ספק געשטאָרבן דערפֿון, וואָס בשעת דער אָפּעראַציע האָט מען איר פאַרוואונדעט אַ קישקע, נאָר צוליב דעם געשווילעכץ און דעם צוזאַמענוואַקסן פֿון די קישקעס פּונקט אויף דעם אָרט, וווּ די אָפּעראַציע האָט געדאַרפֿט געמאַכט ווערן, איז זער שווער געווען עפּעס צו באַמערקן און אַז בכלל איז דער בעסטער כירורג באַ אַזעלכע שווערע אָפּעראַציעס נישט פֿאַרזיכערט פֿון אומגליקלעכע פֿאָרפֿאַלן.

ביידע פּראָפֿעסאָרן האָבן זיך פֿריינטלעך געדריקט די הענט און זענען אַרויסגעגאַנגען. די סטודענטן האָבן אויך אָנגעהויבן אַרויסצוגיין.

אַ שווערן איינדרוק האָט געמאַכט אויף מיר דאָס ערשטע פּאַלמעסן, וואָס איך האָב געזען.

„דער פּעריטאָניט איז געקומען דערפֿון, וואָס די קישקעס זענען פֿאַרוואונדעט געוואָרן; דאָס איז שווער צו באַמערקן; דער בעסטער כירורג איז נישט פֿאַרזיכערט פֿאַר קיין אומגליקלעכע פֿאָרפֿאַלן...“

ווי איינפֿאַך דאָס אַלץ איז! פּונקט ווי עס וואָלט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן אַ נישט געלונגענעם כעמישן פּרווו, וווּ דער עיקר איז נאָר דער פּרווו! דער פּרווו איז נישט געלונגען און דער שולדיקער דערין איז אומרויִק, זיין אויטאָריטעט איז אין געפֿאַר צוליב דעם, זיין אייגנליבע ליידט דערפֿון, אָבער ווייטער — מער גאָרנישט...

דערווייל האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ מענטשלעך לעבן! מ'האָט גענומען אַ לעבעדיקן מענטש און דערהרגעט! דאָס איז דאָך שרעק-

לפֿך, דאָ מוז דאָך געשטעלט ווערן די פֿראַגע, צי מעג דער זעלבער אָפּעראַטאָר ווייטער אָפּערירן, צי מעג ער נאָכדעם זיין אַ דאָקטאָר? אַ היילער, אַ דאָקטאָר, וועלכער דערהרגעט דעם קראַנקן! דאָס איז דאָך אַזאַ הימלשרייענדע זאַך, וואָס טאָר נישט פֿאַרשוויגן ווערן. קיינער האָט עס אָבער חי נישט באַמערקט, קיינער מאַכט זיך נישט וויסנדיק דערפֿון.

איך האָב געהאַט אַזאַ געפֿיל, ווי איך וואָלט אַריין אין אַ שול פֿון כּישוף־מאַכערס. מיר זענען דאָך צוקונפֿטיקע כּישוף־מאַכערס און פֿאַר אונדז דאַרפֿן קיין סודות נישט זיין, אונדז מעג מען ווייזן די צווייטע זייט פֿונם מעדאַל, מיר דאַרפֿן זיך צוגעוווינען קוקן אויף דער זאַך אַנדערש; עם־הארצים, מענטשן, וואָס האָבן קיין שייכות נישט צו דער מעדיצין, טאָרן וועגן דער צווייטער זייט פֿונם מעדאַל נישט וויסן און קוים ווערן זיי געוווּיר וועגן איר, קוים באַמערקן זיי דעם הימלשרייענדן קאָנטראַסט צווישן די צוויי זייטן פֿון אונדזער וויסנשאַפֿט, מעגן זיי שרייען, מעגן זיי ווערן אויפֿגערעגט, מיר אָבער, מיר, צוקונפֿטיקע כּישוף־מאַכערס, דאַרפֿן זיך צוגעוווינען קוקן דערויף „ברייטער“, מיט „אָפֿענע אויגן“...

וואָס נענטער איך האָב זיך צוגעקוקט צו דער מעדיצין, וואָס מער איך האָב מיך מיט איר באַקאַנט, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן דער איינדרוק, וועלכן איך האָב אַרויסגעטראָגן פֿונם ערשטן פֿאַל־מעסן, בײַ וועלכן איך בין געווען. אומעטום האָב איך מיך באַגעגנט מיטן זעלבן: אין די קליניקעס, אויף די טעאָרעטישע לעקציעס, אין די ביכער.

צוזאַמען מיט דער פֿאַראַדנער מעדיצין, וועלכע היילט און איז מחיה מתים, צוליב וועלכער איך בין דאָ אַהערגעקומען, איז פֿאַר מיר אויפֿגעשטאַנען אַ גאַנץ אַנדערע מעדיצין — אַ שוואַכינקע, אַ ליגנערישע: זי נעמט זיך אונטער צו היילן אַזעלכע קרענק, וועלכע

זי קען נישט פעסטשטעלן און שטעלט פעסט אַזעלכע קרענק, וועל-כע זי איז נישט בכוח צו היילן.

אין די ביכער האָב איך באַגעגנט באַשרייבונגען פון קרענק, וועלכע האָבן זיך געענדיקט מיט אַ באַמערקונג: „דער דיאַגנאָז (פעסטשטעלונג) פון דער קרענק איז נאָר מעגלעך אויפן סעקציע-טיש, באַם פאַלמעסן".

דער דיאַגנאָז פון דער קרענק איז ערשט מעגלעך נאָכן טויט! פונקט צום טערמין...

מ'דעמאָנסטרירט פאַר אונדז אַ קינד מיט אַ פּניימאָטאָראַקס (אַ לונגען-קראַנקהייט, וועלכע ס'איז אוממעגלעך אויסצוהיילן); דאָס קינד איז אויסגעדאַרט ווי אַ סקעלעט, עס אָטעמט שווער און אַז מען לייגט עס אויפן רוקן, הייבט עס אָן הוסטן, אַז עס דוכט זיך: אָט, אָט, וועט עס די געדערים אויסהוסטן. דער פּראָפעסאָר, וואָס דעמאָנסטרירט פאַר אונדז דאָס קינד הייבט אָן מיט אַן ערנסטן טאָן, פונקט ווי ער וואָלט געטון אַ וויכטיקע זאַך, אויס-רעכענען די סימפּטאָמען פון דער שרעקלעכער קרענק.

איך האָב טיף אין האַרץ ביטער געלאַכט: וויפיל מי דער מענטש לייגט עס אַוועק, וויפיל ווערטער ער וואַרפט אַרויס אומזיסט, אויס-רעכענענדיק די סימפּטאָמען און סיבות פון דער קרענק, און צום סוף וועט ער אונדז דערקלערן, אַז דער קראַנקער איז האָפנונגסלאָז און אַז מיר זענען נישט בכוח אים אויסצוהיילן!

וואָס פאַר אַ זין האָט אַזאַ דיאַגנאָז? ווי קינציק דער דיאַ-גנאָז זאָל נישט זיין צוזאַמענגעשטעלט, איז ער ענלעך צו מאָליערס ווערטער: „זיי וועלן אייך זאָגן אויף לאַטייניש, אַז אייער טאָכטער איז קראַנק".

איך האָב זיך דערמאַנט, וואָס מעפיסטאָפעל זאָגט וועגן דער מעדיצין:

„דעם גייסט פון מעדיצין איז לייכט צו פאַרשטיין:

איר לערנט אַדורך די גרויסע און קליינע וועלט,
כּדי עס שפּעטער לאָזן גיין,
ווי גאָט געפעלט.

איך האָב אָנגעהויבן זען אַזעלכע זאַכן, וועלכע זענען פריִער פאַר מיר פאַרבייגעגאַנגען אומבאַמערקט. איך האָב פּלוצלינג, צו מיין גרויסער איבעראַשונג, באַמערקט, אַז די מעדיצין האָט אַ זייער שוואַכן באַגריף וועגן דער מערהייט קראַנקהייטן, אַז באַם פעסט־שטעלן די קרענק איז זי אומזיכער און אומקלאָר, אויך האָב איך באַמערקט, אַז זי רעקאָמענדירט קעגן יעדער קראַנקהייט אַן אַ שיִער מיטלען און אַז אין דער ווירקונג פון די מיטלען איז זי לגמרי נישט זיכער.

לאָמיר נעמען שטרומפּעלס לערנבוך און אויפּמישן וועלכעס עס איז זייטל, וועלן מיר לייענען צבשפּ.:

„די צעשפּרייטונג פונם הויפּט־אָדער (אַנעווריזם פון דער אָארטע) קען מען דערווייל אויף זיכער נישט אויסהיילן, קיין פעסט־געשטעלט מיטל קעגן דער קרענק איז נישטאָ, דאָך מעגן מיר אין יעדן פאַל באַנוצן יעדער מיטל, וואָס ווערט רעקאָמענדירט דורך די מעדיצינישע אויטאָריטעטן"...

„קעגן אַ האַרץ־פעלער ווערן נאָרגעלייגט פיל מיטלען: אַר־שעניק, קאַלי בראָמאַט, זויער־צינק, כינע און פיל אַנדערע. עס שאַדט נישט אויסצופּרוון יעדער מיטל באַזונדער, מען טאָר אָבער קיינמאָל נישט האָפן אויף קיין זיכערן ערפאָלג".

אַזוי אָן אַן עק, אָן אַ סוף: „מען מעג פּרוון דאָס און דאָס", „אייניקע דאָקטוירים זענען צופרידן מיט דעם און דעם", „עס שאַדט נישט אויסצופּרוון דאָס און דאָס"... איך בין געקומען אַהער זיך לערנען, ווי אַזוי מען דאַרף היילן קראַנקע און דאָ לייגט מען מיר גאָר פאָר „אויסצופּרוון", דערצו וואָרנט מען מיך נאָך קעגן גרויסע האָפנונגען אויף ערפאָלג!

איך בין אַלעמאָל מער געוווּיר געוואָרן אַזעלכע זאַכן, וועל-כע האָבן צעשטערט מיין צוטרוי און מיין אַכטונג צו דער מעדיצין.

די פאַרמאַקאָלאָגיע (רפואות-וויסנשאַפט) האָט אונדז באַקאַנט מיט אַ גאַנצע ריי מיטלען, וועלכע האָבן קיין שום פעולה נישט. די מיטלען ווערן באַנוצט אין די פאַלן, ווען דער דאָקטאָר ווייסט נאָך נישט אַקוראַט, אויף וואָס זיין פאַציענט איז קראַנק, אָדער ווען דער פאַציענט האָט אַזאַ קרענק, קעגן וועלכער ס'איז קיין מיטל נישט פאַראַן. ער פאַרשרייבט דאַן אַזאַ „אומדיפערענט" מיטל, „ווייל ער קען דאָך נישט פאַרלאָזן דעם קראַנקן און נישט פאַר-שרייבן קיין רעצעפּט."

אַזעלכע רעצעפּטן האָבן אין דער מעדיצין אַפילו אַ ספּעציעלן נאָמען: „ut aliqid fiat" (פאַרקירצט פון „ut aliqid fieri videatur" — דאָס הייסט דער קראַנקער זאָל מיינען, אַז מ'טוט פאַר אים עפּעס).

וועגן דעם „ut aliqid fiat" האָט דער פּראָפעסאָר געהאַלטן אַ גאַנצע לעקציע מיט אַזאַ ערנסטן טאָן, אַז איך האָב מיר געשטיקט פאַר געלעכטער.

איך האָב געטראַכט: „עכטע כישוף-מאַכערס! דער געניטער כישוף-מאַכער לערנט אונדז, די יונגע תלמידים זיינע, ווי אַזוי מען דאַרף מאַכן די קונץ."

און באמת, צי קומט דען נישט אָן אַ געלעכטער, ווען מען שטעלט זיך פאַר, ווי דער קראַנקער קוקט נעבעך אויפן זייגער און ציטערט, טאָמער חלילה פאַרשפּעטיקט ער אויף צען מינוט, איינ-צונעמען דאָס ביסל גרינע וואַסער פונם אַפּטייק-פלעשעלע?...

ס'זענען פאַראַן נאָך פיל אַזעלכע ספּעציעלע נעמען, וועל-כע זענען העכסט אינטערעסאַנט. צבשפּ. „ex juvantibus" ד. ה. „אויפן סמך פון דעם, וואָס עס העלפט".

דער דאָקטאָר באַטראַכט דעם קראַנקן און ער קען נישט

פעסשטעלן באין אופן די קרענק. וואָס טוט ער? שטעלט ער אַ דיאַגנאָז „עקס יוואַנטיבוס", — ד. ה. ער פאַרשרייבט אַ רפואה קעגן אַ געוויסער קרענק; העלפט דאָס מיטל, איז אַ סימן, אַז זיין פּאַציִענט איז קראַנק אויף דער דאָזיקער קרענק, העלפט עס נישט, — פּרוּווט מען אַן אַנדערע רפואה. אויף אַזאַ אופן דרייט מען איבער די מעדיצין מיטן קאָפּ אַראָפּ, מען גיט פריער איין די רפואה, און דערנאָך ערשט שטעלט מען פעסט די קרענק!...

איך האָב מיט יעדן טאָג מער אויפגעהערט צו גלייבן אין דער מעדיצין, פּונקט ווי עס גלייבן נישט אין איר אַלע האַלב-אינטע-ליגענטע מענטשן, די אַלע מענטשן, וועלכע ווייסן אַלץ און קענען גאָרנישט. איך האָב געמיינט, אַז איך קען די מעדיצין דורכויס. איך בין זיכער געווען, אַז זי האָט נאָר צוויי-דריי זיכערע מיטלען און דאָס איבעריקע איז „די לאַטייניש קיך", "ut aliqid fiat" א. ד. גל., אַז מיט אירע געבעכדיקע דיאַגנאָסטיק-מיטלען (מיטלען פעסטצושטעלן די קרענק) בלאָנדזשעט די מעדיצין אין דער פינ-סטערניש און מאַכט נאָר דעם אָנשטעל, ווי זי וואָלט ווירקלעך עפּעס געוווּסט.

איך האָב אָנגעהויבן חוזק מאַכן פון דער מעדיצין און ווען עס איז מיר אויסגעקומען צו שמועסן מיט פּריוואַטע מענטשן, וועלכע האָבן צו מעדיצין קיין שייכות נישט, האָב איך געפלעגט זאָגן, אַז „אָפן גערעדט, איז אונדזער מעדיצין נישט מער ווי אַ שווינדלעריי".

און עס איז קיין ווונדער נישט, וואָס איך בין געקומען צו אַזאַ גיכן באַשלוס; דאָס אַלץ, וואָס איך האָב געלערנט, געהערט און געזען, האָט נאָך נישט באַוויזן אויסצוואָרצלען בײַ מיר די מיינונג, וועלכע עס האָט יעדער דורכשניטלעכער מענטש וועגן אַ מעדיק: „דו ביסט אַ דאָקטאָר, — מוזסטו קענען אויסהיילן אַלע

קרענק; קענסטו נישט, — ביזטו נישט מער ווי אַ שווינדלער, אַ שאַרלאַטאַן".

איך האָב נישט געוואָלט וויסן פון דעם, וואָס די מעדיצין האָט שוין אויפגעטון, איך האָב בכיוון נישט געוואָלט געדענקען, אַז די מיטלען פון דער מעדיצין זענען זייער באַשרענקטע, איך האָב נאָר געלאַכט פון איר דערפאַר, ווייל זי טוט נישט אַלץ, וואָס זי קען נישט היילן אַלע קרענק. אַזאַ באַציִונג האָבן צו דער מעדיצין בכלל אַזעלכע מענטשן, וואָס דענקען נישט...

מיר קומט אויפן זכרון אַ פאַקט: אין יאָר 1893 איז אין פעטערבורג פאָרגעקומען אַ היגיִענישע אויסשטעלונג. צווישן אַנדערע פיל פּאַטאָלאָגיש-אַנאַטאָמישע פּרעפּאַראַטן איז אויף דער אויסשטעלונג געווען „אַ האַרץ-פּאָליפּ, וועלכער איז צופעליק אַנטדעקט געוואָרן בשעתן פאַלמעסן אַ מענטש".

דער דאָזיקער פּאָליפּ האָט זייער פרייליך געמאַכט דעם פעליעטאָניסט פון אַ גרויסער פּעטערבורגער צייטונג. ער וויצלט זיך און מאַכט חוזק פון די דאָקטוירים און פון זייער מעדיצין: שיינע צופעליקע ענטדעקונגען! כשרע מציאות!...

די גאַנצע היגיִענישע אויסשטעלונג, וועלכע האָט אַזוי פיל געוויזן, וואָס די מעדיצין טוט אויף, עקזיסטירט גאָרנישט פאַרן פעליעטאָניסט, ער זעט נאָר די „אומגעריכטע מציאה" — דעם האַרץ-פּאָליפּ, און ער חוזקט פון דער מעדיצין און די דאָקטוירים; ער וויל גאָרנישט וויסן, צי איז גאָר מעגלעך אַזאַ פּאָליפּ צו אַנטדעקן בײַ אַ מענטש פאַרן טויט! אים אינטערעסירט דאָס נישט, ער פאָדערט פון די דאָקטוירים, אַז זיי זאָלן אַלץ וויסן, אַלץ קענען, פאַר אַ דאָקטאָר טאָר קיין אוממעגלעכקייט נישט זיין.

אָט דאָס איז די מיינונג פון דער מערהייט, דאָס איז איך געווען מיין מיינונג.

מיט אַמאָל איז אין מיר געשען אַ פולשטענדיקע איבער־קערעניש.

באַ אונדז אין דער כירורגישער קליניק איז געלעגן אַ קראַנ־קע פרוי פון אַ יאָר פופציק, זי האָט געהאַט אַ געשווילעכץ אין דער לינקער זייט בויך. איך בין באַשטימט געוואָרן צו זיין איר קוראַטאָר.

די פליכטן פון אַ קוראַטאָר זענען פאָלגנדע: ער דאַרף דעם קראַנקן באַטראַכטן, אויסהערן, אויספּאַרשן, דורכשטודירן זיין קרענק און דערנאָך, ווען מ׳דעמאָנסטרירט דעם קראַנקן, דאַרף ער דורכ־לייענען פאַר דער אוידיטאָריע די געשיכטע פון זיין קראַנקהייט, אַרויסזאָגן זיינע באַהויפּטונגען און ענדלעך שטעלן זיין דיאַגנאָז, ד. ה., אַרויסזאָגן זיין מיינונג, מיט וואָס פאַר אַ קרענק מיר האָבן אין דעם פאַל צו טון. נאָכדעם ווייזט דער פּראָפעסאָר אָן דעם קו־ראַטאָר אויף זיינע פעלערן, ער פאַריכט זיי, בכלל בעסערט ער אויס דעם סטודענטס באַהויפּטונגען און שטעלט זיין דיאַגנאָז.

איך האָב באַטראַכט מיין קראַנקע: זי האָט אַ געשוואָלענעם בויך, דאָס זע איך, נאָר פון וואָס קען איר געשווילעכץ שטאַמען? וואָס פאַר אַ קרענק האָט זי? איך האָב זי באַטראַכט, אויסגעקלאַפּט, איך האָב זי אַליין אויסגעפרעגט און בין אַבסאָלוט גאָרנישט געוויר געוואָרן.

איך האָב אויסגערעכנט אין געדאַנק אַ ריי קראַנקהייטן, פון וועלכע עס קען זיך מאַכן אַזאַ געשווילעכץ, אַלע האָבן זיך גלייך געפּאַסט צו מיין קראַנקערס געשווילעכץ. איך האָב געזוכט אין פאַרשידענע ביכער און האָב אין זיי אָט וואָס געפונען:

אַ בויך־געשווילעכץ פון אַ גידראָנעפראָז איז ענלעך צו

אַ בויך־געשווילעכץ פון אַן עכינאָקאָק אויף די נירן, אָדער אַ סאַרקאָמע־געשווילעכץ. (טילמאַנס — „היימישע כירורגיע״).

אַ ראַק אויף די נירן שטעלט פאַר דאַסזעלבע אויסער-לעכע בילד ווי אַ געשווילעכץ פון די בויך-דריזן, אַ גע-שווילעכץ פון דער גאַל, גרויסע מכות אונטער די לענדן א. ד. גל. (שטרימפעל).

עס איז שווער אונטערצושיידן אַ קיסטאָמע פון אַ גי-דראָנעפראָז, ווייל ביידע קרענק האָבן דאַסזעלבע אויסזען, עס טרעפן זיך דעריבער באַ אַזעלכע פאַלן אָפטע דיאַ-גנאָסטישע פעלערן. (שרעדער „גינעקאָלאָגיע").

די סימפטאָמען פון אַ ראַק אויף דער אונטערמאָגנדי-קער דריז זענען אַזוי אומקלאָר, אַז ס'איז אוממעגלעך צו שטעלן אַ ריכטיקן דיאַגנאָז. (שטרימפעל).

ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, בין איך אין יענער צייט געווען אַ כופר אין דער מעדיצין, איך האָב געלאַכט פון איר, דע-ריבער בין איך טיף אין הארץ צופרידן געווען פון דעם, וואָס איך האָב איבערגעלייענט; איך בין געווען צופרידן דערמיט, וואָס די מעדיצין אַליין איז זיך מודה אין איר הילפלאָזיקייט.

איך האָב געטראַכט: וואָס בין איך שולדיק, אַז אונדזער „וויסנשאַפט", מישטיינסגעזאָגט, גיט מיר נישט קיין מיטלען צו דער-קענען די קרענק? איך וויל קיין שאַרלאַטאַן נישט זיין און בין מיך מודה, אַז איך ווייס נאָר איינס, אַז באַ דער קראַנקער איז געשוואָלן דער בויך; איך וויל נישט זיין קיין שווינדלער און דער-קלערן מיט „פולקאָמער זיכערקייט", אַז מיין פאַציענטקע האָט צבשפ. אַ ראַק, ווען עס קען זיין אַ סאַרקאָמע, אַן עכינאָקאָק און וואָס איר ווילט נאָר אַליין.

ס'איז אָנגעקומען די צייט צו דעמאָנסטרירן די קראַנקע. מ'האָט זי אַריינגעברענגט אין דער אוידיטאָריע אַריין אויף אַ טראַג-בעטל, מ'האָט מיך צו איר אַרויסגערופן. איך האָב איבערגעלייענט איר אַנאַמנעז (די געשיכטע פון איר קראַנקהייט).

— וואָס פאַר אַ קראַנקהייט האָט איר קאָנסטאַטירט באַם קראַנקן? ווי איז אייער דיאַגנאָז? — האָט געפרעגט דער פראָ־פעסאָר.

— איך ווייס גאָרנישט, — האָב איך ביין געענטפערט.

— אָבער דאָך?

איך האָב גאָרנישט געענטפערט.

— דער ענין איז באמת אַ שווערער, עס איז זייער שווער צו שטעלן אַ דיאַגנאָז באַ אַזאַ קרענק, — האָט דער פראָפעסאָר געזאָגט און האָט אַליין אָנגעהויבן אויסצופרעגן די קראַנקע.

צום ערשט האָט ער געהייסן די קראַנקע אַליין דערציילן וועגן איר קרענק. דערנאָך האָט ער פאָרזיכטיק, פאַמעלעך אָנגע־הויבן אויספרעגן די קראַנקע וועגן אַלעם: וועגן איר לעבן, אַרבעט, געזונטס־צושטאַנד אינדערהיים פאַר דער קרענק, וועגן אַלע פונק־ציעס פונם קערפער בשעת דער קרענק, און פון די פראַגן און ענטפערן אַליין האָט זיך אויסגעפורעמט אַ גאַנץ אַנדער בילד ווי באַ מיר: פאַר אונדזערע אויגן האָט זיך אויפגעוויקלט אַ לעבעדיק בילד פון אַ קראַנקן אָרגאַניזם, נישט אַ באַרג סימפּטאָמען אָנגע־וואָרפן אָן אַ סדר, אָן אַ צוזאַמענהאַנג צווישן זיך, ווי אין מיין אַנאַמנעז.

דערנאָך האָט דער פראָפעסאָר אָנגעהויבן באַטראַכטן די קראַנקע; ער האָט אונדז אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף, ווו דער בויך איז געשוואָלן, צי רירט זיך דאָס געשווילעכץ פון אָרט בשעתן אָטעמען, צי האָט עס אַ צוזאַמענהאַנג מיט דער הויבמוטער, מיט דער לעבער, מיט דער גלייכער אויסגאַנגס־קישקע א. ז. וו.

ענדלעך איז דער פראָפעסאָר צוגעטרעטן צום פעסטשטעלן די קראַנקהייט, צום דיאַגנאָז. ער איז געגאַנגען צום דיאַגנאָז פאַמעלעך, פאָרזיכטיק, פונקט ווי אַ בלינדער אין אַ פינסטערער נאַכט אויף אַ גליטשיקן וועג; קיין זאַך האָט ער נישט דורכגעלאָזט, קיין שום

קלייניקייט איז ער נישט פאַרבייגעגאַנגען אָן אַלזייטיקער באַהאַנדלונג; כּדי צו באַלייכטן דעם מינדסטן פאַקט, האָט ער איבערגעדרייט דעם גאַנצן אומגעהייער-גרויסן אַרסענאַל פון אַנאַטאָמיע, פיזיאָלאָגיע און פּאַטאָלאָגיע, פון קיין שום ספק איז ער נישט אָפּגעטרעטן אַזוי לאַנג, ביז ער איז קלאָר געוואָרן ווי דער טאָג...

און צום סאַמע סוף, ווען דער פּראָפעסאָר האָט אַרויסגעטראָגן זיין דיאַגנאָז, אַז די קראַנקע האָט אַ ראַק אויף דער לינקער ניר, איז עס פאַר יעדן אַזוי בולט געווען, פּונקט ווי מ׳וואָלט עס געזען מיט די אויגן.

איך בין געזעסן מיט אָפענע מויל און אויערן, כ׳האָב געהערט און געגאַפט: ווי נישטיק און לעכערלעך, ווי קיינלעך און נאַריש האָט באַ מיר אויסגעזען מיין סקעפּטיציזם!... דאָס געפלהאַפטע בילד, אין וועלכן ס׳איז זיך אוממעגלעך געווען צו אָריענטירן, איז אַ דאַנק דעם פּראָפעסאָרס קאָלאָסאַלע קענטעניש און בקיאות קלאָר געוואָרן ווי דער טאָג!

אין אַ וואָך אַרום איז די קראַנקע געשטאָרבן. און ווידער ווי דאַמאָלס ליגט אַ טויטער קערפּער אויפן מאַרמאָרנעם טיש, ווידער זיצן סטודענטן און הערן און קוקן אויפמערקזאַם, וואָס עס זאָגן און טוען די צוויי פּראָפעסאָרן. מ׳האָט די געשטאָרבענע געפּאַלמעסט; דער פּראָפעסאָר-פּאַטאָלאָג שניידט אויס פון בויך אַ שטיק פלייש און דערקלערט, אַז די קראַנקע האָט געהאַט אַ ראַק אויף דער לינקער ניר...

עס איז זיך נישט מעגלעך פאָרצושטעלן, וואָס איך האָב דאַמאָלס געפילט: אַזאַ אומגעהייערע ליבע צו דער גרויסער וויסנשאַפט! איך בין שטאָלץ געווען, וואָס איך בין באַדיי אַ קליינער נישטיקער מיטגליד פון דער גרויסער מעדיצינערישער משפּחה.

ווען איך האָב באַקוקט דאָס געשוואָלענע שטיק פלייש, וואָס דער פּראָפעסאָר האָט אונדז צוגעשיקט אויף אַ טעלער, איז מיר

בעקומען אויפן זין דער סטאַראַסטע פון אונדזער דאָרף, וולאַס. ער ער איז אַ פּאַרביסענער קעגנער פון דער מעדיצין, און ער פלעגט טענהן:

— ווי קענען דאָקטוירים וויסן, וואָס באַ מיר אינעווייניק טוט זיך? זיי קענען דען זען דורך און דורך?

יאָ, זיי זען טאַקע דורך און דורך...

מיין באַציונג צו דער מעדיצין האָט זיך שטאַרק געענדערט. ווען איך האָב אָנגעהויבן שטודירן, האָב איך געוואָלט, אַז די מעדיצין זאָל מיר געבן אַלץ, איך האָב באַלד באַמערקט, אַז אַלץ קען מיר די מעדיצין נישט געבן, האָב איך געמיינט, אַז זי קען מיר גאָרנישט געבן.

איצט האָב איך אָבער געזען, אַז די מעדיצין קען מיר אַ סך געבן און איך האָב אָנגעהויבן אַכטן אונדזער וויסנשאַפט. ווי גרויס מיין פאַראַכטונג צו איר איז געווען ביז איצט, אַזוי גרויס איז מיין אַכטונג צו איר געוואָרן איצט.

אויף יעדן טריט און שריט האָב איך באַגעגנט פאַקטן, וועלכע האָבן שטאַרקער געמאַכט מיין אַכטונג צו דער וויסנשאַפט.

אַ קראַנקער באַקלאָגט זיך, צבשפּ., אַז ס'טוט אים ווי אין אַ זייט: איך קלאַפּ אויס די זייט און הער, אַז דער קלאַנג איז אַ טעמפּער, אַז דאָרט אינעווייניק האָט זיך אויף אַן אָרט אָנגעזאַמלט מאַטעריע. נאָר וווּ קען עס זיין? אין דער לונג, צי אין דער פּלעווּ-רע? איך לייג צו די האַנט צו דער זייט, דער קראַנקער ציילט הויך: „איינס, צוויי, דריי!" די וויברירונג פונם קול אויף דער קראַנקער זייט איז אָפּגעשוואַכט און איך קען גאַנץ זיכער זיין, אַז די מאַטעריע געפינט זיך אין דער פּלעוורע, נישט אין דער לונג. דאָס איז אַזוי קלאָר פאַר מיר, פונקט ווי איך וואָלט עס געזען מיט די אויגן.

נאָך אַ ביישפּיל: אַ קראַנקער האָט אַ פּאַראַליזירטן פוס, איך דאַרף געהויר ווערן פונוואַנען דער פּאַראַליזש שטאַמט. וואָס טו איך? קלאַפּ איך מיטן העמערל אויף דער קני פונם קראַנקן פוס, דער פוס שפּרינגט אונטער, דאָס איז אַ סימן, אַז דער פּאַראַליזש שטאַמט נישט פון די נערוון, נאָר פון די געהירן: איך באַטראַכט די הויט אויף פאַרשידענע ערטער פון קאָפּ, איך זע, צי עס פונקציאָנירן רעגלמעסיק די קאָפּ-נערוון, צי איז דער רוקן-מאַרך אין אָרדנונג א. דגל. און איך קום ענדלעך צום באַשלוס, אַז דער פּאַראַליזש פונם לינקן פוס שטאַמט פון אַ פּונקט אין די געהירן, נישט ווייט פונם שטערן...

וויפיל שווערע אַרבעט, וויפיל הונדערטער יאָרן מי, מאַטעריש, ענערגיע האָט די מעדיצין געדאַרפט אַוועקלייגן, איידער זי איז געקומען צו די פּשוטע זאַכן? וויפיל קענטעניש, וויפיל געניאַליטעט האָט מען געדאַרפט האָבן, כדי די אַלע זאַכן צו דערגיין? און די גרויסע שטחים, וואָס די מעדיצין האָט שוין איינגענומען? די געניאַלע אַנטדעקונגען, וואָס דערנענטערן די מעדיצין צו דער גליקלעכער צייט, ווען אַלע סודות פון מענטשלעכן קערפּער וועלן אַנטפּלעקט ווערן? — דאָס איז דאָך אַלץ אַזוי גרויס און אַזוי שיין!

ווען מ׳באַטראַכט אַ קראַנק האַרץ, קען מען זיכער דערקלערן, וועלכעס פון די פיר טירעלעך איז אָפּגעשוואַכט און וואָס די סיבה איז דערפון; מיט אַ ספּעציעלן שפּיגל קען מען זען, וואָס עס טוט זיך אינם אויג, אין דער נאָז, אינם גאָרגל, אינם ווייבלעכן געשלעכטס-אָרגאַן, אפילו קוקן אין אויערן-פּעכער און אין מאָגן אַריין.

ס׳איז אַנטדעקט די שרעקלעכע, אומפאַרשטענדלעכע „מגפה“; מיר קענען זי איצט צו יעדער צייט באַקוקן אין אַ מיקראָסקאָפּ און אפילו אַליין באַשאַפן. ס׳זענען מאַטעמאַטיש אויסגערעכנט

במעט אַלע פּאַרוויקלסטע פונקציעס פונם מענטשלעכן קערפּער, דער פּראָצעס פון געבוירן א. דגל.

מ'ברענט אויס אַ קינד אַ פּאַליפּ פון דער נאָז, נאָר פריער באַשמירט מען דאָס אָרט מיט קאָקאַין, און דאָס קינד זיצט און שמייכלט, בשעת זיין פליש פּרעגלט זיך און פון דער נאָז וועצט אַרויס אַ רויך...

ווער קען דען אַלץ אויסרעכענען? אמת, עס פעלט נאָך אַ סך, נאָר דאָס איז נישט מער ווי אַ פראַגע פון צייט, ס'איז גאָר שווער זיך פאָרצושטעלן, וואָס די מעדיצין וועט מיט דער צייט דערגרייכן.

מיט אַ קליינער צייט צוריק איז אפשר וואָס גערעכט געווען, זאָגנדיק, אַז מ'קען נישט זען, וואָס עס טוט זיך באַ אַ מענטש אינעווייניק, איצט זעט מען טאַקע „דורך און דורך" אַ דאַנק די רענטגען-שטראַלן.

ערשט מיט פערציק יאָר צוריק האָבן זיך דריי פערטל אָפּעראַציעס געענדיקט מיטן טויט, ווייל צוליב דער אָפּעראַציע איז דער קראַנקער בראַנדיק געוואָרן און געשטאָרבן.

פּיראָגאָוו שרייבט: „ס'איז אַן אומגליק מיטן בראַנדיק ווערן בשעת אַן אָפּעראַציע, קעגן דעם אומגליק איז קיין מיטל נישטאָ פונקט ווי קעגן אַ ראַק". אויף אַן אַנדער אָרט שרייבט ער: „ווען איך קוק אויף אַ בית הקברות, ווו ס'זענען באַגראָבן די געשטאָרבענע פון אָפּעראַציעס, ווייס איך נישט, וואָס מער צו באַוווּנדערן, צי די האַרטנעקיקייט אין אומדערמידלעכע ענערגיע פון די כירורגן, צי דעם צוטרוי, וואָס מענטשן האָבן נאָך צו דער מעדיצין..." אַזאַ שרעקלעכע פּלאָג איז דאָס געווען!

נאָר אָט איז געקומען לישטער און דערפינדן די אַנטיסעפּטיק, דערנאָך איז דערפינדן געוואָרן די אַסעפּטיק (מיטלען ווי אַזוי צו פאַרהיטן, אַז דער קראַנקער זאָל נישט בראַנדיק ווערן בשעת

דער אָפּעראַציע) גאָן די שרעקלעכע פּלאָג פון דער כירורגיע איז
נעלם געוואָרן; אויב עס טרעפט זיך איצט אַ טויט-פאַל בשעת אַן
אָפּעראַציע איז שולדיק דערין נישט די מעדיצין, נאָר דער אָפּע-
ראַטאָר.

שוין איצט האָט די מעדיצין אַזוי פיל געגעבן דער מענטש-
הייט, וואָס-זשע וועט זי נאָך אויפטון אין דער צוקונפט!

עס וועט קומען אַ צייט, ווען דער מענטשלעכער קערפּער
וועט אינגאַנצן מיט אַלע פּרטים פאַרשטענדלעך ווערן; דאַן וועלן
פאַרשוווּנדן ווערן די היינטיקע נישט פולקאָמע היילונגס-מיטלען, —
די מעדיצין וועט פאַרשטאַרקן די לעבנס-קרעפטן פונם מענטש, באַלד
ווען ער וועט געבוירן ווערן, און קיין שום מגפה, קיין שום אָנ-
צינדונג, קיין טובערקולאָז און שקראָפול וועלן אויפן מענטש קיין
שליטה נישט האָבן; קיין ברילן וועט מען נישט דאַרפן און פלאָמ-
בירן ציין וועט זיין אַן אומניצלעכע זאַך. עס וועלן פאַרשווינדן
ווערן אַ סך קרענק און די וואָס וועלן בלייבן, וועלן לייכט באַקעמפט
ווערן. עס וועלן געבוירן ווערן סאַמע שטאַרקע, גליקלעכע, געזונטע
מענטשן און באַ אַ געוויינערן וועט מען קיינמאָל נישט באַנוצן קיין
שלאָפגעטראַנק, קיין אַקושערישע צוואַנג.

וואָס מער איך האָב זיך איצט באַקאַנט מיט דער מעדיצין,
האָט זי מיך מער באַצויבערט, מער געצויגן צו זיך. איך האָב
אָבער גלייכצייטיק געזען, אַז כּדי צו זיין אַ גוטער דאָקטאָר, מוז
מען באַזיצן קאָלאָסאַלע קענטעניש און דאָס האָט מיך זייער באַ-
אומרויקט.

עדן טאָג האָב איך געהאַט אַנדערע לעקציעס, יעדן טאָג
האָב איך געהאַט עפּעס נייס, אַלץ האָט מען געדאַרפט וויסן, אַלץ
געדענקען, דער קאָפּ האָט דאָס אַלץ נישט געקענט מיט איין מאָל
אויפפאַסן; עס האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ צייט פון שווערע

אַרבעט, איך האָב נישט געהאַט קיין צייט אַפילו צו לייענען אַ ביכל.

מיר האָבן זיך געוואָרפן פון איין לעקציע אויף דער צווייטער, פון איין קליניקע אין דער צווייטער אריין, ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ זענען פאַר אונדזערע אויגן פאַרבייגעלאָפן פאַרשידענע זאַכן: די אָפּעראַציע פון אַ קני, אַ לעקציע וועגן די אייגנשאַפטן פון קופּער-זויער-שטאָף, די וואַנזיניקייט פון אַן עפּילעפּטיקער, די נוצן פון דער אַקושערישער צוואַנג, סידענגאַמס באַדייטונג פאַר דער מעדיצין, די אָפּעראַציע פון די טרערן-קאַנאַלן, די מיטלען אָפּצופאַרבן לעפּלערס באַצילן, מאַסאַזש. די סימנים פון דערשטיקט ווערן, דער שערער-לישיי, די סיסטעמען פון ווענטילאַציע, די טעאָריע פון בעוורצעסטעניע, די געזעצן פון די שאַנד-הייזער א. ז. וו. א. ז. וו.

די אַלע זאַכן זענען פאַרבייגעפלויגן און איבערגעלאָזט אַ קליינעם שפור, אָדער לגמרי אַרוס פון קאָפּ, ווייל ס'איז נישט געווען קיין פּאַקטישע מעגלעכקייט אַלץ איינעם צו געדענקען, און ווען איך האָב געוואָלט דורכקלערן אַ זאַך, אָדער דורכלייענען וועגן איר אַ בוך, האָב איך אויך נישט געקענט, ווייל תוך כדי דיבור האָבן זיך אויף מיר אָנגעהויבן שיטן נייערע, פרישערע זאַכן.

אָן אַ סיסטעם, מעכאַניש האָט מען דאָס אַלץ געדאַרפט אויפנעמען, באַהאַלטן אין אַ ווינקעלע פונם זכרון און באַרויקן זיך: „שפּעטער, דערנאָך, איך וועל ענדיקן, עס וועט זיין מער צייט, וועל איך דאָס אַלץ אויפלעבן אין זכרון, אויפסניי דורכטראַכטן, דורכלערנען און ברענגען אַלץ אין אָרדנונג".

דערווייל זענען די זאַכן פאַרגעסן געוואָרן, אָדער אָנגעווירן דעם אינטערעס, און מיין שטודיום האָט באַקומען דעם אויסזען ווי דער לימוד אין גימנאַזיע.

זעלבסטשטענדיק עפּעס טון, אָדער זעלבסטשטענדיק קלערן איז אונדז קיינמאָל נישט אויסגעקומען. מיר האָבן מער נישט געטון,

נאָר געקוקט און געהערט און פאַר אונדזערע אויגן האָבן די פּראָפעסאָרן דערליידיקט די שווערסטע פראַגן, אַנטוויקלט די שווערסטע אויפגאַבן, געטראָפן די פּאַרוויקלסטע רעטעניש, וועלכע טראָגן דעם נאָמען: לעבעדיקע מענטשן.

מיר האָבן אַלץ געזען, אַלץ געהערט און אַלץ האָט אונדז אויסגעוויזן קלאָר, פשוט און פאַרשטענדלעך. נאָר טאָמער האָט זיך מיר געטראָפן אַ קראַנקער, וואָס האָט צופעליק געפרעגט בײַ מיר אַן עצה, האָב איך קיינמאָל נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן, וואָס צו טון.

אין אָנהייב האָט עס מיך ווייניק געקומערט, איך האָב געטראַכט: עס איז נאָך דאָ גענוג צייט, איך וועל מיט דער צייט דאָס אויך וויסן. די צייט איז אָבער געפלויגן און איך האָב געענדיקט דעם פינפטן קורס. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די לעצטע עקזאַמענס; נאָך אַ וואָך, נאָך אַ וואָך און איך וועל ווערן אַ זעלבסטשטענדיקער דאָקטאָר.

איך פיל אָבער, אַז איך קען גאָרנישט, אַז איך בין נישט פעיִק אַפילו איין טריט צו מאַכן זעלבסטשטענדיק. איך זע גלייכצייטיק, אַז נישט נאָר איך בין אַזוי אומבאַהאָלפן, אַז אַלע מײַנע חברים זענען נישט בעסער פון מיר, די מערהייט איז נאָך ערגער...

וואָס-זשע וועט זיין פון אונדז?

פיר חדשים צייט האָבן זיך געצויגן די עקזאַמענס. אין דעם מעדיצינישן פאַקולטעט זענען די עקזאַמענס זייער שווערע צוליב דער גרויסער צאָל לימודים. איך האָב גוטע פעיִקייטן און איך האָב זיך די גאַנצע צייט גוט געלערנט, פונדעסטוועגן האָב איך געמוזט אַרבעטן פאַרן עקזאַמען 10-12 שעה אַ טאָג. מען האָט געדאַרפט אָן אַ שיִער קענען, אָן אַ שיִער וויסן, און די מערהייט פון די קענטענישן זענען לחלוטין נישט נייטיק געווען, מען האָט זיי באַלד נאָכן עקזאַמען געמעגט פאַרגעסן אָן שום שאָדן,

ווייל די מערהייט פּראָפעסאָרן שטעלן זייער ספּעציאַליטעט העכער פון אַלעם.

איין קאָלעגע מיינער איז „דורכגעפאַלן" באַם עקזאַמען פון אַנאַטאָמיע, ווייל ער האָט נישט געוווּסט, צי די אונטערמאָגנדיקע דריז איז באַדעקט מיטן פּעריטאָן (די הויט וואָס באַדעקט אַלע בויך-אָרגאַנען); די פראַגע איז פאַר אַן אַנאַטאָם זייער וויכטיק, פאַר אַ דאָקטאָר האָט זי אָבער קיין שום באַדייטונג נישט.

נייטיקער פון אַלץ איז געווען צו וויסן די אייגנטימלעכקייטן פון יעדן פּראָפעסאָר באַזונדער. די אייגנטימלעכקייטן האָט מען אומבאַדינגט געמוזט קענען; דער, וואָס האָט זיי נישט געקענט, איז זיכער דורכגעפאַלן.

איין פּראָפעסאָר האָט געהאַט אַ באַליבטע פראַגע: „באַ וועלכער חיה ריכט וואַסער פון מויל, ווען מען מאַכט איר אַ קאַנע?".

דער פּראָפעסאָר פון אינערלעכע קראַנקהייטן האָט מיך אַליין געפרעגט אויפן עקזאַמען: „וואָס איז פאַר אַ חילוק, צי איר נעמט איין אַ לעפל קאַלט וואַסער אין מויל אַריין, צי איר גיסט אים אייך אויס אויפן קאָפּ?"

דעם פּראָפעסאָר-דערמאַטאָלאָג האָט מען געמוזט זאָגן, אַז די פּעסט איז אַן אַנשטעקנדיקע קראַנקהייט, דעם כירורג — פאַרקערט, אַז זי איז נישט אַנשטעקנדיק.

בכלל איז דער אויסגאַנג פונם עקזאַמען אָפּהענגיק געווען פון דער פּערזאָן: איז דער פּראָפעסאָר געווען „אַ גוטער", האָט ער דורכגעלאָזט באַם עקזאַמען אַזאַ סטודענט, וואָס האָט געזאָגט, אַז אַ קינד פון דריי חדשים מעג מען איינגעבן פינף טראָפּנס אָפּיום. אַ „שלעכטער" פּראָפעסאָר האָט ווידער נישט דורכגעלאָזט אַזאַ סטודענט, וואָס האָט נישט געוווּסט, באַ וועלכער חיה סריכט וואַסער פון מויל, בשעת מען מאַכט איר אַ קאַנע...

אַזאַ נאַרישער עקזאַמען האָט אַ פּנים פון אַ קאָמעדיע; אַנ-

שטאָט אמתע קענטעניש פאָדערט מען, אַז דער צוקונפטיקער דאָקטאָר זאָל קענען אַ שפּיל, אַ נאַרישן מיש־מאַש, וועלכן מען פאַרגעסט באַלד אויפן אַנדערן טאָג נאָכן עקזאַמען.

פראָפ. וויכראָוו האָט געטרוימט וועגן דעם, אַז אַ דאָקטאָר זאָל יעדערע עטלעכע יאָר מוזן האַלטן עקזאַמען. ווען מען זאָל דעם בעניטסטן דאָקטאָר הייסן ענטפערן אויף די פראַגן, וועלכע יונגע סטודענטן פאַרענטפערן אַזוי לייכט אויפן עקזאַמען, וואָלטן זיי געוויס נישט געקענט!

דער עקזאַמען אויפן טיטול דאָקטאָר־מעדיצין איז פשוט אַ פּאַראָדיע אויף אַן עקזאַמען, אַ ריינע קאָמעדיע. מ׳דאַרף אויסלערנען אַ גרעסערע צאָל אַזעלכע פורים־שפּילן, מיט עטלעכע הונדערט אומגעלומפּערטע פּשטלעך מער, ווי צו אַ פּראָסטן מעדיצינערישן עקזאַמען, און מען באַקומט זייער לייכט דעם וויסנשאַפטלעכן טיטול — „דאָקטאָר".

יונגע־לייטלעך, ערשט געענדיקטע, ערשט אַרויס פונם חדר, גייען תיכּף האַלטן דעם עקזאַמען אויף דאָקטאָר־מעדיצין און באַקומען לייכט דעם דאָזיקן טיטול.

אַזאַ פּראָפאַנירונג פון טיטול דאָקטאָר איז אין ערגעץ נישט פאַרהאַן, אין קיין שום וויסנשאַפטלעך געביט; אַ דאָקטאָר־פילאָזאָפיע, אָדער אַ דאָקטאָר־פילאָלאָגיע וועט אין יעדער מאָמענט קענען אויסהאַלטן דעם עקזאַמען און כאָטש צען מאָל קענען באַקומען דעם וויסנשאַפטלעכן טיטול, אַ דאָקטאָר מעדיצין אָבער וואָלט עס נישט געקענט באַווייזן!

ווען מ׳זאָל אַזאַ דאָקטאָר נאָכאַמאָל, אַ שטייגער אין פינף יאָר אַרום, עקזאַמענירן, וואָלט מען בײַ אים געמוזט צונעמען דעם דאָקטאָרישן טיטול, ווייל ער וואָלט דעם עקזאַמען נישט אויסגעהאַלטן, פונקט אַזוי האָלט דעם עקזאַמען נישט אויסגעהאַלטן דער באַרימטסטער דאָקטאָר, — סיידן מ׳זאָל אים עקזאַמענירן „לייכט", מ׳זאָל

נעמען אין אַכט זיינע פאַרדינסטן פאַר דער מעדיצין און פאַרלאַנ־
גען פון אים אמתע פאַך־קענטעגישן, און נישט פאָדערן „על פי דין",
אַז ער זאָל קענען ווי אַ וואַסער אַלע קליניקייטן, וועלכע האָבן
קיין שום נוצן נישט.

## IV

די לעצטע עקזאַמענס זענען געענדיקט. מ׳האָט אונדז אַריינגעבעטן אין גרויסן זאַל; מיר האָבן אונטערגעשריבן די דאָקטאָרישע שבועה און באַקומען דיפּלאָמען.

די דיפּלאָמען, וועלכע זענען באַצירט געווען מיטן מלוכהשן העריב און דעם גרויסן אוניווערסיטעט-שטעמפּל, האָבן באַשטעטיקט, אַז מיר האָבן אויסגעהאַלטן מיט ערפאָלג אַלע טעאָרעטישע און פּראַקטישע עקזאַמענס און אַז דער מעדיצינישער פאַקולטעט האָט אונדז אָנערקענט פאַר דאָקטוירים „מיט אַלע רעכט און פּריווילעגיעס, וועלכע געהערן דעם פאַך לויטן געזעץ“.

איך האָב פאַרלאָזט אונדזער alma mater (שול, אוניווערסיטעט) מיט אַ שווער און טרויעריק געפיל. דאָס, וואָס איך האָב אָנגעהויבן בולט צו פילן במשך דעם לעצטן קורס, איז פאַר מיר איצט אויפגעשטאַנען אין דער גאַנצער נאַקעטקייט.

איך פאַרמאָג נישטיקע, נעפּלהאַפטע, נישט דורכגעקלערטע און נישט דורכגעשטודירטע קענטענישן, איך בין געוווינט נאָר צו זען און צו הערן און בשום אופן נישט צו טון עפּעס, — און אָט בין איך אַ דאָקטאָר: צו מיר וועלן זיך איצט ווענדן קראַנקע נאָך הילף! אָבער וואָס וועל איך זיי קענען געבן?...

אַלע מיינע חברים האָבן געפּילט דאָסזעלבע וואָס איך.

מיט אַ ביטערער קנאה האָבן מיר געקוקט אויף די גליקלעכע, וועלכע זענען איבערגעלאָזט געוואָרן אין קליניק אַלס אָרדינאַטאָרס: זיי האָבן ווייטער געקענט לערנען, זיי וועלן אַרבעטן נישט אויף אייגענער אחריות, נאָר אונטער דער אויפזיכט פון בעניטע און געלערנטע פּראָפעסאָרן.

אָבער מיר אַלע איבעריקע, — מיר האָבן באַדאַרפט ווערן זעלבסטשטענדיקע דאָקטוירים, און נישט בלויז געניסן פון די „רעכט און פּריווילעגיעס", נאָר אויך טראָגן די פליכטן, „וועלכע געהערן צו דעם פאַך"...

אייניקע פון מיינע חברים האָט געגליקט אָנצוקומען אין שפּיטאָלן; אַנדערע זענען אָנגעקומען אין דער „זעמסטוואָ"; די איבעריקע איז אָבער אין ערגעץ נישט געלונגען זיך איינצוּאָרדנען; איך בין געווען איינער פון די לעצטע און פאַר אונדז איז געבליבן איין אויסוועג, — פּרוּוון לעבן פון פּריוואַטער פּראַקטיק.

איך האָב מיך באַזעצט אין אַ גובערניע-שטאָט אין צענטראַל-רוסלאַנד. איך בין געקומען אַהין אין אַ זייער גינסטיקן מאָמענט: ערשט נישט לאַנג איז געשטאָרבן אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט געוווינט אין עק שטאָט און געהאַט אַ גרויסע פּראַקטיק.

איך האָב געדונגען אַ דירה אין דער זעלבער געגנט, אויפגעהאָנגען אויף דער טיר אַ ברעטעלע: „דאָקטאָר דער און דער" און אָנגעהויבן וואַרטן אויף פּאַציענטן.

איך האָב געוואַרט אויף זיי, — אין דערזעלבער צייט האָב איך אָבער מורא געהאַט דווקא דערפאַר, טאָמער קומען זיי טאַקע. באַ יעדן קלונג האָט מיין האַרץ אָנגעהויבן שטאַרק קלאַפּן, און ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז געקלונגען האָט נישט קיין פּאַציענט, האָב איך פריי אָפּגעעטעמט.

ווען איך דען קענען שטעלן אַ דיאַגנאָז, ווען איך קענען היילן?

איך בין געווען אַ קליינער מאַמין אין מיינע קענטענישן און כ'האָב גאָר מורא געהאַט צו טראַכטן, אַז מיר וועט אויסקומען די־דאָזיקע קענטענישן באַנוצן עקספּראָמט.

גוט וואָלט געווען, ווען די קרענק זאָל בײַ מיין ערשטן פּאַציענט זיין אַזעלכע, וואָס שמעקט נישט מיט סכנות, בײַ וועלכער מ'קען צוּוואַרטן: איך וואָלט פאַרשריבן „אַבי וואָס", און שפּעטער, אינדערהיים, וואָלט איך שוין געזען, וואָס צו טון.

וואָס וועט אָבער זיין, אַז מ'וועט מיך רופן צו אַ קראַנקן, וועלכער נייטיקט זיך אין גיכער הילף. נאָר צו אַזעלכע קראַנקע רופט מען דאָך צום מייסטן אָנפאַנגנדע דאָקטוירים, וואָס וועל איך טון אין אַזאַ פאַל?

ס'איז פאַרהאַן אַ בוך: „דאָס פעסטשטעלן און היילן אַזעלכע קרענק, וועלכע דראָען מיט אַ באַלדיקער געפאַר" פון דר' לואי בלאַז. איך האָב געקויפט דאָס בוך און געמאַכט אין מיין נאָטיץ־ביכל אַ קאָנספּעקט דערפון. דעם קאָנספּעקט האָב איך דערגענצט מיט אָנווייזונגען, וועלכע איך האָב אַרויסגענומען פון די לערן־ביכער.

יעדער קרענק האָב איך לויט אירע סימפּטאָמען אַריינגעצויגן אין אַ באַזונדערער רובריק. איך האָב געטון צום ביישפּיל אַזוי:

שווערער אָטעם:

1) קרופּ 2) פאַלשער קרופּ, 3) געשווילעכץ פון גאָרגל, 4) ספּאַזמען פון גאָרגל, 5) בראָנכיטישע אַסטמע, 6) געשווילעכץ פון די לונגען, 7) קרופּ פניימאָניע, 8) אורעמישע אַסטמע, 9) פלעווריט, 10) פניימאָטאָראַקס.

לעבן יעדן נאָמען פון דער קרענק האָב איך אָנגעשריבן אירע סימפּטאָמען און די מיטלען זי צו היילן.

דער קאָנספּעקט האָט מיר געטריי געדינט; און אַפילו צוויי יאָר שפּעטער האָב איך זיך אָן זיין הילף נישט געקענט באַגיין. ווען מען האָט מיך גערופן צו אַ קראַנקן מיט אַ שווערן אָטעם, האָב איך אַרויסגענומען מיין נאָטיץ-ביכל מכלומרשט צו פאַרשרייבן דעם קראַנקן, דאָ האָב איך אַ קוק געטון, צו וועלכער קרענק פון די אויסגערעכנטע די איצטיקע איז ענלעך, און האָב שוין געוווּסט וואָס צו טון.

אין דער געגנט, וווּ איך האָב זיך באַזעצט, זענען קיין דאָקטוירים נישט געווען; ביסלעכווייז האָבן צו מיר אָנגעהויבן קומען פּאַציענטן; אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך באַקומען אַ פּראַקטיק, אַ גאַנץ נשקשהדיקע פאַר אַ יונגן דאָקטאָר.

צווישן פיל אַנדערע האָב איך אויך געהיילט איינע, אַ שוסטערס אַ ווייב, אַ פרוי פון אַ יאָר דרייסיק; זי האָט געהאַט דיזענטעריע.

איך האָב זי געהיילט מיט ערפּאָלג און די קראַנקע האָט שוין אָנגעהויבן געזונט ווערן; נאָר איינמאָל אינדערפרי האָט איר שטאַרק אָנגעהויבן וויי טון די רעכטע זייט בויך. דער מאַן אירער איז באַלד געקומען צו לויפן נאָך מיר.

איך האָב איר באַטראַכט דעם גאַנצן בויך; ער האָט איר זער וויי געטון; די זייט בויך, וווּ די לעבער געפינט זיך, האָט מען איר נישט געטאָרט אָנרירן; דער מאָגן, די לונגען, דאָס האַרץ זענען געווען אין אָרדנונג, די טעמפּעראַטור — נאָרמאַל. וואָס קען דאָס זיין?

איך האָב מיך דערמאַנט אַלערליי לעבער-קראַנקהייטן, נאָר קיין איינציקע האָט זיך נישט געפּאַסט צו דער איצטיקער קרענק; מיר איז דעריבער איינגעפאַלן, אַז צו דער קרענק האָט זיך צוגעטשעפּעט נאָך איינע, אַ נייע. בײַ דיזענטעריע טרעפן זיך אַמאָל

מכות אויף דער לעבער; נאָר דאָס איז אויך נישט מעגלעך געווען, ווייל די קראַנקע האָט געהאַט אַ נאָרמאַלע טעמפּעראַטור.

איך האָב איר אַרונטערגעלאָזט מאָרפינע און בין אוועקגעגאַנגען, נישט וויסנדיק, וואָס פאַר אַ קרענק עס קען בא איר זיין.

פאַרנאַכט האָט זי באַקומען אַ שטאַרקן פיבער און 40 גראַד היץ, די ווייטיק אין דער לעבער איז נאָך שטאַרקער געוואָרן; איצט איז בא מיר קיין ספק נישט געווען, אַז בא דער קראַנקער מאַכט זיך פון דער דיזענטעריע אַ מכה אויף דער לעבער; די געשוואָלענע לעבער דריקט אויף דער לונג און דערפון נעמט זיך טאַקע דער שווערער אָטעם. איך בין זייער צופרידן געווען פון מיין קינציקן דיאַגנאָז.

און אויב די קראַנקע האָט טאַקע אַ מכה אויף דער לעבער, איז אומבאַדינגט נויטיק אַן אָפּעראַציע (אין קליניק איז עס דאָך אַזוי לייכט צו זאָגן!).

איך האָב אָנגעהויבן צורעדן דעם מאַן, ער זאָל זיין פרוי אָפּגעבן אין שפּיטאָל אַריין; איך האָב אים דערקלערט, אַז די לאַגע איז זייער אַן ערנסטע, אַז זיין פרוי האָט אַ מכה אויף די געדערים, אויב די מכה וועט פּלאַצן אינעווייניק, איז דער טויט אומפאַרמיידלעך.

דער מאַן האָט זיך לאַנג געקווענקלט, ענדלעך האָט ער איינגעשטימט און אָפּגעפירט דאָס ווייב אין שפּיטאָל.

אין צוויי טעג אַרום בין איך געגאַנגען אין שפּיטאָל אַריין געוווּיר ווערן, וואָס די קראַנקע מאַכט. איך קום אַריין, רוף אַרויס דעם אָרדינאַטאָר, — ווייזט זיך גאָר אויס אַז מיין קראַנקע האָט... אַ קרופּ־אָנצינדונג פון די לונגען! איך האָב מיינע אויערן נישט געגלייבט.

דער אָרדינאַטאָר האָט מיך אַריינגעפירט אין זאַל אַריין און

באַצווּיִזן די קראַנקע. איך האָב זיך דערמאַנט, אַז עס איז מיר גאָר־נישט איינגעפאַלן זי צו פרעגן וועגן הוסט, איך האָב איר גאָר נאָכאַמאָל נישט באַטראַכט די לונגען, איך האָב זיך שטאַרק אָנגעכאַפּט אָן דער היץ, ווייל זי איז גינסטיק געווען פאַר מיין דיאַגנאָז. באמת איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, איר נאָכאַמאָל צו באַטראַכטן די לונגען, די קראַנקע האָט אָבער באַ יעדער באַוועגונג אַזוי שטאַרק געשריגן, אַז איך האָב זי צורוּ געלאָזט, נישט געהייסן אויפזעצן זיך און נישט באַטראַכט זי, ווי עס געהער צו זיין.

— איר טוט אָבער שטאַרק וויי דער גאַנצער בויך און די לעבער, — האָב איך געזאָגט אַ פאַרשעמטער.

— יאָ, די לעבער טוט איר אַ ביסל וויי, — האָט דער אָרדינאַטאָר געענטפערט: — כאָטש מער טוט איר ווי די רעכטע פלעווּרע.

— דער גאַנצער בויך טוט איר אָבער אויך וויי.

איך האָב איר קוים אָנגערירט דעם בויך, — די קראַנקע האָט אַ געשריי געטון. דער אָרדינאַטאָר האָט זיך אָנגעהויבן אויסצושמועסן מיט איר, ער האָט זיך אויסגעפרעגט, ווי זי האָט פאַרבראַכט די נאַכט, און ביסלעכווייז האָט ער איר אַריינגענורעט די גאַנצע האַנט אין בויך אַריין, — די קראַנקע האָט עס אַפילו נישט באַמערקט.

— נו, מומעלעבן, זעץ דיך אויף! — האָט ער איר באַפוילן.

— אָך, איך קען נישט!

— נו, נאַרישקייטן! זעץ דיך אויף!

זי האָט זיך אויפגעזעצט. מען האָט זי געקענט אויסקלאַפּן, באַטראַכטן, און איך האָב דערזען אַ טיפּישע קרופּ-פּניימאָניע, — דאָס איז געווען קלאָר ווי דער טאָג. . .

ווי אזוי האָב איך זי געקענט אַזוי נאַכלעסיק און אויבער־פלעכלעך באַטראַכטן? יעדן קראַנקן, אויף וואָס ער זאָל זיך נישט קלאָגן, מוז מען דאָך באַטראַכטן פונם קאָפּ ביז די פיס, דאָס האָבן אונדז שטענדיק געחזרט די פּראָפעסאָרן.

יאָ, אַלע אונדזערע פּראָפעסאָרן האָבן דאָס אונדז שטענדיק דערמאַנט, אויפן עקזאַמען וואָלט איך געקענט ברענגען אַן אַ שיער ראיות, וועלכע באַווייזן די נויטיקייט דערפון.

די טעאָריע איז אָבער איינס און די פּראַקטיק עפּעס אַנ־דערש: אין אמת אָבער האָט באַ מיר אויסגעזען קאָמיש צו באַ־טראַכטן די נאָז, די אויגן, די פּיענטעס באַ אַ קראַנקן, וועלכער קלאָגט זיך, צום ביישפּיל, אויף אַ מאָגן קראַנקהייט

אַזעלכע געזעצן ווערן פאַרשטענדלעך נישט פון דער טע־אָריע, נאָר פון דער פּראַקטיק, פון דער אייגענער דערפאַרונג. מיר האָבן אָבער קיין שום מעגלעכקייט נישט געהאַט צו דערגיין עפּיס אין דער קליניק דורך אייגענער דערפאַרונג.

כאַראַקטעריסטיש איז אויך דאָס, וואָס אין מיין דיאַגנאָז האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף דער זעלטנסטער פון די אַלע קרענק, וועלכע האָבן געקענט געגומען ווערן אין אַכט.

אין מיין פּראַקטיק איז עס נישט געווען דער איינציקער פאַל: אַ שטעכונג אין די קישקעס האָב איך געהאַלטן פאַר אַ פּעריטאָניט; מערידן — פאַר אַ ראַק פון דער גלייכער קישקע א.ד.גל.

איך בין זייער ווייניק באַקאַנט געווען מיט די איינפאַכע קרענק, — פאַר אַלעם זענען אויפגעשווומען באַ מיר אין זכרון די שווערסטע, זעלטנסטע און „אינטערסאַנטסטע" קרענק, וועלכע איך האָב געזען אין די קליניקעס.

פונדעסטוועגן האָב איך באַם דערקענען די קרענק נאָך עפּ־וואָס געקענט פילן דעם באָדן אונטער די פיס: אין אונדזער אָנ־ווייזנהייט האָט מען אין קליניק געשטעלט דיאַגנאָזן, און כאָטש

מיר האָבן דערין גענומען אַ נישטיקן אָנטייל, האָבן מיר לכל הפחות געננג געזען.

לגמרי אומבאַקאַנט איז מיר געווען דער גאַנג פון דער קרענק און די ווירקונג פון די פאַרשידענע רפואות. מיט דעם געביט בין איך באַקענט געווען נאָר פון די ביכער; אויב מ'האָט איין און דעמזעלבן קראַנקן דעמאָנסטרירט פאַר אונדז פיר-פינף מאָל, איז עס גוט געווען.

בעת מיין גאַנצן שטודיום האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט נאָכצופאָרשן סיסטעמאַטיש די קרענק באַ די צען אָדער צוועלף קראַנקע, באַ וועלכע איך בין געווען קוראַטאָר; און דאָס איז פונקט אַזוי פיל ווי גאָרנישט.

איינמאָל, אַ חודש צוויי נאָכדעם, ווי איך האָב אָנגעהויבן מיין פראַקטיק, האָט מען מיך איינגעלאַדן צו אַ מאַנופאַקטור-פאַבריקאַנטס אַ פרוי; דאָס ערשטע מאָל האָט מען מיך גערופן צו אַ רייכן; ביז איצט האָט זיך מיין פראַקטיק באַגרענעצט מיט קליינ-הענדלער, בעל-מלאכות, אָפיצירישע אלמנות, א. ד. גל.

— ה' דאָקטאָר, ווי לאַנג איז, אַז איר האָט געענדיקט דעם קורס? — דאָס איז געווען די ערשטע פראַגע, מיט וועלכער ס'האָט זיך צו מיר געווענדט די קראַנקע, אַ יונגע, אינטעליגענטע דאַמע פון אַ יאָר דרייסיק.

איך האָב זייער געוואָלט זאָגן „צוויי יאָר", נאָר איך האָב עפּעס נישט געקענט, און געזאָגט דעם אמת.

— גוט, איך בין זייער צופרידן, — האָט געזאָגט די קראַנקע — איר שטייט הייסט עס אויף דער וויסנשאַפטלעכער הייך; אָפן גערעדט, גלייב איך מער די יונגע דאָקטוירים, ווי די אַלטע „באַרימטע", זיי האָבן אַלץ פאַרגעסן און באַמיען זיך נאָר צו היפּנאָטיזירן אונדז מיט זייער רום.

די קראַנקע האָט געהאַט אַ שטאַרקן גלידער-רעוומאַטיזם

פונקט אזא קר׳ענק, אויף וועלכער ס׳איז פאַרהאַן אין דער מעדי־
צין אַ זיכער, ספּעציפיש מיטל, סאַליציל־זויערשטאָף. פאַר מיר איז
עס געווען אַ גוטע התחלה.

— לאַנג וועט דויערן איר קרענק? — האָט מיך אין פאָ־
דערצימער געפרעגט דער קראַנקערס מאַן.

— ניין, — האָב איך געענטפערט — איצט וועט איר מיט
יעדן טאָג בעסער ווערן, די ווייטיק וועט אַלע טאָג קלענער ווערן.
נאָר איר טוט אַכטונג, אַז זי זאָל די רפואה איינגעמען פּינקטלעך.

אין צוויי טאָג אַרום באַקום איך פון אים אַ בריוועלע:

„געערטער הער! ס׳איז מיין פרוי נישט בעסער געוואָרן,
נאָר פאַרקערט, ס׳איז איר פיל ערגער, זייט אַזוי גוט און קומט
צו פאָרן".

איך בין געקומען. בא דער קראַנקער איז פריער אָנגערירט
געווען נאָר די רעכטע קני און די לינקע פּיענטע: איצט האָבן
איר אָנגעהויבן וויי טון אויך די לינקע פּלייצע און די לינקע קני.
די קראַנקע האָט מיך באַגעגנט מיט אַ פּיינטלעכן, קאַלטן בליק.

— ה׳ דאָקטאָר, איר האָט דאָך געזאָגט, אַז אַלץ וועט גיך
פאַרבייגיין, עס גייט אָבער נישט פאַרבײ, עס ווערט נאָך ערגער
אַזעלכע מוראדיקע ווייטיקן, — גאָט מיינער! איך האָב גאָרנישט
געוווסט, אַז ס׳זענען פאַרהאַן אַזעלכע ליידן אויף דער וועלט.

נאַדיר גאָר סאַליציל, דאָס ספּעציפישע מיטל! האָב איך גע־
טראַכט און האָב שטילשווייגנדיק אָנגעהויבן אַראָפּנעמען די וואַטע
פון די קראַנקע אברים, וועלכע זענען באַשמירט געווען מיט אַ
שמירעכץ פון כלאָראָפאָרם און וואַזעלין.

— וואָס איז דאָס? צי פּילט זיך פון דער שמירעכץ נבלה,
צי הויב איך שוין אָן לעבעדיקערהייט פוילן? — האָט די קראַנקע
געוואָרטשעט — שטאַרבן, איז שטאַרבן, מיר איז אַלץ איינס, נאָר
פאַרוואָס זענען די ליידן אַזוי שרעקלעך?

— געערטע פרוי, פאַרלירט נישט דעם מוט! — האָב איך איר געזאָגט — עס קען קיין שום רייד נישט זיין וועגן טויט. איר וועט באַלד זיין פולקאָם געזונט.

— נו יאָ, איר זאָגט עס מיר דערפאַר, ווייל איר ווילט מיך באַרויקן... אָבער לאַנג וועל איך אַזוי ליידן?

איך האָב געענטפערט נישט דייטלעך און האָב צוגעזאָגט מאָרגן צו קומען.

דעם אַנדערן טאָג איז די ווייטיק קלענער געוואָרן, די טעמפּעראַטור נידעריקער, די קראַנקע איז געווען מונטער און פריילעך. זי האָט מיר וואַרעם געדריקט די האַנט.

— עס הויבט מיר אָן בעסער ווערן! — האָט זי געזאָגט, — אמת איך בין אייך שוין דערעסן, ה׳ דאָקטאָר, זייט אייך מודה? איך בין אַזאַ אומגעדולדיקע, אַ בושה און אַ חרפה! מיין מאַן האַלט מיך אין איין שטראָפן... זאָגט נאָר, איצט קען איך שוין האָפן, אַז איך וועל אינגאַנצן געזונט ווערן?

געוויס!... איר האָט געוואָלט, אַז דער טאַליציל זאָל מאָמענטאַלווירקן — דאָס איז אוממעגלעך. ער ווירקט נישט אַזוי שנעל, ווי איך ווילט זיך, דערפאַר אָבער איז זיין ווירקונג אַ זיכערע. נאָר דערווייל מוזט איר ווייטער איינגעמען דאָס זעלבע.

— איך שוויץ פון אייער רפואה זייער שטאַרק, איך האָב במשך דער נאַכט געטוישט דריי העמדער.

— אין די אויערן רוישט אייך נישט?

— ניין.

— אויב אַזוי, מוזט איר ווייטער איינעמען די רפואה, כדי דער פּראָצעס זאָל זיך נישט פאַרשאַרפן.

— אוי, ניין! דאָס וויל איך נישט! — האָט זי אָנגעהויבן צו לאַכן — איך וויל בעסער טוישן צען העמדער אַ נאַכט.

איך קום דעם אַנדערן טאָג צו פאָרן און גיי אַריין צו דער

קראַנקער. זי האָט זיך אַפילו קיין ריר נישט געטון בשעת איך בין אַרייננעקומען.

ענדלעך האָט זי אויסגעדרייט צו מיר דעם קאָפּ; זי איז אָפּגעפאַלן פון פנים, אונטער די אויגן האָט זי געהאַט בלויע ראַנדן.

— דאָקטאָר, מיר טוט שוין די רעכטע פּלייצע אויך וויי! —

האָט זי לאַנגזאַם אַרויסגערעדט, קוקנדיק אויף מיר מיט שנאה — איך בין אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן פאַר ווייטיק, כאָטש איך האָב זייער פּינקטלעך איינגענומען אייער סאַליצילקע. אמת, איר האָט זיך דערויף נישט געריכט?

זי האָט געטראָפן! פאַר מיר איז עס געווען באמת אומגעריכט... איך בין בלי ספק געווען אומפּאָרזיכטיק צוזאָגנדיק באַלד אין אָנהייב אַ גיכע רפואה: מיינע לערן־ביכער מאַכן דערויף אויפמערקזאַם, אַז סאַליציל קען אַמאָל לגמרי נישט ווירקן אויף רעוומאַטיזם; נאָר אַז ער זאָל איינמאָל האָבן אַ פעולה און דערנאָך פּלוצלינג, פון דער העלער הויט, אויפהערן ווירקן, — דערויף האָב איך זיך נישט געריכט.

ביכער קענען אָבער אַנדערש נישט לערנען, נאָר סכעמאַטיש, נאָר איך האָב דען אַנדערש געקענט אַרבעטן? נישט אויפן סמך פון די ביכער? נישט סכעמאַטיש?

באַם געזעגענען זיך האָט מען מיך מער נישט געבעטן קומען. איך האָב געפילט די באַליידיקונג דערפון, נאָר טיף אין האַרץ בין איך צופרידן געווען, וואָס מיין פּאַציענטקע האָט זיך פון מיר אָפּגעטשעפּעט; זי האָט מיר דערעסן דאָס לעבן.

בכלל האָב איך געהאַט ווייניק פרייד פון מיין פּראַקטיק. איך בין שטענדיק געווען אין אַ נערוועזן צושטאַנד.

ווי נידעריק איך זאָל נישט האָבן אָפּגעשאַצט מיינע קענטענישן, בין איך יעדעס מאָל מער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז איך האָב זיי פאַרט צו הויך אָפּגעשאַצט.

יעדער איינציקער פאַל האָט אַלץ מיר מער און מער אַנט־פּלעקט דעם אָפּגרונט פון מיין עם־הארצות, אַזוי אַז איך האָב אָנ־געוווירן דעם מוט. די קענטעניש, וועלכע איך האָב באַקומען אין אוניווערסיטעט האָבן זיך מיר פאַרגעשטעלט ווי אַ כאַאָטישער קלומ־פּער, אין וועלכן איך קען זיך נישט אָריענטירן.

די אַבסטראַקטע וויסנשאַפט, וועלכע איך האָב געשעפּט פון די ביכער, וועלכע איך האָב אין דער פּראַקטיק נישט אויסגעפּרואווט, האָט מיך אַלעמאָל אָפּגענאַרט; אין אירע האַרטע אומבאַוועגלעכע פאָרמען האָט זיך דאָס לעבעדיקע לעבן נישט געקענט איינפּאַסן, מאַכן עלאַסטיש די פאָרמען, מאַכן זיי באַוועגלעך בין איך נישט אומשטאַנד געווען.

איך האָב געשטעלט דיאַגנאָזן, געזאָגט נביאות וועגן ווייטער־דיקן גאַנג פון די קרענק און האָב שטענדיק געהאַט טעותים, איך האָב זיך אַזש געשעמט פאַר מיינע פּאַציענטן די אויגן אויפצו־הייבן.

אויף דער פראַגע, וואָס פאַר אַ טעם עס וועט האָבן די רפואה, וואָס איך פאַרשרייב, האָב איך נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן, ווייל איך האָב די רפואה קיינמאָל נישט פאַרזוכט, איך האָב זי אַפילו פאַר די אויגן נישט געזען.

צום מיינסטן האָב איך מורא געהאַט, טאָמער רופט מען מיך צו אַ געווינערין. בשעת מיין שטודירן אין אוניווערסיטעט, האָב איך געזען קוים פינף פאַלן פון געלעגן ווערן. דאָס איינציקע, וואָס איך האָב גוט געוווּסט אין אַקושעריע איז דאָס, אַז ס'איז זייער געפערלעך צוצוגיין צו אַ געווינערין אומדערפאַרן...

דאָס לעבן פון אַ קראַנקן מענטש, זיין נשמה, איז מיר לגמרי פרעמד געווען; מיר האָבן באַזוכט די קליניק ווי פּריצים, מיר פלעגן זיצן אַ מינוט 10—15 באַם קראַנקנס בעט, קוים מיט

צרות פלעגן מיר פארשן די ק ר ע נ ק, נאר דעם ק ר א נ ק ן מ ע נ ט ש האבן מיר לחלוטין נישט געקענט.

שוין אפגערעדט פון אזא דעליקאטער זאך ווי די פסיכאלאגיע פון א קראנקן מענטש! איך בין אפטמאל געווארן אפהענטיק, ווען מיר איז זיך אויסגעקומען צו באגעגענען מיט איינפאכע זאכן; איך האב נישט געוווסט און נישט געקענט טון דאס, וואס עס טוט די ערשטע בעסטע שפיטאל-וועכטערין.

איך פלעג זאגן צו די שטוב-מענטשן: „מאכט דעם קראנקן א קאנע, לייגט אים צו א קאמפרעס", בשעת מעשה האב איך אבער מורא געהאט, טאמער פרעגט מען מיך, ווי אזוי מען דארף עס מאכן.

אזעלכע „קלייניקייטן" האט מען אונדז נישט געוויזן; דאס איז דאך אן ענין פאר פעלדשערס, וועכטערינס, — א דאקטאר דארף נאר באפעלן. איך האב אבער צו מיין דיספאזיציע נישט געהאלטן קיין פעלדשערס און קיין וועכטערינס, און איך האב דאך געדארפט געבן אנווייזונגען... איך האב דעריבער געמוזט אוועקלייגן אן א זייט די גרויסע, „ערנסטע" ביכער און זיך נעמען צו אזעלכע ביכער, ווי למשל „ווי אזוי באגייט מען זיך מיט קראנקע?" בילראטס, — א לערן-ביכל פאר בארמהערציקע שוועסטערס.

און איך, דערזעלבער וואס האט אויפן לעצטן עקזאמען אזוי ארטיסטיש געמאכט אויף א מת א קני-אמפוטאציע לויט סאבאניע-יעוון, האב איצט שטודירט, ווי אזוי מ'דארף אויפהייבן א קראנקן און ווי אזוי מ'שטעלט א שפאנישע פליג.

נישט ווייט פון מיר האט געוווינט אן אלטער דאקטאר, וועלכער האט זיך אפגעזאגט פון דער פראקטיק, איוואן איוואנאוויטש N. אויב אים וועט צופעליק אויסקומען איבערצולייענען די דאזיקע שורות, זאל ער אן איבעריק מאל צונעמען מיין הייסן דאנק פאר

דער הילף, וועלכע ער האָט מיר געבערענגט אין יענער שווערער צייט.

איך האָב אים אָפנהערציק דערציילט וועגן אַלע מיינע מיספאַרשטענדענישן און גרייזן, איך האָב מיך מיט אים געעצהט וועגן אַלעם, איך האָב אים אָפילו געשלעפט צו מיינע פּאַציענטן; מיט אַ פאָטערלעכער אָפּערווויליקייט איז איוואַן סעמיאָנאָוויטש שטענדיק גרייט געווען מיר צו העלפן מיט זיינע קענטענישן, מיט זיין דערפאַרונג און מיט אַלעם, וואָס ער האָט געקענט.

יעדעסמאָל, ווען מיר זענען ביידע געשטאַנען בײַ אַ קראַנקנבעט, ער — אַ רויִקער, אַ דערפינדלעכער, אַ זיכערער אין זיינע כּוחות, און איך — אַ הילפלאָזער און אַ פּחדנישער, האָב איך געטראַכט: ס'איז דאָך אַ געוואַלטיקע עוולה, וואָס מיר ביידע זענען גלייכבאַרעכטיקטע קאָלעגעס, און ביידע האָבן מיר גלייכע דיפּלאָמען.

איך האָב געהיילט איינעם, אַ קליינהענדלער. ער האָט געהאַט אַ זייער שווערן פלעקן-טיפוס, דערצו האָט ער געהאַט אַ פּאַראָטיט (אָנצינדונג פון דער לעבן-אויער-דריז) אויף דער רעכטער זייט.

איינמאָל אינדערפרי האָט דעם קראַנקנס פרוי געשיקט נאָך מיר אַ יינגל, און געבעטן איך זאָל תּיכף קומען; דעם קראַנקן איז איבער נאַכט זייער שלעכט געוואָרן, ער ווערט דערשטיקט.

איך בין געקומען. דער קראַנקער איז געלעגן אין אַ האַלבאומבאַוווסטזיניקן צושטאַנד, ער האָט שווער און הייזעריק געאָטעמט, פּונקט ווי עמעס וואָלט אים געדריקט בײַם האַלדז: בײַ יעדן אָטעמצוג האָבן זיך די צווישנריפּן טיף אַריינגעצויגן; זיינע ציין און די ליפּן זענען באַדעקט געווען מיט אַ ברוין הייטל פון פאַרהאַרטעוועטער שוים; דער דופק האָט זייער שוואַך געקלאַפּט; דאָס געשווילעכץ פון דער דריז האָט דעם קראַנקן געשטערט צו עפענען בריי

דאָס מויל, איך האָב דעריבער נישט געקענט באַטראַכטן דאָס מויל און דעם האַלדז.

איך בין אַהיימגעגאַנגען פֿלומרשט נאָכן שפּריצער, כּדי דעם קראַנקן אַריינצושפּריצן קאַמפֿאַר, און האָב דערווייל איבערגעקוקט דאָס קאַפּיטל וועגן טיפֿוס. וואָס קען בײַ אַ טיפּוס אַרויסרופֿן אַ באַשווערלעך אָטעמען?

דאָס איינציקע, וועגן וועלכן דאָס בוך דערציילט, איז אַ געשווילעכץ פֿון גאָרגל. אין דעם פֿאַל האָט מיין נאָטיץ-ביכל פֿאַרגעשריבן: „ענערגישע אָפּפּירונגס-מיטלען, שלינגען שטיקלעך אייז; אויב דאָס אַלץ העלפֿט נישט, איז נייטיק אַ באַלדיקע טראַכעאָטאָמיע".

איך בין צוריקגעקומען צום קראַנקן, אים אַרונטערגעלאָזט אונטער דער הויט קאַמפֿאַר, געהייסן איינגעמען אייז און דאָס ענערגישסטע אָפּפּירונגס-מיטל -- קאַלאָקווינטע.

אין עטלעכע שעה אַרום בין איך ווידער געקומען. די קאָלאָקווינטע האָט געווירקט, נאָר דער אָטעם בײַם קראַנקן איז נאָך שווערער געוואָרן. דער איינציקער אויסוועג איז געבליבן — טראַבעאָטאָמיע.

איך בין געלאָפֿן צו איוואַן סעמיאָנאָוויטשן. ער האָט מיך אויפֿמערקזאַם אויסגעהערט, געשאָקלט מיטן קאָפּ, און איז מיטגעפֿאָרן מיט מיר.

נאָכן באַטראַכטן דעם קראַנקן האָט איוואַן סעמיאָנאָוויטש אָנגענומען אַ גומענעם באַלאָן מיט וואַרעם וואַסער, האָט דעם עק פֿון קישקעלע אַריינגעשטעקט דעם קראַנקן צווישן די ציין און אים גוט אויסגעשפּריצט דאָס מויל; עס איז אַרויס אָן אַ שיעור קלעבעדיקער לייכעך. דער קראַנקער איז געזעסן, געהוסט און געשפּיגן, און איוואַן סעמיאָנאָוויטש האָט געהאַלטן אין איין שפּריצן: ער

האָט גאָר נישט קיין מורא געהאַט, אַז דער קראַנקער וועט דער־שטיקט ווערן...

וואָס לענגער ער האָט געשפּריצט, אַלץ מער און מער לײַ־כטער איז אים פון מויל אַרויס; איך וואָלט זיך קיינמאָל נישט גע־גלייבט, אַז אַזאַ אומגעהייערע צאָל לייכעץ זאָל זיך קענען געפי־נען בײַ אַ מענטש אין מויל.

— נו, נו, הוסט אייך אויס, שפּייט אויס! — האָט באַפוילן איוואַן סעמיאָנאָוויטש. און דער קראַנקער איז געקומען צו זיך און געשפּיגן...

ענדלעך איז זיין אָטעם אינגאַנצן ריין געוואָרן, גלייך ווי ס׳וואָלט גאָר נישט געווען.

— און איך האָב אים פאַרשריבן קאָלאָקווינטע, — האָב איך פאַרשעמט אַרויסגעשטאַמלט, ווען מיר זענען אַוועק פון קראַנקן.

— איי־איי־איי! — האָט איוואַן סעמיאָנאָוויטש געזאָגט, שאָק־לענדיק מיטן קאָפּ, — אַזאַ שוואַכן מענטש! אַזוי איז דאָך קיין קונץ נישט אַ מענטש צו דערהרגענען!... וואָס פאַר אַן אָנווײַ־זונגען האָט איר געהאַט, וואָס פאַר אַ סימנים? גאַנץ איינפאַך: אַ מענטש איז נישט באַוווסטזיניק, ער שלינגט שלעכט, — האָט זיך בײַ אים, נאַטירלעך, אָנגעזאַמלט אין האַלדז אַלערליי מיסט און פאַסקודסטוועס.

אין די ביכער איז נישט געווען קיין שום אָנווייזונג, אַז ס׳איז מעגלעך אַזאַ „פאַרוויקלונג" בײַ אַ טיפוס. נאָר צי קענען דען די ביכער פאָרויסזען אַלע קלייניקייטן?

איך בין געווען פאַרצווייפלט: איך בין אַזוי נאַריש, און איך טויג אַזוי צו גאָרנישט; איך טויג נישט פאַר קיין דאָקטאָר; איך בין נאָר פעיִק צו אַרבעטן ווי אַ פעלדשער, לויט אַ גרייטן שאַבלאָן...

איצט קומט מיר אָן אַ געלעכטער, ווען איך דערמאָן מיך

וועגן מיין פאַרצווייפלונג; אלס סטודענט האָב איך פיל מאָל גע־הערט, אַז יעדע קרענק מוז מען אינדיווידואַליזירן. נאָר קענען אינדיווידואַליזירן איז מעגלעך נאָר פון דער פּראַקטיק.

וואָס לענגער איך האָב פּראַקטיצירט, אַלץ בולטער איז פאַר מיר אויפגעשטאַנען די פראַגע: צוליב עפּעס אַן אומגלייבלעכער מיספאַרשטענדעניש בין איך געוואָרן אַן אינהאַבער פון אַ מעדיצי־נער־דיפּלאָם, — צי האָב איך דען אויף דעם סמך דאָס רעכט צו פּראַקטיצירן אַלס דאָקטאָר? דאָס לעבן האָט מיר יעדן טאָג דייט־לעכער געענטפערט: ניין, איך האָב נישט קיין רעכט!

ענדלעך איז פאָרגעקומען איין געשעעניש.

איצט נאָך, ווען איך דערמאָן מיך וועגן דעם, כאַפּט מיך אָן אַ פאַרצווייפלונג און אַן אומבאַשרייבלעכע שרעק. נאָר קוים האָב איך אָנגעהויבן, דאַרף מען אַלץ דערציילן.

אין סאַמע עק שטאָט אין אַן אָרים שטיבל האָט געוווינט אַן אלמנה — אַ וועשין מיט דריי קינדער. צוויי פון זיי זענען גע־שטאָרבן אין שפּיטאָל פון שקאַרלאַטינע; באַלד נאָך זייער טויט איז דאָס לעצטע קינד אויך קראַנק געוואָרן.

דאָס קינד איז געווען אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר אַכט, אַן אויס־געמאַגערטער און אַ מיאוסער. די מוטער האָט אים בשום אופן נישט געוואָלט אָפּגעבן אין שפּיטאָל אַריין און האָט באַשלאָסן אים צו היילן אינדערהיים, און זי האָט זיך געווענדט צו מיר.

דאָס ייִנגל האָט געהאַט שקאַרלאַטינע אין אַ שווערער פאָרם: ער האָט נישט געקענט שלאָפן, שטענדיק איז ער געלעגן אין אַ אומבאַוווסטזיניקן צושטאַנד, גערעדט פון היץ, און זיך געוואָרפן, ער האָט געהאַט 41 גראַד היץ און אַ זייער שוואַכן דופק.

איך האָב געזאָגט דער מוטער, אַז עס איז נישט מעגלעך, ער זאָל לעבן. די וועשין איז פאַר מיר געפאַלן אויף די קניען.

— טייערער, ראַטעוועט אים!.. ער איז בײַ מיר געבליבן

דער לעצטער! איך האָדעווע אים — אַ שפּייזער אויף דער עלטער...
וויפיל איך קען, וועל איך באַצאָלן, איך וועל אייך אייביק אומ-
זיסט וואַשן די וועש.

דעם יינגלס לעבן איז אַ וואָך צייט געהאָנגען אויף אַ האָר.
ענדלעך האָט די טעמפּעראַטור אָנגעהויבן פאַלן, די פלעקן זענען
בלייך געוואָרן; דער קראַנקער האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך. עס
האָט זיך דערוועקט אַ האָפנונג אויף אַ גוטן אויסגאַנג.

מיר איז דאָס אויסגעמאָגערטע, מיאוסע יינגעלע מיט דער
אָפּגעשיילטער הויט אויפן פּנים און אַפּאַטישן בליק ליב געוואָרן.
די גליקלעכע מוטער האָט מיר געדאַנקט מיט טרערן אין די אויגן.

אין עטלעכע טעג אַרום, האָט זיך באַם קראַנקן ווידער דער-
וועקט דאָס פיבער, און די דריזן אונטער דער גאָמבע זענען גע-
שוואָלן געוואָרן און האָבן ווי געטון. דאָס געשווילעכץ איז מיט
יעדן טאָג גרעסער געוואָרן.

די זאַך איז אַן און פאַר זיך געווען נישט געפערלעך, אין
ערגסטן פאַל וואָלט זיך אין די דריזן אָנגעזאַמלט מאַטעריע און
ס'וואָלט זיך געמאַכט אַ מכה. פאַר מיר אָבער איז די מעשה געווען
זייער אומאָנגענעם. אויב ס'וועט זיך מאַכן אַ מכה, וועט מען זי
דאַרפן אויפשניידן; די אָפּעראַציע וועט מען דאַרפן מאַכן אויפן
האַלדז, ווו ס'געפינען זיך אַזוי פיל אָדערן. וואָס וועט זיין, טאָמער
שנייד איך איין אַ וויכטיקן אָדער, — וואָלט איך מיר דען געקענט
אַן עצה געבן און איינהאַלטן דאָס בלוט?

ביז איצט האָב איך נאָך קיין איין מאָל אַפילו זיך
נישט צוגערירט מיט אַ מעסער צו אַ לעבעדיקן קערפּער; אמת, איך
האָב געזען די פּאַרוויקלטסטע און שווערסטע אָפּעראַציעס, איצט
אָבער, ווען איך האָב באַדאַרפט עפּעס טון אויף אייגענער אחריות,
האָב איך מורא געהאַט זיך צוצורירן אַפילו צו אַן איינפאַכן
בלאָטער.

אין דער ערשטער סטאַדיע פון אַ דריזן-געשווילעכץ איז זיי-ער גוט איינצורייבן דאָס אָרט מיט גרויען קוועקזילבער-שמירעכץ; אויב עס ווערט איינגעריבן באַצייטנס, רייסט עס איבער דאָס גע-געשווילעכץ און די מאַטעריע צעגייט זיך. איך האָב באַשלאָסן איינ-צורייבן מיין קראַנקן קוועקזילבער-שמירעכץ.

דאָס אָרט האָט אים זייער וויי געטון, דעריבער האָב איך אים דאָס ערשטע מאָל איינגעריבן שוואַך. דעם צווייטן טאָג איז דאָס יינגעלע געווען מונטער, ער האָט אויפגעהערט קרעכצן, די טעמפּעראַטור איז בײַ אים פאַרקלענערט געוואָרן, ער האָט גע-שמייכלט און געבעטן עסן. די דריזן האָבן אים גאָר קנאַפּ וויי געטון.

איך האָב אים נאָכאַמאָל איינגעריבן דאָס שמירעכץ, דאָס מאָל שטאַרקער. די מוטער האָט מיך פּשוט געבענטשט, זי האָט מיט ביטערניש באַדויערט, וואָס זי האָט מיך צו די צוויי געשטאָרבענע קינדער נישט גערופן, וואָלטן דאָך יענע אויך געבליבן לעבן.

ווען איך בין צומאָרגנס געקומען צום קראַנקן, האָב איך בײַ אים קאָנסטאַטירט אַ שאַרפע ענדערונג. דאָס יינגל איז געלעגן אויפן רוקן, דעם קאָפּ אויף אַ זייט און האָט געהאַלטן אין איין קרעכצן; לעבן דער לאָפּאַטקע, אונטער דעם פריערדיקן געשווי-לעכץ, האָט זיך געוויזלט אַ ניי געשווילעכץ, אַ גרעסערס.

איך בין בלייך געוואָרן פאַר שרעק און האָב מיט האַרץ-קלאַפּעניש אָנגעהויבן באַטראַכטן דעם קראַנקן. די טעמפּעראַטור איז געווען 39,5; דער עלנבויגן פון דער רעכטער האַנט איז גע-שוואָלן געוואָרן און האָט אַזוי שטאַרק וויי געטון, אַז ס'איז זיך צום אָרט נישט מעגלעך געווען צוצורירן. די מוטער איז זייער אומרויִק געווען, נאָר מיט האָפענונג און צוטרוי האָט זי געקוקט אויף מיר...

איך בין אַרויסגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער; פאַר מיר איז

קלאָר געווען ווי דער טאָג, אַז מיט מײַנע אײַנרײַבונגען האָב איך צעטריבן די מאַטעריע איבערן גאַנצן קערפּער און אַז דאָס ייִנגעלע האָט באַקומען גאַנגרענע, פון וועלכער עס איז קיין רעטונג ישטאָ.

ווי אַ דערופּענער האָב איך אַ גאַנצן טאָג אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן. כ׳האָב וועגן גאָרנישט געקלערט, נאָר אַ ווילדע שרעק און פאַרצווייפלונג האָבן מיך באַהערשט. פּלוצלינג האָט בײַ מיר אין מוח אויפגעבליצט אַ געדאַנק:

„איך האָב דאָך דערהרגעט אַ מענטש!"

דאָ האָב איך זיך שוין מיט גאָרנישט געקענט אָפּנאַרן: דאָס איז פאַר מיר געווען פונקט אַזוי קלאָר, ווי איך וואָלט דעם ייִנגל פּשוט איבערגעשניטן דעם האַלדז.

דער קראַנקער האָט נאָך געלעבט אַנדערהאַלבן וואָכן; יעדן טאָג האָבן זיך בײַ אים באַוויזן נײַע און נײַע מכות, — אויף די הענט און ז׳ פיס, אויף דער לעבער, אין די נירן... ער האָט שרעקלעך געליטן; דאָס אײנציקע, וואָס איך האָב געקענט פאַר אים טון, איז געווען אים אַרונטערלאָזן מאָרפינע.

איך בין געווען בײַם קראַנקן עטלעכע מאָל אין טאָג. בײַם אַרײַנקומען האָבן זיך מיר פאַר אַלעם געוואָרפן אין די אויגן אַרײַן די לײַדנדע אויגן פונם ייִנגעלע און זײַן שוואַרץ, אויסגעדאַרט פּנימל; מיט פאַרהאַקטע ציין איז ער געלעגן די גאַנצע צײַט און לאַנגזאַם און שוואַך געקרעכצט. די מוטער האָט שוין געוווּסט, אַז איר קינד איז האָפענונגסלאָז.

ענדלעך, — דאָס איז געווען פאַרנאַכטצו, — בין איך אַרײַנגעקומען אין שטיבל צו דער וועשין און האָב געטראָפן איר זון ליגן אויפן טיש. אַלץ איז געענדיקט...

מיט דער נײַגעריקייט פון אַ פאַרברעכער בין איך צוגעגאַנגען צום געשטאָרבענעם פּאַציענט מײַנעם. די לעצטע שטראַלן פון דער

פאַרגייענדיקער זון האָבן באַלויכטן דאָס וואַקס-געלע פּנימל פונם יינגעלע; ער איז געלעגן מיט פאַרקנייטשטע בראָמען, פונקט ווי ער וואָלט געקלערט וועגן עפּעס טרויעריקס, — און איך, זיין מערדער, האָב אויף אים געקוקט...

די פאַריתומטע מוטער האָט געוויינט אין אַ ווינקעלע. אויף די הוילע, באָקעטע ווענט זענען געהאָנגען צויטן פון פאַרשטויבטן שפּינוועבס. פון דער שמוציקער ערדערנער פּאָדלאָגע האָט געצויגן מיט פייכטקייט. ס'איז געווען קאַלט און פּוסט.

אַ געוויין האָט מיר צוזאַמענגעפּרעסט דעם האַלדז. איך בין צוגעגאַנגען צו דער מוטער און האָב זי אָנגעהויבן טרייסטן.

ס'איז פאַרביי בערך אַ האַלבע שעה, איך וויל שוין אַוועקגיין. די וועשין האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן פּאָרען אין אַ הילצערנעם קופּערט, זי האָט גיך עפּעס געשאַרט דאָרט וויניק מיט די הענט.

פּלוצלינג האָט זי מיר דערלאַנגט אַ פאַרשמאָלצן דרייערל.

— נעמט, ליבענקער... פאַר אייער מי... — האָט זי געזאָגט — איר האָט זיך זייער באַמיט, זאָל אייך דער אייבערשטער באַלוינען!

איך האָב מיך אָפּגעזאָגט און נישט געוואָלט נעמען. מיר זענען ביידע געשטאַנען אין האַלב-פינסטערן פּאָדערהייזל.

— נישט באַשערט געווען, ווייזט אויס! — האָב איך געזאָגט, נישט אויפהייבנדיק די אויגן פון דער ערד.

— נישט באַשערט... דער אייבערשטער... זיין הייליקער ווילן... ער ווייסט בעסער, — האָט די וועשין געענטפערט און אירע ליפּן האָבן ווידער אָנגעהויבן ציטערן פון איינגעהאַלטענעם געוויין.

— ליבענקער מיינער, אַ דאַנק דיר, ווייל דו האָסט רחמנות געהאַט אויף מיין יינגעלע!...

און זי איז וויינענדיק מיר געפאַלן צו די פיס און געפרווט מיר אַ קוש טון אין דער האַנט אַריין. זי איז מיר דאַנקבאַר געווען פאַר מיין גוטהאַרציקייט און פאַר מיין פריינטלעכקייט...

— ניין! אַלץ אַוועקוואַרפן, פון אַלץ זיך אָפּזאָגן און פאָרן זיך לערנען קיין פעטערבורג, כאָטש ס'זאָל מיר דאָרט אויסקומען צו שטאַרבן פאַר הונגער!

## V

געקומען קיין פּעטערבורג, האָב איך מיך פאַרשריבן אויף די קורסן באַם יעלענינער קלינישן אינסטיטוט; דער אינסטיטוט איז געגרינדעט געוואָרן ספּעציעל פאַר אָנפאַנגנדיקע דאָקטוירים, וועלכע ווילן זיך פאַרפולקאָמען; איך האָב דאָרט אַ צייט געלערנט, נאָר באַלד האָב איך מיך איבערצייגט, אַז די קורסן וועלן מיר ווייניק וואָס געבן; דער לימוד איז דאָרט געפירט געוואָרן פונקט ווי אין אוניווערסיטעט: מיר האָבן ווידער נאָר געקוקט, געזען — און מער גאָרנישט; איך האָב אָבער־שוין גענוג זיך אָנגעזען. פאַר אַ זעלכע דאָקטוירים, וועלכע האָבן שוין פּראַקטיצירט, זענען די קורסן זייער ביצלעכע. זיי נייטיקן זיך אין ענטפערן אויף פיל פראַגן, וועלכע די פּראַקטיק האָט פאַר זיי אַרויסגערוקט. פאַר אונדז אָנפאַנגער אָבער האָבן די קורסן אַ קליינע באַדייטונג: דער עיקר דאַרפן מיר אַזעלכע שפּיטאָלן, ווו מיר וואָלטן געקענט אַרבעטן אונטער דער אויפזיכט פון געניטע לערערס. איך האָב אָנגעהויבן זוכן אַ פּאָסטן, באַדיי פאַרן קלענסטן האָנאָראַר, כדי נאָר קענען דורכקומען מיטן עסן און נעכטיקן נישט אויף דער גאַס; קיין שום זייטיקע מיטלען האָב איך נישט געהאַט. איך בין אוּוסגעווען אין אַלע שפּיטאָלן, בײַ אַלע הויפּט־דאָקטוירים; זיי האָבן מיך אויסגעהערט קאַלט און ליבנס־

ווירדיק און האָבן מיר דערקלערט, אַז קיין פּאָסטן איז נישטאָ און אַז איך האָב בכלל אַ פאַלשן באַגריף וועגן פּאָסטנס אין שפּיטאָלן, — אַז אַ געצאָלטן פּאָסטן איז תיכף אוממעגלעך צו באַקומען. איך האָב מיך טאַקע באַלד איבערצייגט, אַז מיינע טרוימען זענען געווען זייער נאַיווע. צענדליקער דאָקטוירים אַרבעטן אומזיסט אין יעדער שפּיטאָל; די פון זיי, וועלכע ווילן אויסוואַרטן, ביז זיי וועלן באַקומען די בעטלערישע פּענסיע פון אַן אָרדינאַטאָר, דאַרפן דערויף וואַרטן פינף און צען יאָר; די מערהייט פון זיי רעכנט נישט דערויף לחלוטין, זיי אַרבעטן נאָר, כדי צו באַקומען די טעאָרעטישע און פּראַקטישע קענטענישן, וועלכע די שול האָט זיי באַדאַרפט געבן און נישט געגעבן.

די שפּיטאָלן באַנוצן זיך דערמיט און עקספּלאָאַטירן די יונגע דאָקטוירים אין זייער אַ גרויסער מאָס. אין קאָפּענהאַגען איז אַזוי: אַלע יונגע דאָקטוירים ווערן צוגעלאָזט אין די שפּיטאָלן אויף פּראַקטיק און זיי קענען דאָרט נישט בלייבן מער ווי צוויי יאָר. שפּעטער קומען אויף זייער אָרט יינגערע דאָקטוירים. אין פראַנקרייך זענען אַלע שטאַטישע שפּיטאָלן אָפן פאַר יונגע דאָקטוירים. אין פּעטערבורגער שטאָט־ראַט האָט אַ ראַטמאַן אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג *לגמרי אָפּצושאַפן די פּענסיעס פאַר די שפּיטאָל־דאָקטוירים*, ווייל מ׳קען שטענדיק געפינען אַ געניגנדע צאָל אומזיסטע פּראַקטיקאַנטן. ער דערקלערט דערביי, אַז „די דאָקטוירים דאַרפן נאָך צופרידן זיין דערמיט, וואָס מ׳לאָזט זיי צו אין די שפּיטאָלן...”

איך האָב אויפגעהערט צו האָפן אויף אַ געצאָלטן פּאָסטן. איך האָב געליטן הונגער און נויט: באַנאַכט האָב איך אונטערגעשוירן די צויטן פון די הויזן און פאַריכט מיט נאָדל־פאָדעם די שיך; ווען איך האָב פאַרשריבן די פּאָרציעס פאַר די קראַנקע, האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ געפיל פון קנאה צו זיי, ווייל איך אַליין

האָב זיך געשפּייזט מיט ברויט און ווורשט. אין יענער ביטערער צייט, וועלכע איך האָב איבערגעלעבט, האָב איך אָנגעהויבן פאַרשטיין, ווי אַזוי מ׳קען ווערן אַ שיכּור פון הונגער. ווען איך בין, למשל, געגאַנגען פאַרביי אַ שענק, האָט מיך ממש געצויגן אַריינצוגיין; איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, ווי גליקלעך איך וואָלט געווען, ווען איך גיי אַזוי צו צום העל-באַלויכטענעם בופעט, אויף וועלכן ס׳זענען אָנגעשטעלט פאַרשידענע מאכלים און טרינק אויס אַ צוויי-דריי גלעזלעך בראָנפן; ס׳איז אַ וווּנדער, וואָס מיך, אַ האַלב הונגעריקן האָט געצויגן צו זיך נישט דאָס פאַרבייסן נאָר דווקא דער שפּירט. כאָטש איך בין קיין אַלקאָהאָליקער נישט. ווען בײַ מיר אין קעשענע האָט זיך טאַקע אָנגעזאַמלט אַ רובל, האָב איך נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון און זיך אָנגעשיכּורט. ביז יענער צייט, אויך שפּעטער, ווען איך האָב געלעבט בעסער, האָט מיך קיינמאָל קיין בראָנפן נישט געצויגן. איך האָב אַ סך געאַרבעט, דערביי האָב איך געזען, אַז אין מיין אַרבעט נייטיקט מען זיך, און אַז די טובה, וועלכע מ׳טוט מיר מיט דער דערלויבעניש צו אַרבעטן, איז ענלעך צו דער טובה פון מייסטער, וועלכער „גיט ברויט" זיינע אַרבעטער; דער אונטערשיד צווישן אונדז איז נאָר דער געווען, וואָס פאַר מיין אַרבעט האָט מען מיר נישט געצאָלט מיט ברויט, נאָר מיט דער דערלויבעניש צו אַרבעטן. ווען איך בין אַ מידער, אַ דערהרגעטער אַהיימגעקומען פון אַ דיזשורסטווע נאָך אַ גאַנצע נאַכט נישט שלאָפן און האָב זיך זייער געבראָכן דעם מוח, ווי אַזוי אויסצוקאָמבינירן אַ מיטאָג פאַר מיינע אַכט קאָפּעקעס, האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ פאַרצווייפלונג און אַ ווילדער כּעס: האָב איך שוין טאַקע קיין רעכט נישט זאָגט צו זיין פאַר מיין פראַצע?

איך האָב אָנגעהויבן באַדויערן, וואָס איך האָב אָפּגעלאָזט מיין פּראַקטיק און בין געקומען קיין פּעטערבורג. ביללראָט זאָגט: „נאָר דער דאָקטאָר, וועלכער האָט קיין שום געוויסן נישט, קען

זיך דערלויבן זעלבסטשטענדיק צו באַנוצן מיט זיינע רעכט, וועלכע דער דיפּלאָם גיט אים". אָבער ווער איז דערין שולדיק? נישט מיר! די, וועלכע האָבן געשאַפן אַזעלכע אומשטענדן, נייטן אונדז צו דעם פאַרברעכן, — מיר האָבן קיין אַנדערע ברירה נישט!...

חוץ דעם שפּיטאָל האָב איך אויך באַזוכט די קורסן פון קליניק־אינסטיטוט. ווו איך בין נאָר געקומען, האָב איך מיך איבערצייגט, אַז אין דער מעדיצינישער וועלט האָט מען גאָר אַ קליינעם צוטרוי צו אונדזער דיפּלאָם „מיט אַלע רעכט און פּריוויליעגיעס, וועלכע געהערן דעם פאַך לויטן געזעץ" אין אָנהייב האָט יעדער באַהויפּטונג מיינע, יעדן דיאַגנאָז מיינעם דער עלטסטער אָרדינאַטאָר פון שפּיטאָל שטרענג קאָנטראָלירט, ווו איך האָב נאָר געאַרבעט, האָט מען מיך צוגעלאָזט היילן קראַנקע בכלל און אָפּערירן בפרט ערשט נאָכדעם, ווי מען האָט זיך איבערצייגט פון דער פּראַקטיק, אַז איך בין פעיִק זעלבסטשטענדיק צו אַרבעטן. אין נאַדיעזשיגער קליניק פאַר געווינערינס לאָזט מען פּראַקטיש דערלערנען אַקושעריע אַ יונגן דאָקטאָר ערשט דאַן, ווען ער קיקט זיך צו דריי חדשים צו אָפּעראַציעס און אונטערזוכט די געווינערינס; ערשט דערנאָך גיט ער אָפּ אַ colloquium (אַ קירצן עקזאַמען) און ווערט צוגעלאָזט צו אָפּעראַציעס אונטער דער אויפזיכט פון דעזשורירנדן אַסיסטענט... צי דאַרף מען נאָך אַ גרעסערע פאַראַכטונג צו אונדזערע „רעכט"? דער דיפּלאָם אַנערקענט מיך פאַר אַ פולרעכטיקן דאָקטאָר, דאָס געזעץ פאַרפליכטעט מיך זאָגאַר, דראָענדיק מיט אַ שטרענגער שטראָף, צו קומען בשעת מ'רופט מיך צו אַ געווינערין און דאָ דערלויבט מען מיר אַפילו נישט צורירן זיך צו אַ געווינערין אין די לייכטסטע פאַלן, און מ'האָט פולקאָמע רעכט דערצו.

„איך פאָדער", — האָט אין יאָר 1674 געשריבן דער באַוווסטער דייטשער כירורג לאַנגענבעק: — אַז יעדער דאָקטאָר,

וועלכער ווערט גערופן צו דער שלאַכט, זאָל אין דערזועלבער מאָס באַזיצן אָפּעראַטאָרישע טעכניק, אויף וויפיל זעלנער קענען זיך באַנוצן מיטן געווער״... ווען ווען ווען... וועמען וועט באמת גאָר איינפאַלן שיקן אין דער מלחמה אַזעלכע זעלנער, וועלכע האָבן קיינמאָל קיין געווער אין דער האַנט נישט געהאַלטן, וועלכע האָבן נאָר געזען ווי אַנדערע שיסן? באמת אָבער טרעטן דאָקטוירים אַריין איבעראַל נישט אין שלאַכט, נאָר אין לעבן, נישט צוגעגרייט, ווי רעקרוטן, וועלכע האָבן נאָך קיין געווער אין דער האַנט נישט געהאַלטן.

די מעדיצינישע פּרעסע פון אַלע לענדער שטרענגט אָן אַלע כוחות, באַמיִענדיק זיך אויסצוראָטן דידאַקטיקע הימלשרייענדיקע אומרעכט, אירע אָנשטרענגונגען אָבער בלייבן אומזיסטע. פאַרוואָס?... דאָס קען איך בשום אופן נישט דערקלערן... ווער וויל נישט פאַרשטיין, אַז אַ דאָקטאָר מוז זיין פּראַקטיש צוגעגרייט? די געזעלשאַפט זיכער נישט, — די דאָקטוירים אָבער אויך נישט: זיי האַלטן דאָך אין איין שרייען און דערקלערן דער געזעלשאַפט: „מיר לערנען זיך דאָך אויף אייך, מיר באַקומען דאָך די נייטיקע פּראַקטיק, נאָר איר באַצאָלט דערפאַר מיט אייער לעבן און געזונט!...״

# VI

איך האָב פלייסיק געאַרבעט אין אונדזער שפּיטאָל. אונטער דער לייטונג פון עלטערע חברים, דאָקטוירים, בין איך געוואָרן ביסלעכווייז געניטער.

אין דעם געביט פון שטעלן די־אַגנאָזן און באַשטימען די קוראַציע בין איך שנעל און לייכט געוואָרן אַ בקי, אויב איך האָב אפילו געהאַט אַ טעות, האָט אַן עלטערער און געניטערער דאָקטאָר מיין טעות פאַריכט און מיר אָנגעוויזן, ווי אַזוי אים אויסצומיידן אין דער צוקונפט. אינגאַנצן אַנדערש איז געווען אינם גע-געביט פון טעכנישע אָפּעראַטאָרישע אַרבעט. דאָ געניגן נישט די אָנווייזונגען; ווי געניט מיין לערער זאָל נישט זיין, ווי בולט און פאַרשטענדלעך זיינע אָנווייזונגען זאָלן נישט זיין, מוז איך די דערפאַרונג באַקומען נאָר אַליין; פעסט און זיכער אָפּערירן קען נאָר דער, ווער ס׳האָט די געוווינהייט דערצו; ווי אַזוי קען מען אָבער די געוווינהייט באַקומען, אויב מ׳וועט פריער נישט אָפּערירן, — באַדיי מיט אַ נישט פעסטער און נישט זיכערער האַנט?

אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט דער אַמעריקאַנישער געלערטער אָ׳דווייער דערפונדן אַ ניי מיטל, ווי אַזוי צו היילן די געפערלעכע פאַרשמאָלונג פונם גאָרגל בא קינדער,

צום מיינסטנס באַ אַ קרופּ. פריִער האָט מען אין אַזאַ פאַל געמוזט מאַכן טראַכעאָטאָמיע: דעם קראַנקן האָט מען פון פאָרנט אויפגעשניטן דעם וויישיט און אַריינגעזעצט אַ רערל. אָנשטאָט דער בלוטיקער אָפּעראַציע, וועלכע פאָדערט כלאָראָפאָרם און אַ קאָנסיליום פון עטלעכע דאָקטוירים, האָט אָ׳דווייער פאָרגעלייגט זיין מיטל, וועלכעס באַשטייט פון פאָלגענדן: דער אָפּעראַטאָר שטעקט דעם קינד אין מויל אַריין דעם לינקן וויין־פינגער און כאַפּט מיט אים אָן דאָס ביינדעלע איבער דעם גאָרגל, מיט דער רעכטער האַנט פירט ער אַריין מיט אַ ספּעציעלן אינסטרומענט אין דעם קינדס גאָרגל אַריין אַ מעטאַלן רערעלע מיט אַ דיקער קעפּעלע. דאָס רערעלע ווערט אַריינגעשטעלט אין האַלדז און עס בלייבט דאָרט; ווען עס איז מער נישט נייטיק, קען מען עס פון דאָרט צוריק אַרויסבאַקומען. די אָפּעראַציע ווערט אָנגערופן אינטובאַציע, זי ברענגט ווונדערלעכע רעזולטאַטן, דער אָטעם ווערט מאָמענטאַל נאָרמאַליזירט. איצט באַנוצט מען די אינטובאַציע אָנשטאָט טראַכעאָטאָמיע, אַ חוץ אייניקע זייער זעלטענע פאַלן, ווען די אינטובאַציע העלפט נישט.

די אָפּעראַציע ברענגט ווונדערלעכע רעזולטאַטן, זי איז איינפאַך און טוט נישט וויי, נאָר... נאָר אין דעם פאַל, ווען זי ווערט דורכגעפירט מיט אַ געניטער האַנט. מען דאַרף האָבן אַ גרויסע געווינהייט, כדי דאָס רערעלע אַריינצופירן לייכט אָן שום מכשול אין קראַנקן גאָרגל פון אַ דערשראָקן, שרייענדיק קינד. אין דער דיפטעריט אָפּטיילונג האָב איך געאַרבעט אונטער דער ליטונג פון אַ חבר מיטן נאָמען סטראַטאָנאָוו. איך בין פיל צענדליקער מאָל געווען דערביי, ווי ער האָט געמאַכט אינטובאַציע, נישט איינמאָל האָב איך אַליין דורכגעמאַכט אינטובאַציע אויף אַ מאַנעקען און אויף אַ מת.

ענדלעך האָט מיך סטראַטאָנאָוו געהייסן מאַכן די אָפּעראַציע

אויף אַ לעבעדיק קינד. דאָס איז געווען אַ יינגעלע פון דריי יאָר מיט
דיקע בעקלעך און ליכטיקע, בלויע אייגעלעך. דאָס קינד האָט שווער
און אָפּגעריסן געאָטעמט, עס איז געווען ברוין־און־בלוי און עס
האָט זיך געוואָרפן אויפן בעט. מ׳האָט אים אַריינגעטראָגן אין אָפּע
ראַציע־צימער, געלייגט אויף דער סאָפע און געבונדן די הענטלעך.
סטראַטאָנאָוו האָט אים אַריינגעזעצט אין מויל אַ צעשפּרייטער, אַ
באַרמהערציקע שוועסטער האָט אים געהאַלטן באַם קאָפּ.

איך האָב אָנגעהויבן אַריינפירן דעם אינסטרומענט. דעם קינדס
קליינע, ווייכע העלדזעלע האָט געציטערט און געשפּרונגען אונטער
מיין פינגער, איך האָב זיך דאָרט בשום אופן נישט געקענט
אָריענטירן.

ענדלעך האָב איך געמיינט, אַז איך האָב אָנגעטאַפּט דעם
איינגאַנג אין גאָרגל אַריין און האָב אָנגעהויבן אַריינפירן דאָס
רערל; עס האָט זיך אָבער אָן עפּעס פאַרהאַלטן און ווייטער נישט
געגאַנגען. איך האָב אַ שטאַרקערן דריק געטון, דאָס רערל איז
פאָרט נישט געגאַנגען ווייטער.

— דריקט נישט, -- מיט כוח וועט איר דאָ גאָרנישט מאַכן, —
האָט סטראַטאָנאָוו באַמערקט — הייבט אויף דאָס הענטל העכער
און פירט אַריין לגמרי אָן שום אָנשטרענגונג.

איך האָב אַרויסגענומען דעם אינטובאַטאָר און אָנגעהויבן אים
פונדאָסניי אַריינפירן; לאַנג האָב איך געשטופּט און געשטופּט דאָס
רערל, ביז עס איז ענדלעך אַריין און איך האָב אַרויסגענומען
דעם דורכפירער. דאָס קינד האָט תיכף אויסגעשפּיגן דאָס רערל
מיט בלוטיקן שפּייעכץ און אַלץ אינאיינעם שווער געאָטעמט.

— איר האָט אַריינגעשטעקט דאָס רערל אין דעם שפּייז־פּי־
רער, נישט אינעם גאָרגל, — האָט סטראַטאָנאָוו געזאָגט — טאַפּט
נאָר גוט אָן דאָס ביינדעלע איבערן גאָרגל, בייגט עס שטאַרק אויס

און דאָס רערל פירט אַריין בשעת דעם אַריינאָטעמען, דער עיקר אָבער — אָן אָנשטרענגונג.

אַ פאַרשוויצטער, אַן אָפּגעמאַטערטער האָב איך אָפּגעאָטעמט און ווידער אָנגעהויבן די אָפּעראַציע.

איך האָב מיך באמת נישט צו קוקן אויף די ליידנדע, אַרויס־געזעצטע אויגן פונם קינד. דאָס העלדזל איז אָנגעשוואָלן געוואָרן, איצט איז זיך נאָך שווערער געווען צו אָריענטירן. דער עק פונם רערל האָט זיך אַלץ אָן עפּעס אָנגעשטויסן און איך האָב געפּרוווט מיט כּוח בייצוקומען די שטערונג

— ניין, איך קען נישט! — האָב איך ענדלעך געזאָגט און אַרויסגענומען דעם אינטובאַטאָר.

סטראַטאָנאָוו האָט אים בא מיר צוגענומען און שנעל אַריינ־געפירט אינעם קינדס מויל; דאָס יינגעלע האָט באַקומען קאָנוולסיע, אַרויסגעזעצט די אויגן, פאַרלוירן אויף אַ סעקונדע דעם אָטעם; סטראַטאָנאָוו האָט אַ דריק געטון אַ קנעפּל און אַרויסגעצויגן דעם דורכפירער. ס'האָט זיך דערהערט דאָס כאַראַקטעריסטישע בלאָזנ־דיקע אָטעמען דורך אַ רערל; דאָס קינד האָט אָנגעהויבן הוסטן, ווילנדיק אויסשפּייען דאָס רערל.

— ניין, באַנדיט, דו וועסט עס נישט אויסשפּייען! — האָט סטראַטאָנאָוו געלאַכט, גלעטנדיק דאָס קינד איבערן בעקל.

אין פינף מינוט אַרום איז דאָס יינגעלע געשלאָפן, אָטע־מענדיק רעגלמעסיק און רויק.

אַ שווערע צייט האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר. איך האָב מיך געמוטשט אויסלערנען אינטובירן; דערווייל האָבן אַלע אָנווייזונגען און דערקלערונגען נישט געהאָלפן, אויך די איבונגען אויף מאַנעקענען און מתים האָבן צו גאָרנישט געבראַכט.

ערשט מיט צוויי וואָכן שפּעטער איז מיר דאָס ערשטע מאָל בעלונגען אַריינצוזעצן אַ רערל אין אַ לעבעדיקן האַלדז אַריין. נאָר

לאַנג נאָכדעם בין איך נאָך נישט זיכער געווען, ווען ס'איז מיר אויסגעקומען אינטובירן, צי וועט זיך מיר די אָפּעראַציע איינגעבן.

טיילמאָל האָט זיך געטראָפן, אַז אויסמײַטשענדיק זיך מיטן קינד צוזאמען, האָב איך געמוזט שיקן נאָכן אַסיסטענט, וועלכער האָט דאָס רערל אַרײַנגעזעצט.

דאָס אַלץ איז זייער שרעקלעך, נאָר ווי אַזוי טוט מען-זשע אַנדערש? די אָפּעראַציע איז אַזוי בײַטיק, זי ראַטעוועט אַזוי באַשייג-פּעלעך דאָס לעבן...

דאָס פֿיל איך ערשט איצט, ווען דאָס שרעקלעכע איז שוין פאַריבער, ווען איך קען זיך אונטערנעמען צו אינטובירן באַ די שווער-סטע באַדינגונגען. ערשט נישט לאַנג האָב איך באַדאַרפט אינטובירן אַ פינפיעריק מיידעלע; מען האָט איר נעכטן אַרײַנגעזעצט אַ רערל, זי האָט עס אָבער אַרויסגעהוסט.

דאָס קראַנקע קינד האָט מען אַרײַנגעטראָגן אין אָפּעראַציע-צימער; איך האָב צוגעגרייט די אינסטרומענטן. דאָס מיידעלע איז געזעסן באַ דער וועכטערין אויף דער האַנט, אַ ווייסע, מיט טראָפּנס שווייס אויפן שטערן, מיט אַן אויסדרוק פון יענע שרעק-לעכעליידן, וועלכע עס פילן נאָר אַזעלכע מענטשן, וועלכע ווערן דערשטיקט.

ווי נאָר זי האָט דערזען די אינסטרומענטן, האָבן אירע טרויעריקע אויגן אַ פונקל געטון; זי האָט אַליין געעפנט דאָס מויל און מיט אַ שוואַכער האָפנונג געקוקט אויף מיר. דאָס האַרץ האָט מיר פאַרקלעמט. שנעל און געשיקט האָב איך איר אַרײַנגעפירט דאָס רערל אין האַלדז אַרײַן; איך האָב אַליין הנאה געהאַט פון מיין געשיקטקייט. דאָס מיידעלע האָט זיך אויפגעזעצט אויף דער סאָפע און האָט מיט דער גאַנצער ברוסט איינגעאָטעמט לופט; אירע בעקעלעך זענען ראָז געוואָרן, די אייגעלעך האָבן געגלאַנצט פון גליק.

— נו איצט איז דיר לייכט צו אָטעמען? — האָב איך זי געפרעגט.

זי האָט שווייגנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ

— דאַנק דעם דאָקטאָר, זאָג „אַ דאַנק“, — האָט געשמייכלט די באַרמהערציקע שוועסטער צום קינד.

— אַ—דאַנק! — האָט דאָס מיידעלע געפּליסטערט, קוקנדיק אויף מיר פון אונטער די הויך־אויפגעהויבענע בּרעמען מיט ליבּ־שאַפט.

איך בין צוריקגעגאַנגען אין דער דיזשור־שטוב אַריין און זיך געלייגט שלאָפן. לאַנג האָב איך אָבער נישט געקענט איינשלאָפן; איך האָב שמייכלענדיק געקוקט אין דער פינסטערניש אַריין. פאַר מיר איז אויפגעשווומען דאָס גליקלעכע קינדישע פּנימל און איך האָב געהערט דאָס שוואַכע שעפּטשען: „אַ דאַנק!“...

יאָ, אַזעלכע מינוטן מאַכן מילדער די זכרונות פונם דורכגע־גאַנגענעם וועג, אין אַ גרויסער מאָס בעטן זיי איבער מיט אים: אַנדערש איז נישט מעגלעך, און וואָלט נישט געווען דער ערשטער, וואָלט אויך נישט געווען דער לעצטער.

אָבער י ע נ ע, די ערשטע קרבּנות, וואָס פאַר אַן עסק האָבן זיי צו יענעמס ווילשטאַנד, פאַר וועלכן זיי האָבן געליטן יסורים?

און וויפיל יסורים, וויפיל אומגעקומענע לעבנס ליגן אויפן וועג פון יעדן דאָקטאָר.

„אונדזערע פאָרשריטן שטייגן איבער בּערג מתים“, — איז זיך בילראָט מודה אין אַ פּריוואַטן בריוו.

צום בולטסטן געדענק איך מיין ערשטע טראַכעאָטאָמיע; זי וועט מיר מיין גאַנץ לעבן שטיין פאַר די אויגן ווי אַ קאָשמאַר.

איך האָב פיל מאָל אַסיסטירט מיינע קאָלעגעס בשעת טראַ־כעאָטאָמיע, פיל מאָל האָב איך זי דורכגעמאַכט אויף מתים, ענד־לעך האָט מען מיך געהייסן מאַכן טראַכעאָטאָמיע אויף אַ לעבעדיק

מיידעלע, וועלכער די אונטובאציע האָט מער נישט געהאָלפן. איין דאָקטאָר האָט די קראַנקע כלאָראָפאָרמירט, סטראַטאַנאָוו איז געווען מיין אַסיסטענט, גרייט יעדער מינוט מיר צו קומען צו הילף.

באַלד באַם ערשטן שניט, וועלכן איך האָב געמאַכט אויפן קינדס ווייסן, דיקלעכן העלדזעלע, האָב איך דערפילט, אַז איך בין נישט בכוח צו דערשטיקן מיין אויפרעגונג; די הענט האָבן מיר געציטערט.

— זייט נישט אויפגערעגט, אַלץ איז אין אָרדנונג, — האָט סטראַטאַנאָוו רויק געזאָגט, אָנכאַפנדיק די פאַרבלוטיקטע הויט מיטן פינצעט (צווענגעלע) לעבן מיינעם. אָט דאָס איז דער פאָדערביין באַם גאָרגל (די דרייקאַנטיקע דריז), טיילט אָפּ די הויט!... גייט מיט דער שטומפּיקער זייט!... אָט אַזוי, גוט...

איך בין ענדלעך צוגעקומען מיטן לאַנצעט (אָפּעראַטאָריש מעסער) צו דער טראַכיי, געשווינד האָב איך דורכגעשניטן דאָס פלייש און אַוועקגעשאַרט די שוואַרצע אָנגעשוואָלענע אָדערן.

— פאַרזיכטיקער, דריקט נישט אַזוי, — האָט סטראַטאַנאָוו געזאָגט — איר וועט אויף אַזאַ אופן צעברעכן אַלע רעדעלעך פון דער טראַכיי! איילט אייך נישט!

אונטער מיין פינגער האָבן זיך צוזאַמען מיטן מיידעלס אָטעם געגליטשט די גלאַטיקע, ביינערנע רעדעלעך פון דער טראַ-כיי; איך האָב זי פיקסירט מיטן האָקן און איינגעשניטן; פונם שניט האָט שוואַך געפייפט די לופט.

— גיט אַהער דעם פאַרברייטערער!

איך האָב אינם שניט אַריינגעזעצט דעם פאַרברייטערער... צו דאַנקען גאָט, עס דערנענטערט זיך שוין דער סוף. גאָר פון הינטערן פאַרברייטערער הערט זיך נישט דער כאַראַקטעריסטישער פייף פון דער לופט, וועלכע גייט פריי אַדורך די טראַכיי.

— איר האָט שלעכט אַריינגעזעצט דעם פאַרברייטערער, דער־לעבן! — האָט פלוצלינג סטראַטאָנאָוו נערוועז אויסגעשריגן.

איך האָב אַרויסגענומען דעם פאַרברייטערער און מיט צי־טערדיקע הענט אים ווידער אָנגעהויבן אַריינזעצן, — ווידער נישט אויפן ריכטיקן אָרט. איך בין וואָס אַמאָל מער צעמישט געוואָרן.

דאָס טיפע לעכעלע פון דער ווונד איז אַלע מאָל פאַרלאָפן געוואָרן מיט בלוט און די באַרמהערציקע שוועסטער האָט עס שנעל אויסגעווישט מיט אַ פּיצעלע וואַטע, די ווונד איז גרעסער געוואָרן.

די באַרמהערציקע שוועסטער איז געשטאַנען מיט אַ ליידנדיק פּנים, פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ; די וועכטערין, וואָס האָט צו־געהאַלטן דאָס קינד באַ די פיס, האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, כּדי נישט צו זען דאָס שרעקלעכע בילד.

סטראַטאָנאָוו האָט באַ מיר אַרויסגענומען פון דער האַנט דעם פאַרברייטערער און אַליין אים אָנגעהויבן אַריינצוזעצן. ער האָט אָבער לאַנג נישט געקענט געפינען דעם שניט. מיט גרויס מי איז אים ענדלעך געלונגען אַריינצופירן דעם פאַרברייטערער; עס האָט זיך דערהערט אַ פייפן, און פון דער טראַכיי זענען זיך אויף אַלע זייטן צעפלויגן טראָפּנס בלוט.

— קאָלעגע, עס איז דאָך נישטאָ וואָס צו דערקלערן, עס איז דאָך אַן און פאַר זיך פאַרשטענדלעך, — האָט צו מיר נאָך דער אָפּעראַציע געזאָגט סטראַטאָנאָוו: — דער שניט דאַרף גע־מאַכט ווערן אין סאַמע מיטן פון דער טראַכיי, איר האָט אָבער געמאַכט דעם שניט אין דער זייט; אַ חוץ דעם, צוואָס טויג אַזאַ גרויסער שניט?

„צוואָס?!“ אויפן מת און אויפן מאַנעקען זענען באַ מיר די טראַכעאָטאָמיעס געווען אין דער מאָס און אין סאַמע מיטן...

באַ דער קראַנקער האָט זיך געמאַכט פון דער ווונד דיפטע־

ריט. די באַנדאַזשן האָט מען געמוזט בייטן צוויי מאָל אין טאָג, די גאַנצע צייט האָט זי געהאַט בערך פערציק גראַד היץ. אין דעם פוילנדיקן לאָך פון דער ווונד האָט זיך דאָס רערל נישט געקענט האַלטן; די מאַרלע האָט מען געמוזט פאַרבינדן שטייף אַרום דער ווונד, פונדעסטוועגן האָט זיך דאָס רערל געהאַלטן גאָר שוואַך און סטראַטאָנאָוו האָט זי אַליין באַנדאַזשירט, און מיר אפילו די דאָזיקע פונקציע נישט געוואָלט אָנגעטרויען.

איינמאָל, ווען מ׳האָט אויפגעבונדן דעם באַנדאַזש, האָבן מיר באַמערקט, אַז אַ טייל פון דער טראַכיי איז אָפּגעשטאָרבן. דער ענין איז געוואָרן פאַרוויקלטער. דאָס רערל האָט זיך בשום אופן נישט געוואָלט האַלטן, דאָס מיידעלע האָט שווער געאָטעמט.

דאָס באַנדאַזשירן און באַטראַכטן די שרעקלעכע ווונד האָט דעם קינד פאַרשאַפט שרעקלעכע יסורים. זי איז געלעגן, אויסגלאָצנדיק די אויגן, געוואָרפן מיט די פיסלעך און געמאַכט געוואַלטיקע אָנשטרענגונגען אַרויסצורייסן זיך פון דער ווערטערינס הענט; דאָס פנימל האָט זיך איר געקרומט פון ווייטיק, זי האָט אָבער נישט געוויינט, מ׳האָט קיין קול נישט געהערט; באַ טראַכעאָטאָמירטע גייט די לופט פון די לונגען אין רערל אַריין, אויסמיידנדיק די עפענונג, וווּ עס געפינט זיך דער קול-אַפּאַראַט. זיי קענען דעריבער נישט רעדן, נישט שרייען און בכלל נישט אַרויסברענגען קיין קול. דאָס באַנדאַזשירן האָט זייער וויי געטון, נאָר מ׳האָט זי נישט געטאָרט כלאָראָפאָרמירן, ווייל דאָס האַרץ איז באַ איר געווען שוואַך.

סטראַטאָנאָוו האָט געענדיקט דאָס באַנדאַזשירן; דאָס מיידעלע האָט זיך אויפגעזעצט; סטראַטאָנאָוו האָט זי באַטראַכט.

— זי אָטעמט פאָרט שלעכט! — האָט ער געזאָגט אַ בלאַסער ווי די וואַנט און האָט פונדאָסניי אָנגעהויבן פאַריכטן דאָס רערל.

דעם מיידעלעס פנימל האָט זיך אויפגעהערט צו קרומען;

זי איז געזעסן רויִק און געקוקט איבער אונדזערע קעפּ אַריבער. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ מאָדנע גערודער, אַ שוואַכער און אַ שרעקלעכער... שטאַרק צוזאַמענפּרעסנדיק די באַקן, האָט דאָס מיידעלע געקריצט מיט די ציין.

— איי, ניוטקע, זיי געדולדיק, עס וועט דיר באַלד אויפֿהערן ווי צו טון! — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט מיט אַ קול פֿול רחמנות און געגלעט דאָס מיידעלע איבערן בעקל. דאָס מיידעלע האָט מיט ברייט-געעפֿנטע אויגן געקוקט צו דער טיר און געהאַלטן אין איין קריצן מיט די ציין; אין מויל האָט בא איר אַלץ געקנאַקט, פּונקט ווי זי וואָלט געקייט קאַרמעלן; דאָס איז געווען אַ שרעקלעך קריצן; מיר האָט אויסגעוויזן, אַז זי האָט דאָרט אַלץ צעקייט אויף פּיצפּיצלעך, און איר מויל איז פֿול מיט אַ קאַשע פֿון פֿון די צעקייטע ציין...

אין דריי טעג אַרום איז דאָס קינד געשטאָרבן. איך האָב געשוווירן מער קיין טראַכעאָטאָמיע נישט צו מאַכן.

וואָס האָב איך אָבער דערמיט דערגרייכט? מיינע חברים, וועלכע האָבן גלייך מיט מיר אָנגעהויבן אַרבעטן, וועלכע זענען אָבער נישט אַזוי ווייכהערציק, קענען איצט ראַטעווען אַ מענטשלעך לעבן אין דער צייט, ווען איך שטיי אומבאַהאָלפֿן.

אַנדערהאַלבן יאָר נאָך מיין ערשטער און לעצטער טראַכעאָטאָמיע האָט מען בשעת מיין דעזשורירן געבראַכט אין אונדזער שפּיטאָל אַריין אַן אַרבעטער מיט אַ סיפיליטישער פֿאַרשמאָלונג פֿונם גאָרגל. אַ חודש צייט האָט זיך בא אים די פֿאַרשמאָלונג פֿון דעם גאָרגל פּראָגרעסיוו אַנטוויקלט, דער קראַנקער האָט שוין כמעט דעם צווייטן מעת-לעת נישט געקענט אָטעמען.

ער איז געזעסן אַן אויסגעדאַרטער, מיט צעשויבערטע עטלעכע האָר אויפֿן גאָלן קאָפּ, דאָס פּנים שוואַרץ ווי די ערד, און

האָט זיך מיט ביידע הענט געהאַלטן בײַ דער ברוסט, אָטעמענדיק שווער מיט אַ הייזעריקן כריפּען.

איך האָב געשיקט נאָכן אַסיסטענט, דערווײַל האָב איך גע־הייסן אַרײַנפירן דעם קראַנקן אין אָפּעראַציע־זאַל.

דער אַסיסטענט איז אַרײַנגעקומען. ער האָט אים באַטראַכט.

— מען מוז דיר מאַכן אַן אָפּעראַציע, אויפשניידן דעם האַלדז — האָט ער געזאָגט.

— גוט, גוט, נאָר גיכער. גיכער, ווי גאָט איז אײַך ליב. — האָט דער קראַנקער געשעפּטשעט און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

בשעת מ׳האָט צוגעגרייט די אינסטרומענטן, האָט מען אים געגעבן צו אָטעמען זויער־שטאָף.

— נו, לייג דיך, — האָט אים מײַן קאָלעגע ענדלעך געזאָגט.

דער קראַנקער האָט זיך איבערגעצלמט און די באַדינער האָבן אים געהאָלפן אַרויפקריכן און זיך לייגן אויפן אָפּעראַציע־טיש. בשעת מ׳האָט אים געוואַשן דעם האַלדז, האָט ער געאָטעמט מיט זויער־שטאָף. איך האָב בײַ אים געוואָלט אָפּנעמען דאָס רערל, ער האָט עס אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט און געבעטן:

— נאָך אַביסעלע, לאָזט מיך נאָך אַ ביסעלע כאַפּן פרישע לופט, — האָט ער הייזעריק געשעפּטשעט.

— גענוג, גענוג! באַלד וועט דיר לייכטער ווערן! — האָט מײַן קאָלעגע געזאָגט — פאַרמאַך די אויגן.

דער קראַנקער האָט זיך נאָכאַמאָל איבערגעצלמט און האָט צוגעמאַכט די אויגן.

מען האָט אים געמאַכט די אָפּעראַציע אונטער קאָקאַין. מײַן קאָלעגע האָט אָנגעהויבן שניידן, איך האָב מיט האַקלעך צענומען די ברעגן פון דעם שניט; מײַן קאָלעגע האָט אויפגעשניטן דעם פּאַדערשטן בײַן בײַם ווײַשיט — דער הוסט האָט אַרויסגעשפּריצט

פון דעם שניט שטיקער לייכעץ מיט בלוט. מיין קאָלעגע האָט אַריינגעזעצט דאָס רערל און פאַרבאַנדאַזשירט דעם האַלדז.

— פאַרטיק!

דער קראַנקער האָט זיך אויפגעהויבן, טיף אַריינגעצויגן דעם אָטעם און מיט אַ לייכטנדיק פּנים פון פרייד און פאַרוווּנדערונג געקוקט אַרום זיך און געשמייכלט.

— נו, ברודער, מען האָט דיך גוט צעטרייבערט? האָט זיך מיין קאָלעגע צעלאַכט.

אַלע אַרום האָבן געלאַכט; עס האָבן געלאַכט די באַרמהערציקע שוועסטערס, די וועכטעריגס, די דינערס... דער קראַנקער האָט געשמייכלט אַ גליקלעכער און אַ דערשטוינטער; ער האָט געעפנט דאָס מויל און באַוווּנדערט די אַלמעכטיקייט פון אונדזער מעדיצין.

אויפן צווייטן טאָג בין איך אַריינגעגאַנגען צו אים אין זאַל אַריין. דער קראַנקער האָט מיך באַגעגנט מיט דעם זעלבן פאַרוווּנדערטן שמייכל.

— וואָס מאַכט מען? — האָב איך אים געפרעגט.

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געוויזן מיט די הענט, ווי גוט עס איז אים...

איך בין אַרויסגעגאַנגען מיט אַ שווער געמיט. דער געדאַנק, אַז איך וואָלט אים נישט געקענט ראַטעווען און אַז ווען מיין קאָלעגע זאָל דערביי נישט זיין, וואָלט דער קראַנקער זיכער געשטאָרבן, דער געדאַנק האָט מיך זייער געפּלאָגט.

איך האָב געטראַכט: מיינע אַלע שבֿועות זענען גאָרנישט ווערט! וואָס זאָל מען פאָרט טון? בילראָט איז גערעכט: „אונדזערע פאָרשריטן גייען איבער בערג מתים", קיין אַנדערער וועג איז אָבער נישט פאַרהאַן. מען דאַרף לערנען, מ׳טאָר נישט פאַרצווייפלט ווערן פון די דורכפאַלן...

נאָר באַלד דערויף האָב איך דערהערט דאָס קריצן מיט די ציין פֿונם דערהרגעטן מיידעלע און איך האָב אַ פֿאַרצווייפלטער געטראַכט: אַז איך קען נישט! איך קען נישט מער... די האַנט וועט זיך באַ מיר נישט אויפהייבן צו מאַכן אַ נייע אָפּעראַציע.

וואָס דאַרף איך פֿאָרט טון אין אַזאַ פֿאַל? איך האָב דאָך די פֿראַגע נישט געלעזט, נאָר פּשוט אַנטלאָפֿן פֿאַר איר? איך פּערזענלעך האָב דאָס געקענט טון, וואָס וואָלט אָבער געווען, ווען אַלע זאָלן נאָכטון מיין ביישפּיל?

איינער, אַן אַלטער דאָקטאָר, וועלכער האָט פֿאַרוואַלטעט מיט דער כירורגישער אָפּטיילונג פֿון שטאָט-שפּיטאָל אין .N, האָט מיר דערציילט וועגן די צרות, וועלכע ער האָט געליטן, בשעת ער פֿלעגט צולאָזן יונגע דאָקטוירים מאַכן די ערשטע אָפּעראַציע. — „מען מוז זיי דאָך לאָזן, — זיי מוזן דאָך אויך לערנען; נאָר ווי קען איך רויִק צוקוקן, ווי יענער פֿאָרט מיטן מעסער גאָט ווייסט וווהין!?...

און ער נעמט טאַקע צו דאָס מעסער באַם אָפּעראַטאָר און פֿאַרענדיקט טאַקע אַליין די אָפּעראַציע. דאָס איז ערלעך, נאָר... די דאָקטוירים, וועלכע אַרבעטן באַ אים אין דער אָפּטיילונג, דערציילן, אַז עס לוינט זיך נישט צו לערנען באַ איִם, ווייל כאָטש ער איז אַ גוטער כירורג, קען מען זיך באַ אים גאָרנישט אויסלערנען. דאָס איז פֿאַרשטענדלעך: אַזאַ כירורג, וועלכער באַציט זיך אַזוי באַרמהערציק צו זיינע פּאַציִענטן, קען קיין גוטער לערער נישט זיין.

אָט וואָס עס דערציילט צבשפּ. אַ רוסישער דאָקטאָר, אַ רייזנדער, וועגן באַוווּסטן דערפֿינדער פֿון דער אַנטיסעפּטיק, פּראָפֿעסאָר לישטער: „ער נעמט זיך צופֿיל צום האַרץ די אינטערעסן פֿון זיינע פּאַציִענטן און שטעלט צו הויך זיין מאָראַלישן חוב לגבי יעדן מענטש, וועלכער ווערט דורך אים אָפּערירט. דעריבער טאַקע האָט

לישטער זעלטן ווען אַנפּאַרטרויט אָפּעראַציעס זיינע אַסיסטענטן און בכלל מאַכט ער אפילו באַנדאַזשן אַליין. דעריבער טאַקע האָבן נישט זיינע אַסיסטענטן די נייטיקע כירורגישע רגילות".

אויב מ'זאָל אין זין האָבן יעדן קראַנקן באַזונדער, קען מען זיך גאָרנישט אַנדערש באַציִען צו דער זאַך.

דער זעלבער רייזנ ער, פּראָפעסאָר א. מאַובער, דערציילט וועגן די דייטשישע קליניקעס פאָלגנדעס: „ס'איז אַ גרויסער חילוק צווישן די אָפּעראַציעס, וועלכע ווערן געמאַכט דורך די אומגעשיקטע אַסיסטענטן און וועלכע עס מאַכט דער פּראָפעסאָר אַליין; די ערשטע צעהאַקן די אָדערן, שניידן זיי איבער צו הויך, צעקאַלעטשען די מוסקולן, און דאָס אַלץ ווירקט זייער שלעכט אויפן גאַנצן גאַנג פון דער אָפּעראַציע!

נאָר צוואָס טויגן באַווייזן דערויף, אז אין פּראַקטיק קען מען נישט זיין קיין געניטער אָפּעראַטאָר?

ווי איז-זשע פאַרהאַן אַן אויסוועג? אַרויסגייענדיק פונם מעדיצינישן שטאַנדפּונקט, קען מען זיך נאָך דערמיט איבערבעטן: „מ'קען סיי ווי גאָרנישט אויפטון". נאָר ווען איך שטעל מיר פאָר, אז דאָס בין איך דער פּאַציענט, וועלכער לייגט זיך אונטערן מעסער פון אַ כירורג, וואָס מאַכט די ערשטע אָפּעראַציע, — קען איך מיט אַזאַ דערציילונג נישט בלייבן צופרידן; איך פיל, אַז עס מוז זיין אַן אַנדערער אויסוועג, אַזוי קען עס נישט בלייבן!

אויף אַן אויסוועג פון דער לאַגע האָט נאָך אין די דרייסיקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט אָנגעוויזן דער באַוווסטער פראַנצויזישער פיזיאָלאָג מאַזשאַנדי.

„אַ גוטער כירורג פון אַנאַטאָמישן טעאַטער איז נאָך נישט קיין גוטער שפּיטאָל-כירורג, — זאָגט ער — ער וועט יעדעס מאָל מאַכן גרויסע פעלערן, ביז ער וועט זיך אויסלערנען אָפּערירן זי

כער און פעסט. די זיכערקייט וועט ער ערשט דאַן באַקומען, ווען ער וועט פּראַקטיצירן לאַנגע יאָרן; די דערפאַרונג וואָלט ער אָבער פריִער געקענט באַקומען, ווען זיין לימוד זאָל זיין צוועקמעסיקער. דערין איז שולדיק דער סיסטעם פונם לימוד, וועלכער ווערט אָנגעווענדט ביז היינטיקן טאָג אין אונדזערע שולן. די שטודירנדיקע גייען אוממיטלבאַר איבער פון טויטע צו לעבעדיקע, און זיי מוזן באַקומען די דערפאַרונג אויפן חשבון פון הומאַניטאַרישקייט, אויפן חשבון פונם לעבן פון זייערס גלייכן.

מיינע הערן! איידער איר גייט צו צום מענטש, רעכנט אייך איבער: זענען דען נישט פאַרהאַן באַשעפענישן, וועלכע מוזן האָבן אין אונדזערע אויגן אַ קלענערן ווערט ווי אַ מענטש?

איך וויל זאָגן, אַז כדי צו באַקומען אַ פולקאָמע מעדיצינישע אויסבילדונג, זאָל מען פריִער מאַכן אָפּעראַציעס אויף לעבעדיקע חיות. ווער עס ווערט געוווינט צו אַזעלכע אָפּעראַציעס, דער לאַכט פון די שוועריקייטן, פאַר וועלכע עס בלייבן שטיין אומבאַהאָלפן די מערהייט כירורגן".

די דאָזיקע עצה מאַזשאַנדיס איז לייכט דורכצופירן; פונדעסטוועגן ווערט אין ערגעץ נישט איינגעפירט דער סיסטעם. ווען אַ כירורג דערפינדט אַ נייע אָפּעראַציע, פּרוווט ער זי אויס אויף חיות. איך ווייס אָבער נישט פון קיין איינציק אָרט אויף דער וועלט, ווו יונגע כירורגן זאָלן צוגעלאָזט ווערן מאַכן אָפּעראַציעס אויף מענטשן ערשט דאַן, ווען זיי האָבן פּראַקטיצירט אַ צייט פריִער אויף חיות.

נאָר ווי קען מען גאָר דאָס פאָדערן, ווען פאַר דער ערשטער אָפּעראַציע אויף אַ לעבעדיקן מענטש מאַכט מען אַפילו נישט קיין געניגנדע צאָל איבונגען אויף טויטע!

אין די דרייסיקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט האָט אַ

כירורג, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט אַנאַטאָמיע, אַרויסגערופן אַ שפּאָטיש געלעכטער.

דער פּראָפעסאָר דיפענבאַך האָט געזאָגט אויפן יונגן פראַנצויזישן כירורג וועלפּאָ: „ער איז עפּעס אַ אַנאַטאָמישער כירורג". ווי פּיראָגאָוו זאָגט, איז דיפענבאַכס מיינונג געווען די ערגסטע רעקאָמענדאַציע פאַר אַ כירורג.

אַזוי איז געווען אין די דרייסיקער יאָרן, — נאָר אָט וואָס פּראָפ. טאַובער דערציילט וועגן די היינטיקע כירורגן:

„אין דייטשלאַנד לערנען זיך געוויינטלעך די יונגע אַסיסטענטן פון די כירורגישע קליניקעס נישט אויף מתים, נאָר אויף לעבעדיקע מענטשן. קיינער וועט נישט אָפּלייקענען, אַז דאָס בלוט, וואָס רינט אונטערן מעסער, די לעבעדיקע צאַפּלדיקע מוסקולן, אַרבעטן אויס באַם יונגן כירורג דרייסטקייט, דערפינדלעכקייט און זיכערקייט; איך מיין אָבער, אַז פון דער צווייטער זייט זענען די איבונגען מיט אַ אומגעניטער האַנט אויף אַ לעבעדיקן מענטש נישט הומאַניטאַריש און נישט פּאַסנד פאַר די אויפגאַבן פון דער מעדיצין".

איך גלייב, אַז נאַזשאַנדיס סיסטעם וואָלט געקענט אין אַ געוויסער מאָס אָפּשאַפן דעם בלוטיקן פּרייז, וואָס די מענטשהייט צאָלט דער וויסנשאַפט פאַר געניטע כירורגן: מענטשן וואָלטן נישט געדאַרפט מיטן לעבן באַצאָלן פאַר דער אָפּעראַטאָרישער אויסבילדונג.

דאָס איז אָבער ביז אַ געוויסער מאָס. ווי קען מען דען וויסן, ווען אַ כירורג הייסט שוין „גענוג" דערפאַרן? איז דען פאַרהאַן צו דעם אַ גרענעץ?

אין יאָר 1873, באַ זיין העכסטן רום, האָט בילראָט געשריבן צו זיינס אַן אַלטן באַקאַנטן: „איך האָב אַ סך פּאַציענטן, וועלכע דאַרפן באַ מיר אָפּערירט ווערן, אין דער צוקונפט שטייען מיר פאַר נאָך מער פּאַציענטן; זיי פאַרגעסן אַלע געדאַנקען מיינע;

מיט יעדער יאָר ווערט זייער צאָל גרעסער, די לאַסט ווערט אַלץ שווערער און שווערער. מיט אַ שעה צוריק בין איך אַוועקגעגאַנגען פון אַ פרוי, וועלכע איך האָב נעכטן אָפּערירט, — אַ שרעקלעכע אָפּעראַציע... מיט וואָס פאַר אַ בליק האָט זי מיך היינט אָוונט באַגעגנט! „וועל איך לעבן בלייבן?" האָט דער בליק געפרעגט. איך האָף, אַז זי וועט לעבן; אונדזער קונסט איז אָבער אַזוי אומ-מעכטיק! איך וואָלט געוואָלט אונטער זיך האָבן כאָטש הונדערט יאָר פּראַקטיק, — אפשר וואָלט איך דאַמאָלס עפּעס געקענט אויפ-טון. אונדזערע דערפאָלגן אָבער קריכן פּאַמעלעך, און דאָס, וואָס איינער דערוואַרבט, ווערט אַזוי שווער איבערגעגעבן דעם אַנדערן! דער, וואָס לערנט עפּעס פון יענעם, מוז דאָס וויכטיקסטע אַליין דורכמאַכן!

די כירורגיע איז אַ קונסט, און אַלס אַזעלכע פאָדערט זי צומיינסטן שאַפונג, זי וויל צום ווייניקסטן וויסן פון שאַבלאָן. ווו ס'איז דאָ שאַבלאָן, דאָרט איז קיין פעלער נישטאָ, ווו ס'פאָדערט זיך אָבער שאַפונג, דאָרט איז יעדע מינוט מעגלעך אַ גרייז. דורך אַ לאַנגן וועג גרייזן און פּלאָנטערנישן אַרבעט זיך אויס אַ „מייס-טער", און דער וועג ליגט ווידער איבער אַ „באַרג מתים"... ביל-ראָט, בשעת ער איז געווען אַ יונגער דאָצענט, האָט געשריבן זיין לערער באַום וועגן אַ קראַנקן, וועלכן מ'האָט דריי מאָל אין משך פון איין וואָך אויסגעצויגן דעם פוס, און ס'איז גאָרנישט אויפן גע-דאַנק געקומען, אַז באַם קראַנקן איז דער פוס צעבראָכן. „דאָס אויסציען דעם פוס האָט זייער שטאַרק געווירקט אויף די געשוואָ-לענע טיילן, דער קראַנקער האָט באַקומען גאַנגרענע און איז גע-שטאָרבן... דער פאָרפאַל איז פאַר מיר זייער באַלערנד, ווייל דער דאָזיקער פאַל, צוזאַמען מיט פיל אַנדערע ענלעכע פאַלן, האָט מיר דערוויזן, וואָס מען טאָר נישט טון, זאָל עס נאַטירלעך צווישן אונדז בלייבן".

דער ענגלישער כירורג פעדזשעט דערציילט פון זיין פּראַקטיק פאָלגנדעס: „אַ יונגן מענטש האָב איך געמאַכט אַן אָפּעראַציע אויף אַ פוס; נאָכן פאַרענדיקן די אָפּעראַציע האָב איך אַרומגעלייגט אַרום דעם פוס אַ קלעבעדיקן פּלאַסטער. אַרום דעם פּלאַסטער האָב איך אַרומגעבונדן אַ באַנדאַזש. אויפן צווייטן טאָג איז דער גאַנצער פוס געשוואָלן געוואָרן און אויפן פערטן טאָג האָט זיך אַנטוויקלט אַ שאַרפע אָנצינדונג. שפּעטער האָט זיך געעפנט אַ בלוט-אָפּפלוס, פון וועלכן מיין פּאַציענט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן און געשטאָרבן.

די דירעקטע סיבה פון זיין טויט איז געווען דאָס שטיקל פּלאַסטער, וועלכעס איז געלעגן אויפן פוס צוויי טעג נאָכאַנאַנד.

פון דעם מאָל אָן בין איך מער אַזאַ פעלער נישט באַגאַנגען. ווי קליין די סיבה זאָל נישט זיין, האָט זי דאָך געקאָסט דעם מענטש דאָס לעבן."

אַן אמת בילד פונם פּראָצעס. ווי אַזוי עס ווערן אויסגעבילדעט געניטע כירורגן, האָט געגעבן פּיראָגאָוו אין זיינע „זכרונות פון דער דאָרפּאַטישער כירורגישער קליניק", וועלכע זענען דערשינען אין דייטש אין די דרייסיקער יאָרן און האָבן אָנגעמאַכט אַ גרויסן רושם.

מיט דער אָפנהערציקייט פון אַ זשעני דערציילט ער אין דער דאָזיקער „ווידוי" זיינער וועגן אַלע טעותים און פעלערן, וועלכע ער האָט געמאַכט, זייענדיק פירער פון דער קליניק, דאָס וואָס אַנדערע האָבן זיך דערלויבט צו דערציילן נאָר אין פּריוואַטע בריוו, באַמערקנדיק „צווישן אונדז זאָל עס בלייבן", האָט פּיראָגאָוו צו וויסן געגעבן דער גאַנצער וועלט. דאָס בילד, וועלכעס ער שטעלט פאַר אונדז פאָר, איז שווידערלעך.

יאָ, דאָס אַלץ איז אומפאַרמיידלעך, קיין שום אויסוועג פון

דעם איז נישטאָ, אַזוי מוז עס בלייבן: קעגן דעם מוזן אַנטשוויגן ווערן אפילו די געוויסנסביסן.

פונדעסטוועגן וואָלט איך אַליין נישט געוואָלט זיין דער קרבן פון דער דאָזיקער אומפאַרמיידלעכקייט, אויך קיינער פון די קרבנות וויל נישט זיין קיין קרבן...

אָך, וויפיל פאַרשאָלטענע פראַגן אַזעלכע געפינען זיך אין דער שרעקלעכער וויסנשאַפט, אין וועלכער מ׳קען קיין טריט נישט מאַכן, אַז מ׳זאָל זיך נישט אָנשלאָגן אָן קיין לעבעדיקן מענטש!

## VII

אין יאָר 1888 האָט דער בוקאַרעשטער פּראָפעסאָר פּעטרעסקו פאָרגעלייגט צו היילן אַ קרופּ־אָנצינדונג אויף די לונגען מיט זייער גרויסע פּאָרציעס קיפּער־זויער־שטאָף, צען מאָל גרעסערע, ווי ס'איז ביז איצט אָנגענומען געווען. אויפן סמך פון זיינע לאַנגיאָריקע פאָרשונגען, האָט ער פאַרזיכערט, אַז די שטערבלעכקייט בײַ דער דאָזיקער היילונג איז פאַרקלענערט געוואָרן פון 30 אויף 3 פּראָצענט. די קרענק איז „ווי מיט דער האַנט אַראָפּגענומען געוואָרן."

פּעטרעסקוס ראַפּאָרט אין דער פּאַריזער מעדיצינישער אַקאַדעמיע וועגן זיין נײַעם מיטל האָט געמאַכט אַ רושם און צוגעצויגן די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. — די רעזולטאַטן, וועלכע ער האָט איבערגעגעבן, זענען געווען ווונדערלעך. זיין ביישפּיל האָבן אָנגעהויבן נאָכטון אַנדערע דאָקטוירים און זענען זייער צופרידן געבליבן.

איך בין דאַמאָלס געווען פאַרוואַלטער פון אַ שפּיטאָל־אָפּטיילונג, וווּ עס זענען געלעגן פיל קראַנקע אויף קרופּ־פּניימאָניע. איך האָב אָפּגערעדט מיטן עלטסטן אָרדינאַטאָר און מיר האָבן באַשלאָסן אויסצופּרוון פּעטרעסקוס מיטל.

מיט אַ קליינער צייט צוריק האָב איך איבערגעלייענט אין „באָטקינס שפּיטאָל-צייטונג" דר' רעכטזאַמערס אַרטיקל וועגן דעם מיטל. כאָטש ער האָט געזאָגט, אַז פּעטרעסקוס האָפנונגען זענען איבערגעטריבענע, דאָך האָט ער נישט אָפּגעלייקנט, אַז אַ טייל פון זיינע קראַנקע זענען געזונט געוואָרן נאָר אַ דאַנק פּעטרעסקוס מיטל; לויטן אויטאָרס מיינונג האָט מען געמעגט רעקאָמענדירן דאָס מיטל אַלס דאָס לעצטע אין שווערע פאַלן בּאַ אַלקאָהאָליקער און אַלטע לייט.

„אין קיין איינציקן פאַל — האָט דר' רעכטזאַמער באַמערקט — האָב איך נישט קאָנסטאַטירט קיין פאַרגיפטיקונג דורך קופּער-זויער-שטאָף".

צו מיר אין דער אָפּטיילונג האָט מען געבראַכט אַ קראַנקן, אַן אַלטן מולער; די רעכטע לונג איז בּאַ אים אינגאַנצן געווען אָנגעריַרט, ער האָט זייער שווער געאָטעמט, געקרעכצט און גע-וואָרפן זיך, זיין ווייב האָט געזאָגט, אַז ער טרינקט בראָנפן פון קינדווייז אָן. איך האָב דעריבער באַשלאָסן איינצוגעבן דעם קראַנקן קופּער-זויער-שטאָף לויט פּעטרעסקוס רעצעפּט.

אונטערשרייבנדיק דעם רעצעפּט, האָב איך זיך נישט ווילנ-דיק אָפּגעשטעלט, — אַזוי בין איך נשתומם געוואָרן פון זיין אוי-סערגעוויינלעכן אויסזען. אויף אים איז געווען געשריבן:

Rp. Inf. fol. Digitalis ex 8,0 (!) : 200,0 DS. (!)

יעדער שעה אַן עס-לעפל. —

דאָס הייסט: 200 גראַם וואַסער מיט אַכט גראַם קופּער-זויער-שטאָף. די אויסגעשריי-צייכנס זענען לויטן געזעץ באַשטימט פאַרן אַפּטייקער; ווייל די גרעסטע צאָל קופּער-זויער-בלעטער, וואָס אַ מענטש מעג במשך אַ מעת-לעת איינגעמען אָן שאָדן, איז נישט מער ווי 0,6 גראַם; די אויסגעשריי-צייכנס זענען פאַרן אַפּטייקער אַ סימן,

אז פאַרשרייבנדיק די געוואַלטיקע פּאָרציע סם, האָב איך קיין טעות נישט געהאַט...

איך האָב דורכגעלייענט מיין רעצעפּט און די אויסגעשריי־ציייכנס האָבן פון פּאַפּיר געקוקט אויף מיר העזהדיק, חוצפּהדיק, פּונקט ווי זיי וואָלטן געטענהט: „איינגעבן אַ מענטש מער ווי זעקס צענטל גראַם קופּער־זויער־שטאָף טאָר מען נישט, אויב מען וויל אים נישט פאַרסמען, — דו פאַרשרייבסט אָבער אַ פּאָרציע, וועלכע איז דרייצען מאָל גרעסער ווי די, וועלכע איז דערלויבט!“

איך בין אַרויס פון שפּיטאָל און די אויסגעשריי־צייכנס זענען מיר די גאַנצע צייט געשטאַנען פאַר די אויגן. מיר זענען געקומען אויפן זכרון דר׳ רעכטזאַמערס ווערטער: „אין קיין איינציקן פאַל האָב איך נישט קאָנסטאַטירט קיין פאַרגיפטיקונג דורך קופּער־זויער־שטאָף“...

וואָס וועט זיין, אויב מיר וועט יאָ אויסקומען צו „קאָנסטאַטירן אַ פאַרגיפטיקונג דורך קופּער־זויער־שטאָף“, וועלכן איך האָב פאַרשריבן און אַליין טאַקע צוגעשטעלט אַזעלכע פּילבאַדייטנדע אויסגעשריי־צייכנס?

אויפן צווייטן טאָג איז דעם קראַנקן ערגער געוואָרן, ער האָט אויף מיר גלייכגילטיק געקוקט מיט זיינע פאַרנעפּלטע אויגן, דער שפּיץ נאָז איז באַ אים בלוי געוואָרן, דער דופק איז געוואָרן אומרעגלמעסיק־שטאַרק. פון וואָס נעמט זיך עס, — צי אַ דאַנק דעם קופּער־זויער־שטאָף, צי גאָר צולהכעיס אים?

דער קראַנקער האָט געהאַט אַ שוואַך האַרץ און די דאָזיקע דערשיינונגען האָבן געקענט שטאַמען פון דער קרענק, וועלכע דער קופּער־זויער־שטאָף האָט נאָך נישט באַוויזן בייצוקומען.

„אפשר איז עס פאַרט פונם קופּער־זויער־שטאָף?“ איז מיר דורכגעפלויגן אַ געדאַנק.

איך האָב דעם געדאַנק דערשטיקט: אַ סך האָבן דאָך שוין

אויסגעפרווט דאָס דאָזיקע מיטל און איינגעזען, אַז עס ווירקט גוט. איך האָב דעם קראַנקן ווידער באַשטימט די זעלבע פּאָרציע מיט די אויסגעשריי-צייכנס.

אין צוויי טעג אַרום איז דער אַלטער געשטאָרבן, פריער איז אים דאָס האַרץ זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן און ער איז גע-וואָרן לגמרי טויב... באַם טויער פון שפּיטאָל האָב איך באַגעגנט זיין ווייב: זי איז געגאַנגען פון טויטן-שטיבל דאָס טיכל אַראָפּגע-רוקט איבער די געשוואָלענע אויגן און גערעדט עפּעס שטיל אונ-טער דער נאָז צו זיך אַליין.

מיט אַ פאַרבאָרגן געפיל פון בושה און פחד האָב איך דורכ-געלייענט דאָס צעטל פון דעם געשטאָרבענעם: די קרענק ווערט געפערלעכער פון טאָג צו טאָג, רעצעפּטן מיט אויסגעשריי-צייכנס און צום סוף די לאַקאָנישע צושריפט פונם דיזשור-דאָקטאָר: „צוויי אַ זייגער באַנאַכט איז דער קראַנקער געשטאָרבן"...

אין וואָס פאַר אַ משוגעת האָב איך פאַרשריבן אַ נישט-קאָנט-ראָלירטן, אַ חוצפּהדיקן רעצעפּט? עס קען זיין, אַז דער אַלטער וואָלט סיי ווי געשטאָרבן, צי קען איך דען אָבער זיכער זיין, אַז דעם טויט האָט אים געמאַכט נישט מיין קופּער-זויער-שטאָף, דער געפערלעכער סם, וועלכן איך האָב אין אַזאַ געוואַלטיקער מאָס אַריינגעלאָזט אין זיין בלוט?...

באַלד נאָך דער געשעעניש האָב איך געלייענט אין מעדיצי-נישן זשורנאַל „דער דאָקטאָר" אַן אַרטיקל פון דר' רובעל, וועלכער האָט סיסטעמאַטיש צעגלידערט זיינע אייגענע פּרוּוון, די פּרוּוון פון פּראָפ. פּעטרעסקו, פון זיינע שילער און אַנהענגער און האָט אויפ-געוויזן, אַז „פּעטרעסקוס מיטל איז געפערלעך פאַרן לעבן, און אַז עס וואָלט געמעגט אינגאַנצן פאַרגעסן ווערן".

איך האָב באַשלאָסן צו פאַרשרייבן שטענדיק מיינע קראַנקע

נאָר אַזעלכע רפואות, וועלכע זענען גענוג דורכקאָנטראָלירט און אָנערקענט.

וואָס מער איך האָב מיך באַקענט מיט דער לויפנדער מע־דיצינישער ליטעראַטור, אַלץ פעסטער בין איך געבליבן בײַ מײַן באַשלוס. פאַר מיר האָט זיך אַנטפּלעקט עטוואָס שרעקלעכס: יע־דער נומער פון די מעדיצינישע זשורנאַלן פאַרמאָגט עטלעכע צענד־ליקער נײַע מיטלען; אַזוי יעדער וואָך, יעדער חודש; דאָס איז געווען אַ ווילדער אומענדלעכער, ריזיקער שטראָם: נײַע רפואות, נײַע פּאָרציעס, נײַע רעצעפּטן, נײַע אָפּעראַציעס און באַלד דער נאָך — הונדערטער און טויזנטער... דערהרגעטע מענטשן, צע־קאַליעטשעטע מענטשלעכע לעבנס.

טייל פון די נײַסן האָבן פּונקט ווי די זייפן־בלאָזן תיכּף גע־פּלאַצט, איבערלאָזנדיק נאָך זיך איינעם אָדער צוויי הרוגים. אַזוי האָט צבשפּ. דר׳ ראָזענבוש אין יאָר 1888 רעקאָמענדירט איינצו־שפּריצן קרעאָזאָט אין פּאַל פון אַ לונגען־טובערקולאָז. ער האָט באַ־קומען גלענצנדע רעזולטאַטן, האָט דער „ערפינדער" דערקלערט."

דר׳ סטאַכעוויטש פּרוווט אויס דאָס מיטל אויף צוויי קראַנקע און באַקומט פאָלגנדע רעזולטאַטן: דער ערשטער איז נאָך מער קראַנק געוואָרן, דער הוסט איז שטאַרקער געוואָרן און די רעכטע לונג האָט אָנגעהויבן פוילן; דער צווייטער האָט באַלד נאָך דער איינשפּריצונג אָנגעהויבן שפּייען מיט בלוט און דאָס איינשפּריצן קרעאָזאָט איז אַראָפּ פון דער סצענע...

פּראָפ. מערינג האָט געמאַכט עקספּערימענטן אויף חיות און געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז פענטאַל איז זייער אַ גוט שלאָף־געטראַנק. נאָך דעם האָט דר׳ האַלענדער אויסגעפּרוווט דאָס מיטל אויף זײַנע קראַנקע און באַקומען גלענצנדע רעזולטאַטן, אויפן צו־זאַמענפאָר פון נאַטור־פאָרשער און דאָקטוירים אין גאַלע אין

סעפּטעמבער 1891 האָט ער זיך הערלעך אָפּגערופן וועגן פּענטאַל.

— באַ דער היינטיקער צייט, — האָט האַלענדער דערקלערט: — איז פּענטאַל דאָס בעסטע שלאָף־געטראַנק: עס ברענגט נישט קיין שלעכטע רעזולטאַטן, מען מעג עס באַנוצן, ווייל עס איז לגמרי אומשעדלעך, עס מאַכט נישט קיין שעדלעכע ווירקונג נישט אויפן האַרץ, נישט אויף די לונגען.

מ'האָט שטאַרק אָנגעהויבן באַנוצן פּענטאַל. אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט דר׳ העגלער מודיע געווען, אַז אַ געזונטער מענטש האָט פון איינאָטעמען פּענטאַל באַקומען אַן אַסטמע, ער איז בלויז געוואָרן און צום סוף דערשטיקט געוואָרן. מיט צוויי חדשים שפּעטער איז אין אַלמיניץ געשטאָרבן אַ דאַמע, וועלכע האָט איינגעאָטעמט פּענטאַל באַם אַרויסרייסן אַ צאָן. אין דער זעלבער צייט האָט „דער ענגלישער דענטיסטישער זשורנאַל“ געמעלדעט, אַז אַ דאַמע פון 33 יאָר איז דערשטיקט געוואָרן פון איינאָטעמען 10 טראָפּנס פּענטאַל. דר׳ ברייער האָט שיער נישט אָנגעווירן אַ מיידעלע. באַ וועלכער דער אָטעם און דער דו֗ק זענען פאַרשווונדן געוואָרן נאָכן איינאָטעמען פּענטאַל. באַם דאָקטאָר זיק זענען פון פּענטאַל געשטאָרבן צוויי, — אַ געזונטער מאַנספּערשוין און אַ פרוי מיט אַ קראַנקן פוס...

נישט מער ווי אַנדערהאַלבן יאָר נאָך האָלענדערס דערקלערונג איז אויפן צוזאַמענפאָר פון די דייטשע כירורגן אַרויסגעטרעטן פּראָפעסאָר גורלט מיט אַ ראַפּאָרט וועגן דער שטערבלעכקייט פון פאַרשידענע נאַרקאָטישע מיטלען (שלאָף־געטראַנק). שטיצנדיק זיך אויף אַ גרויסן סטאַטיסטישן מאַטעריאַל, האָט ער אויפגעוויזן, אַז עפיר, זויער־אַזאָט, בראָמאַטשער עטיל און כלאָראָפאָרם גיבן נאָר איין טויט־פאַל אויף צענדליקער טויזנטער פאַלן, און פּענטאַל גיט איין טויט־פאַל אויף 199. גורלט דערקלערט דעריבער, אַז אויפן סמך פון די פאַקטן, וועלכע מיר באַזיצן, דאַרף מען פּשוט וואָרענען

אַז מ׳זאָל פּענטאַל נישט באַנוצן״. און דאָס מיטל איז געשווינד אַראָפּ פון דער אַרענע.

ווער געדענקט ווידער נישט דעם טריומף־מאַרש און דעם שענדלעכן דורכפאַל פון קאָכס טובערקולין? טויזנטער קראַנקע האָט מען איינגעשפּריצט דעם באַרימטן טובערקולין און אין צוויי יאָר אַרום וויַיזט זיך ויס, אַז מער ארווי שאָדן האָט ער נישט געבראַכט.

דאָס איז די געשיכטע פון די פּראָיעקטירטע מיטלען, וועגן וועלכע מען איז פון דער פּראַקטיק געקומען צו זייער איבערצייגונג, אַז זיי טויגן נישט. דער גורל פון פיל אַנדערע מיטלען איז אָבער אַן אַנדערער געווען: זיי זענען אַרויס פונם פּראָבע־פייער פעסטע, אָנגענומענע, מיט פינקטלעך־פעסטגעשטעלטע באַווייזן און דאָך איז זייער וועג געגאַנגען דורך בערג צעקאַלעטשעטע מענטשלעכע לעבנס...

צווישן די איינוווינער פון די באַרגיקע געגנדן איז פאַרשפּרייט אַ זייער אייגנאַרטיקע קרענק — „וואָל״ הייסט זי, — די דריי־קאַנטיקע דריז אויפן האַלדז ווערט אָנגעשוואָלן.

עס זענען פאַרגעלייגט געוואָרן פאַרשידענע מיטלען, ווי אַזוי אויסצוהיילן פון דער קרענק, צווישן אַנדערן איז פּראָיעקטירט געוואָרן לגמרי אויסצושניידן די דריי־קאַנטיקע דריז. די רעזולטאַטן פונם אויסשניידן זענען געווען זייער גוטע: דאָס אָנגעוואָרן די דריז, די אייגנשאַפטן פון וועלכער זענען ביז איצט נישט באַוווּסט, האָט די קראַנקע קיין שום שאָדן נישט געבראַכט, זיי האָבן זיך פולקאָם אויסגעהיילט און זיך געפילט זייער גוט.

פּלוצלינג אָבער האָט אין יאָר 1883 דער בערנער פּראָפעסאָר קאָכער מודיע געווען פאָלגנדעס: ער האָט 34 מענטשן מיט וואָלן לגמרי אויסגעשניטן די דריי־קאַנטיקע דריז און איז געבליבן פון דער אָפּעראַציע פולשטענדיק צופרידן.

נאָר איינמאָל האָט אים אַ באַקאַנטער דאָקטאָר דערציילט, אַז ער היילט אַ מיידל, באַ וועלכער קאָכער האָט מיט ניין יאָר צוריק אויסגעשניטן די דריז, דער דאָקטאָר האָט פאַרגעלייגט קאָכערן איצט צו באַטראַכטן די קראַנקע. און אָט וואָס קאָכער האָט דערזען.

„די קראַנקע האָט געהאַט אַ יינגערע שוועסטער, וועלכע איז מיט ניין יאָר צוריק אַזוי ענלעך געווען צו דער קראַנקער, אַז עס איז זיי אוממעגלעך געווען אונטערצושיידן איינע פון דער אַנדערער. במשך די ניין יאָר איז די יינגערע געוואָרן אַ בליענדיק, שיין מיידל, די עלטערע איז אָבער געוואָרן קליין, איינגעשרומפן און האָט אויסגעזען ווי אַ אידיאָטקע".

קאָכער האָט דאַן באַשלאָסן צו אינפאָרמירן זיך וועגן די איבעריקע, וועלכע ער האָט אָפּערירט. אַלע 18 מענטשן, באַ וועלכע די דריז איז נאָר טיילוויז אויסגעשניטן געוואָרן, זענען געווען פולקאָם געזונט. צווישן די 16 מענטשן, באַ וועלכע זי איז אויסגעשניטן געוואָרן אינגאַנצן, זענען נאָר געווען צוויי געזונטע: די איבעריקע 4 זענען דעגענערירט געוואָרן.

קאָכער כאַראַקטעריזירט זיי אויף פאָלגנדן אופן: „פאַרהאַלטענע וווקס, אַ גראָבע נאָז, גראָבע ליפּן, אַן אומגעלומפּערטער קערפּער, אַ שטאַרקע מוסקולאַטור און אַ שוואַכע גייסטיקע אַנטוויקלונג, — דאָס אַלץ זענען בולטע סימנים פון אידיאָטיזם".

דער וואָל האָט פריער די קראַנקע זייער ווייניק געשטערט און די אָפּעראַציע איז נאָר געמאַכט געוואָרן כמעט צוליב קאָסמעטישע צילן, פאַר שיינקייט וועגן, — און דער רעזולטאַט דערפון איז — אידיאָטיזם...

איצט וועט שוין קיין שום כירורג נישט אויסשניידן די גאַנצע דרייקאַנטיקע דריז, סיידן אין אַזעלכע פאַלן, ווען די קרענק באַדראָט דאָס לעבן.

אין יאָר 1884 האָט קעלער איינגעפירט קאָקאַין בּאַ אָפּע־ראַציעס און קאָקאַין איז היינט דאָס בעסטע מיטל, — בּאַ דער גרעסטער צאָל אָפּעראַציעס ווערט ער באַנוצט. „מ'לאָזט אים אַריין אינם אבר, וועלכעס דאַרף אָפּערירט ווערן און דער קראַנקער פילט לגמרי קיין ווייטיק נישט בשעת דער אָפּעראַציע.

מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט פּראָפעסאָר קאָלאָמנין געדאַרפט מאַכן אַ פּרוּוו אַן אָפּעראַציע און אַריינגעלאָזט איר אין דער גליי־כער קישקע קאָקאַין, די קראַנקע איז בּלוי געוואָרן, באַקומען קאָנ־ווולסיע און געשטאָרבן אין אַ האַלבע שעה אַרום. פּראָפּ. קאָלאָמ־נין איז אַ היים געגאַנגען, זיך פאַרשלאָסן אין זיין קאַבּינעט און זיך דערשאָסן.

אין די בּאַריכטן וועגן קאָקאַין זעט מען, אַז אין די ערשטע יאָרן האָט מען אים באַנוצט אין אומגעהויער גרויסע פּאָרציעס, פּראָפּ. קאָלאָמנין אַ שטייגער האָט זיין קראַנקער אַריינגעשפּריצט אַנדערהאַלבן גראַם קאָקאַין! אַזעלכע פּאָרציעס זענען אין יענער צייט נישט געווען קיין זעלטנהייט; הויזעמאַן האָט געמיינט, אַז „די פּאָרציע קאָקאַין, מיט וועלכער מען קען אָפּסמען אַ מענטש דאַרף זיין זייער גרויס".

קאָלאָמנינס טרויעריקער בּיישפּיל האָט אונדז באַוויזן, אַז מען טאָר אין אַ מענטשלעכן אָרגאַניזם נישט אַריינלאָזן מער ווי זעקס הונדערטער חלקים פון איין גראַם קאָקאַין, ד. ה. 25 מאָל ווייניקער ווי קאָלאָמנין האָט איינגעשפּריצט זיין פּאַ־ציענטקע.

דער פּועל יוצא פון דעם אַלעם איז פאַר מיר קלאָר געווען; איך וועל שטענדיק באַנוצן נאָר אַזעלכע מיטלען, וועלכע זענען גוט אויסגעפּרוּווט און וועלכע זראָען נישט מיט קיין שום גע־פאַר.

מיט דריי יאָר צוריק האָב איך געהיילט אַ לערערין, וועלכע

איז געווען שווינדזיכטיק. פונקט דאמאלס האבן זיך באוויזן ידיעות, אז ראבערט קאך, וועלכער האט געהאלטן אין איין באארבעטן זיין טובערקולין, האט אים פארפולקאמט און באנוצט אים ווידער.

מיין פאציענטקע האט מיך געפרעגט אן עצה, אפשר זאל זי זיך לאזן איינשפריצן דעם „אויסגעלייטערטן" טובערקולין.

— ווארט צו א ביסל, — האב איך איר געעצהט. — זאל זיך פריער ארויסווייזן, צי דער איצטיקער טובערקולין איז ווירקלעך בעסער פונם אלטן.

איך האב אין דעם פאל געהאנדלט זייער ערלעך, נאר מיר איז פלוצלינג בעקומען אויפן געדאנק א פראגע: אויף וועמען זאל זיך דאס ארויסווייזן? ווו אזוי זאל קלאר ווערן, צי דער ־יער טו־בערקולין טויג צו עפעס? ערגעץ ד א ר ט, ווייט פון מיר, וועט דאס מיטל אויסגעפרווט ווערן אויף אנדערע קראנקע, און אויב דאס מיטל וועט זיין גוט... וועל איך עס רויק קענען איינשפריצן מיינע פאציענטן, פונקט ווי איך באנוץ איצט אזא זעלטן מיטל ווי קאקאין. וואס וואלט אבער געווען, ווען אלע דאקטוירים זאלן טראכטן און טון פונקט אזוי ווי איך?

מיר קענען נאך גאנץ ווייניק דעם מענטשלעכן ארגאניזם און די געזעצן, וועלכע רעגירן מיט אים. אויספרווונדיק א ניי מיטל, קען דער דאקטאר מיט א גרעסערער אדער קלענערער ווארשיינלעכקייט נאר פארויסזען, ווי אזוי דאס מיטל וועט ווירקן; עס קען מעגלעך זיין, אז עס וועט ברענגען נוצן, נאר אויב עס וועט ברענגען שאדן, אויב עס וועט אפילו ברענגען צו אן אומגליק. וועט אויך קיין וואונדער נישט זיין; דער שפיל איז א בלינדער און מען מוז צו אלעם זיין צוגעגרייט, אלץ איז מעגלעך און קיין שום זאך איז נישט אויסגעלאשן.

אמת, אז יעדער ניי מיטל, ווערט פריער אויסגעפרווט אויף חיות און דאס פארקלענערט אויף א געוויסער מאס די מעגלעכקייט

פון אומגעריכטע דערשיינונגען; נאָר די אָרגאַניזמען פונם מענטש און פון דער חיה זענען פאַרשידן און וויסן אויף זיכער קען מען דאָ גאָרנישט. און אָט גייט מען צו צו אַ מענטש מיט אַ געוויסער פאַרשיינלעכקייט, אַז דאָס אָנגעווענדטע מיטל וועט העלפן, אָדער לכל הפּחות קיין שאָדן נישט ברענגען, דערביי איז שטענדיק פאַרהאַן אַ גרעסערע אָדער אַ קלענערע ריזיקע: די אויסרעכענונגען קענען פאַרפירן, און בכלל ווערט נישט בולט אין איין מינוט די ווירקונג פון אַ מיטל; עס מאַכט זיך אָפטמאָל, אַז אַ מיטל מאַכט אַ לאַנגע צייט אַ גוטן איינדרוק און שפּעטער ווייזט זיך אַרויס, אַז דער איינדרוק איז מער נישט געווען נאָר אַן איינרעדעניש.

געבלאָנדזשעט און צוריק אַרויף אויפן וועג, געגרייזט און זיך אָפּגעזאָגט פון די גרייזן, ריזיקירט מיט מענטשלעכע לעבנס, — דאָס איז דער דערגער-וועג, דורך וועלכן די מעדיצין האָט געקלעטערט צו די דערפאָלגן, מיט וועלכע זי מעג איצט דרייסט שטאָלצירן. ווען מ'וואָלט נישט ריזיקירט, וואָלט קיין פּראָגרעס נישט געווען; דערויף זאָגט עדות די גאַנצע געשיכטע פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט.

אין דער ערשטער העלפט פונם 19-טן יאָרהונדערט האָט מען אַ קיסטאָמע (געשווילעכץ פון אייער-שטאָק בײַ פרויען) געהיילט מיט פאַרשידענע אינערלעכע רפואות. שפּעטער האָט מען געפּרוּווט מאַכן אַן אָפּעראַציע. די אָפּעראַציע (אָוואַריאָטאָמיע) האָט געבראַכט די טרויעריקסטע רעזולטאַטן.

ווען איך וואָלט געשריבן מײַנע נאָטיצן מיט 50 יאָר צוריק, וואָלט בײַ מיר די אָוואַריאָטאָמיע געדינט פאַר אַ בײַשפּיל פון די פאַרברעכערישע עקספּערימענטן, וועלכע ווערן געמאַכט איבער מענטשן.

אין יענער צייט האָט געלעבט אין ענגלאַנד אַ יונגער כירורג

ספענסער אועלס. ער איז אָפּטמאַל געווען אַסיסטענט באַ אָוואַר־יאָטאָמיעס און איז געקומען צום באַשלוס, אַז די אָפּעראַציע מוז אומבאַדינגט פאַרבאָטן ווערן. אין אַ קליינער צייט אַרום איז ער געווען אויף דער טערקיש־רוסישער מלחמה און אָנטייל גענומען אין איר אַלס כירורג אין אַ פעלד־שפּיטאָל.

דאָרט איז אים אויסגעקומען צו זען פיל בויך־ווונדן און ער האָט זיי אויפמערקזאַם שטודירט. קומענדיק צוריק קיין לאָנדאָן אין יאָר 1886, האָט שוין ספּענסער אועלס אַ קלענערע מורא פאַר אַזעלכע ווונדן. אים האָט זיך איצט אויסגעוויזן, אַז באַ אַ גוטער און געשיקטער אָפּעראַציע קען אָוואַריאָטאָמיע ברענגען גוטע רע־זולטאַטן.

אַלע איבעריקע דאָקטוירים האָבן אין יענער צייט געקוקט אויף דער אָפּעראַציע מיט שרעק, זיי האָבן זי גערופן „מערדע־רישע". די פּראָקוראַטור האָט אַפילו פּראָיעקטירט צוצוציען צו גע־ריכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט די כירורגן, וועלכע מאַכן בויך־אָפּעראַציעס. נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, האָט ספּענסער אועלס באַשלאָסן צו ריזיקירן באַ דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט אויף אַזאַ אָפּעראַציע.

אַזאַ געלעגנהייט איז אים באַלד אונטערגעקומען. אועלס האָט געמאַכט די אָפּעראַציע... די פרוי איז געשטאָרבן.

אועלס דערציילט: „ס'איז זיך שווער פאָרצושטעלן אַן ער־גערע לאַגע ווי די, אין וועלכער איך האָב מיך געפונען. מיין ערשטער פרווו איז מיאוס דורכגעפאַלן; נישט נאָר באַ אַנדערע, נאָר אויך באַ מיר זעלבסט איז אַנטשטאַנען אַ געדאַנק, אַז איך גיי אויפן וועג צו אַ זייער טרויעריקער באַרימטקייט. יעדער איינער איז אויף מיר געווען אויפגעבראַכט; די מעדיצינישע פרעסע האָט פאַר־ליימערט די צוואַריאָטאָמיע, און די מעדיצינישע קרייזן זענען אַרויסגעטרעטן קעגן דער אָפּעראַציע די גרעסטע אויטאָריטעט."

פונדעסטוועגן האָט ספּענסער אועלס ווייטער אָפּערירט און אַלעמאָל געלונגענער.

די באַציִונג צו דער אָפּעראַציע האָט זיך ביסלעסווייז געענ־דערט. „אין יאָר 1864 איז די אָווארי־אַטאָמיע אָנערקענט געוואָרן פאַר אַ געזעצלעכער אָפּעראַציע, מיט אַ יאָר שפּעטער איז זי שוין דערקלערט געוואָרן אַלס טריִומף פון דער הייגטיקער כי־רורגיע..."

אַזוי האָט אין די אַכציקער יאָרן פונם פאַריקן יאָרהונדערט דערציילט דער וועלט־באַרימטער ספּענסער אועלס, איינער פון די ווילטעטער פון דער מענטשהייט, וועלכער האָט מיט זיין אָפּעראַציע דערהאַלטן באַם לעבן צענדליקער טויזנטער פרויען.

ווער וועט אים מאַכן פאָרוואורפן פאַר זיין דרייסטקייט. ווער וועט דאָס וואַגן צו טון? דעם זיגער משפט מען נישט!

מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען בערינג האָט אָנגעהויבן באַ־נוצן זיין מיטל קעגן דיפטעריט, האָט פּראָפעסאָר פוריעזש אָנגע־וויזן אויף דער נישט־ווּיסנשאַפטלעכקייט פון בערינגס עקספּערי־מענטן און באַמערקט צווישן אַנדערן, אַז באַם ערפינדער מוז דאָס האַרץ גוט קלאַפּן, איידער ער שטעלט זיך אונטער איינצושפּריצן אַ קינד זיין עקסטראַקט קעגן דיפטעריט, נישט וויסנדיק פאָרויס, וואָס עס וועט דערפון אַרויסקומען.

זיין מיטל איז אָבער נוצלעך, אָדער עס ווייזט אויס דער־וויַיל נוצלעך צו זיין און עס בלייבט אונדז נישט מער, נאָר צו דאַנקען בערינגן און קיינער וועט נישט פרעגן, צי בערינג וואָלט צום ערשט איינגעשפּריצט זיין מיטל קעגן דיפטעריט זיינס אַן אייגן קינד...

ווען באַ פיראָגאָוון האָט זיך אויף דער עלטער געמאַכט אַ ראַק אויפן פנים, האָט דר׳ וויוואָדצעוו, וועלכער האָט פיראָגאָוון געהיילט, געבעטן בילראָטן, אַז ער זאָל פיראָגאָוון מאַכן אַן אָפּע־

ראַציע. בילראָט האָט זיך אָפּגעזאָגט און געענטפערט: „איך בין שוין נישט מער דער זעלבער דרייסטער אָפּעראַטאָר, וועלכער שרעקט זיך פאַר גאָרנישט. — איידער איך גיי איצט צו צו אַן אָפּעראַציע, שטעל איך מיר פריִער די פראַגע: צי וועל איך דערלויבן אויף זיך דורכצומאַכן די זעלבע אָפּעראַציע, וועלכע איך וויל מאַכן אויפן קראַנקן?...״

דאָס הייסט, אַז פריִער האָט בילראָט געמאַכט אַזעלכע אָפּעראַציעס, וועלכע ער וואָלט נישט דערלויבט צו מאַכן אויף זיך?

געוויס! אַנדערש וואָלטן מיר נישט געהאַט די גרויסע צאָל גלענצנדע אָפּעראַציעס, וועלכע מיר האָבן צו פאַרדאַנקען בילראָטן.

איבערטראַכטנדיק דאָס אַלץ, האָב איך איינגעזען, אַז ס'איז זייער שווער צו געפינען אַן אויסגאַנג פון דער לאַגע. עס איז זיך לייכט אָפּצוזאָגן: „באַנוצן נאָר דאָס, וואָס איז אויסגעפּרוווט און זיכער...״

ווען איך מאַך דאָס פאַר אַ געזעץ פאַר מיר אַליין, איז עס נאָך גוט און אָננעמבאַר, נאָר קוים שטעל איך מיר פאָר, אַז מיין געזעץ וועלן אַלע דאָקטוירים אָננעמען, זע איך, אַז עס איז אַן אַבסורד און פירט צום אונטערגאַנג פון דער מעדיצין.

דער באַרימטער פראַנצויזישער כירורג פעאַן האָט געשריבן: „איר זאָגט, אַז אויף מענטשן מעג מען באַנוצן אַזעלכע מיטלען, וועלכע זענען שוין אויסגעפּרוווט געוואָרן אויף מענטשן?

דאָס איז דאָך אַ פּילפּול, וואָס ווידערשפּרעכט זיך אַליין! ווען די מעדיצין זאָל דאָס חלילה וועלן פאָלגן, וואָלט זי פאַראורטיילט געוואָרן אויף עמפּיריזם און איינגעפּאַסט געוואָרן אין די ענגע ראַמען פון דער טראַדיציע, די פּרוון אויף חיות וואָלטן

אויסגעקומען אַ נאַרישע פונקציע; די וועטערינאַרישע מעדיצין וואָלט דערפון געהאַט גרויסע נוצן, אָבער די מעדיצין. פאַר מענטשן וואָלט זיך דערמיט נישט געוואָלט און נישט געקענט רעכענען.

און וואָס וואָלט געוואָרן פון דער מעדיצין?

קיין נייע. נאָך נישט אויסגעפּרוּווטע מיטלען טאָר מען נישט באַנוצן; אָפּזאָגן זיך פון די שוין־אָנערקענטע מיטלען טאָר מען אויך נישט, ווייל אויף אָפּזאָגן זיך פונם אַלטן דאַרף מען האָבן פונקט אַזאַ דרייסטקייט, ווי אויף איינצופירן נייס. פון דעם אַלעם וואָלט דער רעזולטאַט געווען אַזעלכער: די מעדיצין וואָלט געמוזט פאַרגליווערט ווערן ביז דער צייט, ווען דער מענטשלעכער אָרגאַניזם וועט גרינטלעך דערקענט ווערן דורך דער וויסנשאַפט און ווען די ווירקונג פון יעדער מעדיצינישן מיטל וועט קענען פאָרויס־געזען ווערן מיט אַלע איינצלהייטן. דערווייל אָבער רופט מען צו דער מעדיצין פון אַלע זייטן: „העלף! פאַרוואָס העלפסטו אַזוי ווייניק?"

איך האָב דערום מיין לאַגע נישט געקענט פאַרשטיין. איך וויל נאָר איינס, — נישט שאַדן דעם קראַנקען, וועלכער ווענדט זיך צו מיר נאָך הילף; דאַכט זיך, אַזאַ עלעמענטאַרע פאָדערונג, צו זיך אַליין! אַזאַ פאָדערונג, וועלכע איז אייגנטלעך גאָר קיין פאָדערונג נישט, נאָר אַ פליכט, וועלכע איך מוז דערפילן!

קוים דערפיל איך אָבער די פליכט, ווער איר פאַראורטיילט אויף עם הארצות און אומגעלומפּערטקייט. ווייל איך זיך פאַרפולקאָמען, וויל איך ווערן אַ גוטער, געניטער דאָקטאָר, וויל איך גיין פאָרויס, מוז די דאָזיקע פליכט פאַרגעסן ווערן; איך טרעף זיך אָבער אָן יעדעס מאָל אויף אַ מענטשלעך לעבן, און איך וויל מיין גלייכגעוויכט נישט פאַרלירן, איך וויל בלייבן באַ אַ ריין געוויסן, — טרעט איך אָפּ...

איך האָב זיך טאַקע געראַטעוועט, נאָר די פראַגע איז גע־בליבן אָן אַ פאַרענטפערונג, נישט דערליידיקט...

ווו־זשע איז פאָרט דער אויסוועג? ווו איז די גרענעץ צווישן דעם, וואָס מען מעג און דעם, וואָס מען טאָר נישט?! איך ווייס נישט...

די פראַגן זענען אָבער זייער וויכטיקע, זיי מוזן אומבאַדינגט געלעזט ווערן, בפרט איצט, ווען די באַקטעריאָלאָגיע איז ער־פינדן געוואָרן, עס האָט זיך פאַרענדיקט די עפּאָכע פון גרויסע אַנטדעקונגען און עס איז געקומען אַ צייטווייליקער שטילשטאַנד אין דער מעדיצין, און ווי געוויינטלעך אין אַזאַ צייט, הייבן אויף דעם קאָפּ פאַרשידענע „ערפינדער" און די פּראַקטיק ווערט פאַר־פלייצט מיט אַ גאַנצן ים פון נייע מיטלען: אַנעזין, קאָסאַפּרין, האַלאָקאַין, קריאָפין, מידראָל, פעזין און טויזנטער אַנדערע; קראַנ־קע מענטשן שפּריצט מען איין פאַרשידענע באַקטערישע טאָקסינען און אַנטיטאָקסינען, עס ווערן ערפינדן אַלערליי בלוטיקע און אומ־בלוטיקע אָפּעראַציעס.

עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז פון דער פאַרפלייצונג וועלן אונדז איבערבלייבן אַ סך זעלטענע מיטלען: עס גרוילט אָבער, ווען מען דערמאַנט זיך, וואָס פאַר אַ פּרייז עס איז באַצאָלט דערפאַר! עס נעמט אָן אַ ביטערער רחמנות אויף די קראַנקע, וועלכע פליען צו די נייע רפואות, ווי די זומער־פייגעלעך צום פייער.

איינמאָל בין איך געווען צו גאַסט באַ מיינס אַ פּעטערבור־גער מומען, אַ גענעראַלשע. זי האָט מיר אָנגעהויבן דערציילן וועגן אירע פאַרשידענע קרענק, — האַצקלאַפּונגען, ווייטיקן אין דער ברוסט, אין בויך, נערוועזע אַטאַקן, שלאָפלאָזיקייט.

— הערסטו, — דערציילט מיר מיין מומע, — האָט מיר מיין דאָקטאָר פאַרשריבן אַ ניי מיטל קעגן שלאָפלאָזיקייט — אַן אַנטיק... דאָס נייסטע מיטל! דו ווייסט נאָך געוויס נישט

דערפון... ווי הייסט עס דאָרט? כלאָ-רא-לאָז... נישט כלאָראַל-הידראַט, — דאָס ווירקט שעדלעך אויפן האַרץ, — כלאָראַלאָז איז אָבער לגמרי אומשעדלעך.

זי האָט אַרייַנגעבראַנגט אַ זייער שיין פּושקעלע מיט די פּילן, וועלכע דער מאָדישער דאָקטאָר האָט איר פאַרשריבן, און גע-וויזן מיר דעם רעצעפּט...

איך האָב איר גאָרנישט געזאָגט דערויף, נאָר אין האַרץ האָב איך אַ טראַכט געטון: „אָרימע מומענקע מיינע!"

VIII

ביז איצט האָבן מיר באַהאַנדלט זייער שווערע פראַגן, אַזעל־כע פראַגן, וועלכע זענען זייער קאָמפּליצירט, אויף וועלכע עס איז דערוויייל אוממעגלעך צו געבן אַ גענויעם ענטפער. איצט גייען מיר איבער צו אַזאַ פראַגע, אויף וועלכער עס איז דאָ איין מעג־לעכער ענטפער. דאָס איז די פראַגע וועגן עקספּערימענטן אויף לעבעדיקע מענטשן. אויף דעם געביט וויל מען זיך באַוווּסטזיניק נישט רעכענען מיט קיין מענטש, עס שפּילט דאָ קיין ראָל נישט אַ מענטשלעך לעבן —.

אין נאָמען פון צוקונפט גיסט בלוט זיך אָ דאָ,
צום טייוול די ליבע, קיין הייגט איז נישטאָ...

מיט אַ שווער געמיט טרעט איך צו צו דעם קאַפּיטל. נאָר איך האָב צוגעזאָגט צו דערציילן אַ ל ץ און איך וועל זיך נישט אָפּשטעלן פאַר ג אָ ר נ י ש ט.

אין מעדיצינישן זשורנאַל „דער דאָקטאָר" פון יאָר 1893 (זייט 906) לייענען מיר פאָלגנדעס; „אַ געוויסער דר' קאָך האָט אָפּגעדרוקט אַ בראָשור מיטן נאָמען „מעדיצינישע עקספּערימענטן

איבער לעבעדיקע מענטשן". די בראָשור וועט אָן ספק נאָך מער אונטערגראָבן דעם צוטרוי פון דער געזעלשאַפט צו דער מעדיצין.

דער אויטאָר פון דער בראָשור שטעלט כלומרשט פעסט, אַז "די וויוויסעקציעס (עקספּערימענטן דורך צעשניידן לעבעדיקע מענטשן) זענען שוין לאַנג אַריינגעדרונגען אין אונדזערע שפּיטאָלן", דאָס זאָל הייסן, אַז אין די שפּיטאָלן מאַכט מען די זעלבע עקספּערימענטן איבער מענטשן, וועלכע מ'האָט אַמאָל געמאַכט נאָר איבער חיות...

פאַרשידענע רעפּאָרטערן און פעליעטאָניסטן פון דער אַלגעמיינער פּרעסע האָבן די בראָשור אויפגעכאַפּט ווי אַן אבן טוב און וואַרפן שמוץ אויף דער מעדיצין און אירע פאָרשטייער, ס'וואָלט דעריבער געווינטשן געווען, אַז די דייטשע דאָקטוירים זאָלן באַלייכטן דר' קאָכס „פּאַקטן", ווייל נאָר אַזוי אַרום קען אָפּגעשוואַכט ווע ן דער איינדרוק, וועלכן די בראָשור האָט געמאַכט אויפן פּובליקום".

איך האָב די בראָשור נישט געלייענט, איך ווייס דעריבער נישט אויף וויפיל דר' קאָכס „פּאַקטן" פאַרדינען די איראָנישע גענזן-פיסלעך, אין וועלכע ס'האָט זיי איינגעפּאַסט די רעדאַקציע פונם זשורנאַל „דער דאָקטאָר", איך ווייס נאָר איין זאַך, אַז אין דר' קאָכס באַהויפּטונג איז דאָ אַ סך אמת. מ'קען ברענגען אַ גרויסע, אומגעהייער גרויסע צאָל פּאַקטן, וועלכע וועלן בשום אופן נישט קענען איינגעפּאַסט ווערן אי קיין גענזן-פיסלעך, פשוט דערפאַר, ווייל די פּאַקטן זענען דאָ ...זאַליש באַשטעטיקט דורך די עולדיקע גופא.

דאָס איצטיקע קאַפּיטל פון ...ן איז געווידמעט טאַקע די פאַרברעכערישע עקספּערימענטן איבער לעבעדיקע טשן.

איך וועל דאָ ברענגען אַ גאַנצע ריי פאַקטן, דערביי וועל איך אָנגעבן די ערשטע קוועלע, פונוואַנען איך שעפּ זיי, כּדי דער לעזער זאָל האָבן די מעגלעכקייט צו קאָנטראָלירן, צי שטימען זיי מיט דערווירקלעכקייט.

איך וועל זיך דאָ באַגרענעצן מיטן געביט פון ווענערישע (געשלעכטלעכע) קרענק, ווייל אין דעם געביט זענען אַזעלכע עקספּערימענטן פאַרהאַן מער, ווי אין די איבעריקע מעדיצינישע געביטן; דאָס איז דערפאַר, ווייל די נאַטור האָט נאָר דעם מענטש באַשאָנקען מיט ווענערישע קראַנקהייטן און קיין שום אַנדערע באַשעפעניש האָט צו דער מתּנה נישט זוכה געווען, דעריבער מוזן די עקספּערימענטן באַ ווענערישע קרענק געמאַכט ווערן נאָר איבער מענטשן. די ווענעראָלאָגן (געלערטע וועלכע שטודירן ווענערישע קרענק) האָבן זיך פאַר דעם נישט אָפּגעשראָקן און יעדער פאָרטשריט פון זייער וויסנשאַפט איז בוכשטעבלעך באַפלעקט מיט אַ קרימינעליש פאַרברעכן.

ווי ס'איז באַוווּסט, זענען פאַרהאַן דרייערליי ווענערישע קרענק: גאָנאָריי (טריפּער), שאַנקער און סיפיליס. איך הייב אָן פון דער ערשטער.

ווי ס'איז באַוווּסט שטאַמען אַלע דריי ווענערישע קרענק פון קליינע באַשעפענישלעך, וועלכע מ'קען זען נאָר דורך אַ פאַרגרעסער-גלאָז (מיקראָסקאָפּ), די באַשעפענישן הייסן דעריבער מיקראָאָרגאַניזמען (קליינע באַשעפענישלעך). אַזעלכע מיקראָסקאָפּישע חיהלעך טראָגן פאַרשידענע נעמען: באַקטעריעס, באַצילן, מיקראָבן, און די וויסנשאַפט, וועלכע פאַרנעמט זיך מיט זיי, הייסט באַקטעריאָלאָגיע.

אין יאָר 1879 האָט נייסער אַנטדעקט דעם מיקראָב, פון וועלכן עס מאַכט זיך אַ טריפּער, ער האָט זייער פיל געאַרבעט, געמאַכט זייער פיל עקספּערימענטן און געקומען צו דער איבער-

ציִיגונג, אַז דער מיקראָב, וועלכן ער האָט אַנטדעקט און וועלכן ער האָט אַ נאָמען געגעבן „גאַנאָקאָק", איז דער זעלבער מיקראָאָרגאַניזם, פון וועלכן עס מאַכט זיך אַ טריפּער.

נייסער האָט געקענט זיין זיכער וועגן דעם גאַנאָקאָק זייענדיק, אָבער פולקאָם זיכער, אַז דאָס איז ער טאַקע דער טריפּער־מיקראָב, האָט ער נישט געקענט זיין, ווייל די באַקטעריאָלאָגיע לערנט, אַז כּל זמן מען מאַכט נישט קיין עקספּערימענט מיטן מיקראָב איבער אַ לעבעדיק באַשעפעניש, קען מען נישט זיין זיכער, ד. ה., אַז נייסער האָט געדאַרפט מאַכן מיט זיין גאַנאָקאָק אַן עקספּערימענט איבער אַ לעבעדיק באַשעפעניש און וואָלט דאָס באַשעפעניש באַקומען א טריפּער, איז אַ סימן מובהק, אַז זיין גאָנאָקאָק איז עס טאַקע דער מיקראָב, פון וועלכן עס מאַכט זיך אַ טריפּער.

וועמען פלאַנצט מען־זשע איין דעם מיקראָב? אויף וועמען האָט ער געזאָלט מאַכן דעם עקספּערימענט? פאַרשטייט זיך, אַז אויף מענטשן, ווייל אויף קיין שום אַנדערע בריאה וועט זיך דער גאָנאָקאָק נישט אָננעמען, קיין שום אַנדערע חיה קען נישט אָנגעשטעקט ווערן מיט קיין טריפּער. נייסער האָט זיך פאַר דעם געדאַנק דערשראָקן און האָט די פראַגע נישט געלעזט, ער האָט נישט געוואָלט קראַנק מאַכן אַ מענטש אויף טריפּער.

זיינע נאָכפאָלגער זענען נישט געווען אַזוי ערלעך ווי ער. דער ערשטער. וועלכער האָט איינגעפלאַנצט דעם גאָנאָקאָק אַ מענטש, איז געווען מ אַ ק ס  ב אָ ק ה אַ ר ט, פּראָפעסאָר רינעקערס אַסיסטענט.

„ה' געהיימראַט פאָן רינעקער, — שרייבט מאַקס באָקהאַרט, — האָט שטענדיק געטענהט, אַז אַנטדעקן די סיבה פון ווענערישע קרענק קען מען נישט אַנדערש, נאָר דורך איינפלאַנצונגען אויף מענטשן". דעריבער האָט באָקהאַרט איינגעפלאַנצט אַ גאָנאָקאָק אַ

פאַראַליטיקער, וועלכער איז געווען אין דער לעצטער מדרגה פון דער קרענק און ס'איז קלאָר געווען, אַז ער וועט אין קורצן שטאַרבן. די פּראָבע איז געלונגען, נאָר ס'איז געווען ווייניק מאַטעריע. כּדי צו פאַרגרעסערן דאָס פליסן פון דער מאַטעריע, האָט מען דעם קראַנקן געגעבן אַ האַלבן ליטער ביר."

און באָקהאַרט שרייבט: „ס'איז באַקומען געוואָרן אַ גלענצנ־דער רעזולטאַט, ס'האָט זיך באַוויזן זייער אַ סך מאַטעריע . . אין צען טעג אַרום איז דער קראַנקער געשטאָרבן פון פּאַראַליזש. ווען מ'האָט אים געסעקצירט [?], האָט מען בײַ אים געפונען אין די גירן אָן אַ שיעור בלאָטערן מיט גאָנאָקאָקן, דער אורין־קאַנאַל און דער פּעכער זענען בראַנדיק געוואָרן".

באָקהאַרט האָט געהאָדעוועט גאָנאָקאָקן, נאָר זיין מיטל, ווי אַזוי זיי צו האָדעווען, איז געווען נישט פולשטענדיק און האָט קיין גרויסן וויסנשאַפטלעכן ווערט נישט געהאַט.

ד ר׳ ע ר נ ס ט ב ו ם איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט באַקומען די ריינע קולטור פון נייסערס גאָנאָקאָק. כּדי צו באַווייזן די ספּעציפישקייט פון דעם גאָנאָקאָק, וועלכן ער האָט באַקומען, האָט בום איינגעפלאַנצט מיט אַן אויערל פון אַ פּלאַטינע־נער דראָט זיין גאָנאָקאָק אין דעם געשלעכטס־אָרגאַן פון אַ פרוי. זי האָט באַקומען אַ טריפּער, וועלכן מען האָט געמוזט היילן זעקס וואָכן. ער האָט ווייטער געפּאָרשט די אייגנשאַפטן פון זיין גאָנאָקאָק און ווייטער געמאַכט אַן איינפלאַנצונג אויפן געשלעכטס־אָרגאַן פון אַ צווייטער פרוי, די צווייטע האָט אויך באַקומען אַ טרי־פּער.

איך מוז דערביי איין זאַך באַמערקן. נאָך מיט 25 יאָר צוריק האָט נעגהאַרט אויפגעוויזן, אַז צום מייסטן פאַר פרויען האָט דער „אומשולדיקער" טריפּער זייער שווערע פאָלגן. נאָר עס האַרציגע רעדן יעגן טריפּער מיט אַ שמייכעלע, אין דער וויסנשאַפטלעכער

געלט זענען וועגן דעם קיין צוויי מיינונגען נישט פאַרהאַן. דער גרויסער אויטאָריטעט אויף דעם געביט נייסער זאָגט אָט וואָס: „איך דערקלער, אַז גאָנאָריי איז אין טייל הינזיכטן געפערלעכער ווי סיפיליס", איך בין זיכער, אַז אַלע גינע־קאָלאָגן (דאָקטוירים פון פרויען־קראַנקהייטן) וועלן מיט מיר אין דעם מסכים זיין."

בום אַליין שרייבט אויך, אַז „טריפער איז די הויפּט־סיבה פון אַלע וויכטיקסטע פרויען־קראַנקהייטן."

די דאָזיקע דערקלערונג האָט אים פונסדעסטוועגן נישט געשטערט איינצופלאַנצן די דאָזיקע קרענק צוויי פרויען.

דער גאָנאָקאָק איז ווייטער קולטיווירט געוואָרן דורך ערנסט ווערטהיים. ער האָט ווייטער געמאַכט עקספּערימענטן אויף פיר פאַראַליזירטע און אויף איין אידיאָט. דער לעצטער איז קראַנק געווען צוויי חדשים צייט און ערשט נאָכדעם האָט אים ערנסט ווערטהיים אָנגעהויבן היילן. מער קיין פּראָבעס האָט דר' ווערטהיים נישט געמאַכט „ווייל עס האָט אים פאַרפעלט קראַנקן־מאַטעריאַל".

נאָך ווערטהיימען האָט פאַרפולקאָמט דעם גאָנאָקאָק פּראָפ. געבהאַרד, ער האָט געמאַכט פיל עקספּערימענטן אויף מענער און פרויען, נאָר קיין פּרטים איז ער נישט מודיע.

נאָך אים האָט קאַרל מענגע איינגעפלאַנצט דעם גאָנאָקאָק צוויי פרויען: איינער מיט אַ ראַק אינם געשלעכטס־אָרגאַן, דער אַנדערער מיט אַ געהירן־אָנצינדונג, וועלכע איז געווען צוויי טעג פאַרן טויט.

אַ גרויסע צאָל עקספּערימענטן האָבן געמאַכט פינגער, האַן און שלאַנגענהויפער. פערצען פערזאָן, וועלכע זענע געווען שווינדזיכטיק, האָט מען איינגעפלאַנצט דעם גאָנאָקאָק; אַלע פערצען־זענען געווען שטערבלעך קראַנק.

„צום מיינסטן אינטערעסאַנט איז געווען דער עקספּערימענט איבערן 21-יעריקן פּ. ד., וועלכער איז געשטאָרבן אין דריי טעג אַרום נאָך דער איינפּלאַנצונג", — דערציילן די דריי ווענעראָלאָגן: — „דער טריפּער האָט זיך באַ דעם קראַנקן זייער שנעל אַנטוויקלט און אויפן דריטן טאָג איז ער שוין געווען בולט אין אַלע זיינע דערשיינונגען".

טריפּער איז איינע פון די וויכטיקסטע סיבות פון געשוואָלענע אויגן מיט מאַטעריע באַ ערשט-געבוירענע קינדער. מיט דער פראַגע, וואָס פאַר אַ שייכות עס האָט דער גאָנאָקאָק צו די אויגן-קראַנקהייטן באַ ערשט-געבוירענע קינדער, האָבן זיך פאַרנומען אַ סך געלערטע.

ע. פרענקל האָט געמאַכט עקספּערימענטן איבער דריי שטערבלעך-קראַנקע קינדער. איינס פון זיי האָט געלעבט צען טעג און האָט באַקומען געשוואָלענע אויגן מיט מאַטעריע.

טישענדאָרף האָט איבערגעחזרט די עקספּערימענטן, אויף אַנדערע קראַנקע קינדער, אויך באַ די קינדער זענען די אויגן געשוואָלן געוואָרן און אין דער מאַטעריע זענען געפונען געוואָרן נייסערס גאָנאָקאָקן.

קראַנעל האָט איינגעפלאַנצט מאַטעריע פון טראָגעדיקע פרויען און געוויגעריגס אויף זעקס בלינדע מענטשן און באַקומען אַ נעגאַטיוון רעזולטאַט.

דאָס איז גאָר אַ קליין שטיקל געשיכטע פונם טריפּער אַרויסגייענדיק פון שטאַנדפּונקט, וועלכער אינטערעסירט אונדז דאָ די פאַקטן, וועלכע איך האָב דאָ געבראַכט, זענען ווי אַ טראָפּן אין ים.

איצט האָלטן מיר בעדאַרפט איבערגיין צו די איינפלאַנצונגען פון שאַנקר. איך וועל זיך אָבער אויף זיי נישט אָפּשטעלן,

ווייל די איינפלאַנצונגען פון שאַנקר זענען פאַרהעלטנסמעסיק אומ-שעדלעך: דער ווענעראָלאָג פלאַנצט איין דעם שאַנקר בײַ אַ מענטש אויפן בויך, אויף דער זייט, צי אויף דער פלייצע און אין אַ וואָך אַרום היילט ער אים אויס; דאָס איז דאָך פאַרן קראַנקן אַן אמתע „נאַרישקייט“, ווי זאָגט אָבער דר׳ ספּיטשקאַ, די לעבעדיקע מענשלעכע הויט איז „די נאַטירלעכסטע נאַרונג-סביבה פאַר דער באַקטעריע פון שאַנקר“.

אויסער דעם זענען געמאַכט געוואָרן אַזוי פיל עקספּערי-מענטן אויף דעם געביט, אַז איך וואָלט מיט זייער באַשרייבונג געדאַרפט פאַרנעמען עטלעכע דרוק-בויגן. שאַנקר-איינפלאַנצונגען אויף לעבעדיקע מענטשן האָבן געמאַכט; גונטער, ריקאָר, ראָלע, ביזענע, נאַדאַ, קילעריע, לינדוורום, דע-לוקאַ, מאַנינאָ, וו. בעק, שטרויס, גיבענעט, בערענשפּרונג, דיקרע, קרעפּטינג, ספּיטשקאַ און פיל אַנדערע.

מיר גייען אַלזאָ איבער צום סיפיליס. מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן טיף אין דער פאַרגאַנגענהייט, איך וועל נאָר דערציילן די געשיכטע פון דער שרעקלעכער קרענק, אָנהייבנדיק פון באַ-רימטן פראַנצויזישן סיפיליטאָלאָג פיליפּ ריקאָר, וועלכער האָט גע-לעזט פיל פאַרוויקלטע פראַגן פון דער ווענעראָלאָגיע. ער איז אָבער אויך נישט אָפּגעקומען אָן קיין פעלערן. דער גרעסטער פעלער זיינער איז געווען די באַהויפּטונג, אַז די צווייטע סטאַדיע (מדרגה) סיפיליס איז נישט אָנשטעקנד.

די סיבה דערפון, וואָס ריקאָר האָט געהאַט אַזאַ גרויסן טעות, איז געווען דאָס, וואָס ער האָט געמאַכט עקספּערימענטן איבער ווענעריש-קראַנקע, ער האָט נישט געהאַט די דרייסט-קייט איינצופלאַנצן סיפיליס געזונטע מענטשן.

מיט דער געשיכטע, ווי אַזוי ריקאָרס פעלער איז אויסגע-בעסערט געוואָרן, ווי אַזוי עס איז אויפגעוויזן געוואָרן, אַז די

צווייטע מדרגה סיפיליס איז יאָ אָנשטעקנד, וועלן מיר זען איצט פאַרנעמען.

דער דובלינער דאָקטאָר וויליאַם אואָלעס איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן ריקאָרס באַהויפּטונג. זיין בוך „קליניש לעקציעס וועגן ווענערישע קראַנקהייטן״ איז זייער אינטערסאַנט צוליב דער אומפאַרשעמטקייט, מיט וועלכער ער דערציילט וועגן זיינע מערדערישע עקספּערימענטן איבער געזונטע מענטשן. ער דערציילט:

„איך מאַך די עקספּערימענטן אויף דריי אופנים: אָדער איך מאַך אַ וווּנד מיטן לאַנצעט און שפּריץ אַריין מאַטעריע פון אַ סיפיליטישן בלאָטער, אָדער איך לייג אַרויף אויפן גאַקעטן לייב אַ שטיקל וואַטע מיט סיפיליטישער מאַטעריע, אָדער איך רייב אָפּ אַ שטיקל הויט מיט אַ פינגער און רייב איין מיט אַ טיכעלע אויף דעם אָרט סיפיליטישע מאַטעריע. אין אַלע דריי פאַלן איז דער רעזולטאַט דער זעלבער.

אואָלעס דערציילט ווייטער וועגן דעם, ווי אַזוי ער האָט איינגעפלאַנצט סיפיליס פינף געזונטע מענטשן אין דער עלטער פון 19 ביז 35 יאָר. אַלע זענען קראַנק געוואָרן אויף סיפיליס. אין דער 22-סטער לעקציע באַמערקט אואָלעס, אַז ער פאַרפלאַנצט נאָר אַ גאַנץ קליינעם טייל פון די עקספּערימענטן, וועלכע ער האָט געמאַכט. אין דער 23-סטער לעקציע חזרט ער נאָכאַמאָל איבער דאָס זעלבע.

שנעפף שרייבט וועגן אואָלעסעס עקספּערימענטן:

„געננוג עקספּערימענטן איבער געזונטע מענטשן! אואָלעס האָט שוין גענוג אויפגעוויזן, עס איז שוין קלאָר ווי דער טאָג, אַז די צווייטע מדרגה סיפיליס איז אָנשטעקנד! די וויסנשאַפט וויל נישט מער קיין מענטשלעכע קרבנות״.

די וואַקצינאַליע, דער שדים-טאַנץ האָט זיך אָבער ערשט אָנגעהויבן...

אין יאָר 1851 זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די „באַרימטע" עקספּערימענטן פון דר׳ וואַלער. ער אַליין באַשרייבט אַזוי זיינע באַרימטע עקספּערימענטן:

„דער ערשטער פּרוּוו: דורשט, אַ יינגל פון 12 יאָר, נומער פונם טויטן־צעטל 1396. ער האָט עטלעכע יאָר געהאַט אַ פּאַרך אויפן קאָפּ, אויסער דעם איז ער פולקאָם געזונט. צוליב דעם, וואָס ער האָט געדאַרפט ליגן אין שפּיטאָל עטלעכע חדשים, אויך צוליב דעם, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין סיפיליס, האָב איך אים איינגעפלאַנצט סיפיליטישע מאַטעריע דעם 6־טן אויגוסט. איך האָב אים געמאַכט עטלעכע ווונדן אויף דער זייט און בשעת דאָס בלוט איז גערונען, האָב איך אַריינגעלאָזט אַ ביסל מאַטעריע פון אַ סיפיליטיקער און דערנאָך איינגעריבן דאָס אָרט מיט דער זעלבער מאַטעריע..." אָנהייב אָקטאָבער האָט דאָס קינד באַקומען סיפיליס.

„דער צווייטער פּרוּוו: פרידריך, 15 יאָר, דער נומער פונם טויטן־צעטל 5676, זיבן יאָר איז ער שוין קראַנק אויף שקראָפול-אויסשלאָגן אויפן לייב. ער איז קיינמאָל נישט קראַנק געווען אויף קיין סיפיליס, דעריבער האָב איך אויף אים געמאַכט אַ פּרוּוו דעם 27־טן יולי. איך האָב אים אַריינגעשפּריצט אין אַ זייט אַריין דאָס בלוט פון אַ פרוי, אַ סיפיליטיקערין". אָנהייב אָקטאָבער האָט דאָס יינגל באַקומען סיפיליס.

„ביידע קראַנקע, — דערציילט וואַלער, — האָב איך געלאָזט ליגן אַ לענגערע צייט און זיי געוויזן דעם דירעקטאָר פון שפּיטאָל ה׳ רידעל, אַלע פּראָפעסאָרן און דאָקטוירים פון שטאָט, איך האָב זיי אויך געוויזן אַ סך אויסלענדישע וועגעראָלאָגן און אַלע האָבן איינשטימיק פעסטגעשטעלט, אַז דער אויסשלאַג באַ מיי-

נע פּאַציענטן איז אַ סיפיליטישער. זיי האָבן מיר פאַרשפּראָכן עדות צו זאָגן, ווען עס וועט נייטיק זיין, אַז מיינע עקספּערימענטן זענען מיר געלונגען".

וואַלערס באַשרייבונגען זענען ענלעך צו אַ פּינקטלעכן... געריכטס-פּראָטאָקאָל! די עדות זענען אויסגערעכנט, די געליטענע זענען פּינקטלעך אָנגעוויזן, דער פאַרברעכער איז זיך מודה אינם טאַט... ווען די פּראָקוראָטור זאָל אַריינקוקן אין דעם דאָזיקן געביט, וואָלט זי באַשפּאָרט צו מאַטערן זיך באַם צוזאַמענשטעלן דעם באַשולדיקונגס-אַקט...

נאָר דערמיט ענדיקט זיך עס נאָך נישט, עס הייבט זיך ערשט אָן.

וואַלערס עקספּערימענטן זענען געווען אַ סיגנאַל צו נייע וויווויסעקציעס איבער לעבעדיקע, געזונטע מענטשן, מ'האָט מיט אַ נייער ענערגיע גענומען קאַלעטשען מענטשלעכע לעבנס, — אויפּסניי קאָנטראָלירן די פראַגע וועגן דער אָנשטעקעוודיקייט פון דער צווייטער מדרגה סיפיליס.

אינם חודש מערץ 1852 האָט פּראָפ. רינעקער איינגעפלאַנצט מאַטעריע פון אַ סיפיליטיקער אַ יינגל פון צוועלף יאָר, אַן עפּילעפּטיקער. דאָס אָרט, וווּ די מאַטעריע איז איינגעפלאַנצט געוואָרן, איז הארט געוואָרן ווי אַ שטיין, קיין סיפיליס האָט זיך באַם קינד נישט אַנטוויקלט.

אין יאָר 1855 איז אויף דער זיצונג פון דער פּפאַלצער מעדיצינישער געזעלשאַפט פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע וועגן דער אָנשטעקעוודיקייט פון דער צווייטער מדרגה סיפיליס (אין צוזאַמענהאַנג מיט וואַלערס עקספּערימענטן); אויף דער זיצונג האָט דער סעקרעטאַר דערקלערט, אַז אַ חבר, וועלכער האָט נישט געפונען פאַרנייטיק צו פאַרעפנטלעכן זיין נאָמען, האָט צוגעשיקט אַ בריוו, וווּ ער איז מודיע פאָלגנדעס:

איס איז געלונגען צו מאַכן אַ גאַנצע ריי עקספּערימענטן אויף מענטשן בנוגע דער אָנשטעקעוודיקייט פון דער צווייטער מדרגה סיפיליס, דערביי מעלדעט דער אַנאָנימער חבר, אַז „די מעגלעכקייט צו מאַכן די עקספּערימענטן האָט ער באַקומען גאַנץ צופעליק" און אַז דערביי „האָט ער נישט געהאַנדלט קעגן די פּרינציפּן פון מענטשנליבע".

זיינע עקספּערימענטן זענען באַשטאַנען אָט אין וואָס; די מאַטעריע פון די מרות און געשווירן פון אַ סיפיליטישער פרוי האָט ער איינגעפלאַנצט 11 מענטשן, — דריי פרויען פון 17, 20 און 25 יאָר און אַכט מענער אין דער עלטער פון 18 ביז 28 יאָר. אַלע האָבן באַקומען סיפיליס. דריי פרויען פון 24, 26 און 35 יאָר איז איינגעפלאַנצט געוואָרן מאַטעריע פון סיפיליטישע קרעץ. אַלע זענען קראַנק געוואָרן אויף סיפיליס. זעקס פערזאָנען מיט קרעץ אויף די פיס איז אַריינגעלאָזט געוואָרן בלוט פון אַ סיפיליטיקער אין די קרעץ אַריין. דריי פון זיי האָבן באַקומען סיפיליס. דריי פּאַרשוין האָט מען געשטעלט געהאַקטע באַנקעס און דערנאָך אין די לעכלעך פון די באַנקעס אַריינגעשפּריצט בלוט פון אַ סיפיליטיקער אָן רעזולטאַט.

אַזוי אַרום איז מעגלעך געווען דריי און צוואַנציק מענטשן איינצופלאַנצן סיפיליס, זיבצען פון זיי זאָלן באַקומען די שרעקלעכע קרענק און דערביי „נישט האַנדלען קעגן די געזעצן פון מענטשנליבע"! דאָס הייסט באמת אַ וואונדערלעכע „צופעליקייט"!

מיר וועלן נאָך שפּעטער האָבן די מעגלעכקייט צו זען, אַז אַזעלכע „צופעליקייטן" זענען אין דער סיפיליטאָלאָגיע קיין זעלטנהייט נישט...

ביז איצט איז נישט באַוווּסט, ווער עס איז געווען דער אויטאָר פון אויבנדערמאַנטן בריוו, ער האָט גלייכער געטון, באַ-

האַלטנדיק אויף אייביק פאַר דער וועלט זיין שענדלעכן נאָמען. אין דער וויסנשאַפט טראָגט ער דעם נאָמען: „דער פפאַלצער אנאָנים".

מיט דער פראַגע וועגן דער אָנשטעקעוודיקייט פון סיפיליס אין דער צווייטער מדרגה האָט זיך אויך פאַרנומען דער קיעוער פּראָפעסאָר כ. פאָן גיבענעט. צווישן אַ סך אַנדערע האָט ער געמאַכט פאָלגנדע עקספּערימענטן:

1) „דעם פעלדשער סוזיקאָוו, 20 יאָר אַלט האָט מען אין פעברואַר 1882 איינגעשפּריצט מאַטעריע פון אַ סיפיליטישן בלאָטער, ער איז געווען פריש און געזונט... איך האָב אים געשטעלט אַ שפּאַנישע פליג אויף דער לינקער זייט. ווען די הויט איז אָפּגעשיילט געוואָרן, האָב איך אַריינגעלאָזט אונטער דער הויט סיפיליטישע מאַטעריע און דערנאָך ערשט איינגעריבן דאָס אָרט מיט דער זעלבער מאַטעריע... אויף דער פינפטער וואָך האָבן זיך באַוויזן כאַראַקטעריסטישע ראָזעאָלן (סיפיליטישע בלאָטערן) אויף דער ברוסט און אויפן בויך, און די קרענק האָט זיך פון דעם טאָג אָן אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען, דעם קראַנקנס יסורים האָבן זיך פאַרשטאַרקט פון טאָג צו טאָג. אין דעם צושטאַנד האָב איך אים אָפּגעהאַלטן נאָך אַ גאַנצע וואָך, כדי אים צו ווייזן אַ גרעסערער צאָל דאָקטוירים, איך האָב געוואָלט זיי זאָלן זיך איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פונעם פאַקט. ערשט דערנאָך האָב איך אים אָנגעהויבן היילן מיט קוועק-זילבער. אין דריי חדשים אַרום איז ער געזונט געוואָרן.

טימאָפיי מאַקסימאָוו, אַ זעלנער, 33 יאָר אַלט. דעם 13-טן יאַנואַר 1858 האָט מען אים געבראַכט אין דער קליניקע אַריין. ער האָט געהאַט אַ פאַרעלטערט פּיסטל אויפן אורין-קאַנאַל, דעריבער האָט ער געמוזט פאַרבלייבן אין שפּיטאָל אַ לענגערע צייט. איך האָב דעריבער אָנערקענט דעם סוביעקט פאַר צוגעפּאַסט צו

מאַכן איבער אים אַ פּרווו און אים טאַקע איינגעפּלאַנצט מאַטעריאַ
פון די פאַרפוילטע מאַנדלען (די דריזן אונטער די גאָמבע) פונם
זעלבער ביעסטעראָוו, וועלכער האָט געהאַט סיפיליס פון דער צוויי-
טער מדרגה... דעם 22-טן מאַי האָבן זיך באַוויזן די כאַראַקטע-
ריסטישע סיפיליטישע ראָזעאָלן אויפן גאַנצן קערפּער. דעם 2-טן
יוני האָב איך אים אָנגעהויבן היילן מיט קוועקזילבער און ער איז
געזונט געוואָרן."

לייענענדיק די צוויי באַשרייבונגען, — זאָגט פּראָפ. מאַנאַ-
סעין, — האָב איך זיך אָפּגעשטעלט. איך האָב געטראַכט: וואָס
זאָל איך מער באַוווּנדערן, — צי די קאַלטבלוטיקייט, מיט וועלכער
מ'לאָזט דעם סיפיליס זיך אַנטוויקלען, כדי צו באַקומען אַ בולטער
בילד פון דער קרענק און „כדי צו באַווייזן דעם קראַנקן אַ גרע-
סערער צאָל דאָקטוירים", צי זאָל איך גאָר באַוווּנדערן די דעספּאָ-
טישע לאָגיק, אויפן סמך פון וועלכער, מען מעג דעם „אונטער-
טאַנער" קראַנק מאַכן אויף אַ געפערלעכער און אפשר שטערבלע-
כער קרענק. און נישט אָנפרעגן באַ אים אפילו, צי ער באַשטייט
דערויף? איך וואָלט נייגעריק געווען צו וויסן, צי פּראָפ. גיבעגעט
וואָלט זיין זון איינגעפּלאַנצט סיפיליס, כאָטש ער זאָל דערויף יאָ
באַשטיין.

צום סוף באַמערקט פּראָפ. גיבענעט: „איך האַלט פאַר מיין
חוב צו באַמערקן, אַז איך בין געווען פולשטענדיק איבערצייגט,
אַז מיינע עקספּערימענטן וועלן האָבן אַ נעגאַטיוון רעזולטאַט, ווען
נישט דאָס, וואָלט איך מיר נישט דערלויבט צו מאַכן אַזעלכע גע-
פערלעכע פּראָבעס". (שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס אַ פּראָפעסאָר
אַ ספּעציאַליסט האָט נישט געקענט נישט וויסן וועגן די פּרווון פון
דר' וואַלער למשל, וועלכע האָבן געבראַכט נישט קיין נעגאַטיווע
נאָר פּאָזיטיווע רעזולטאַטן; נאָר אויך אָפּגערעדט דערפון, וואָס
דעם ערשטן געלונגענעם פּרווו האָט פּראָפ. גיבענעט געמאַכט אין

יאָר 1852 און דעם לעצטן אין יאָר 1858. האָט ער דען אין יאָר 1858 אויך געמאַכט דעם עקספּערימענט זייענדיק פולשטענדיק איבערצייגט, אַז ער וועט ברענגען אַ נעגאַטיוון רעזולטאַט?)

ווייטער, צום סאַמע סוף באַמערקט דער פּראָפעסאָר: „הלוואי זאָלן שוין די עקספּערימענטן זיין די לעצטע און זאָל זיך שוין די געזעלשאַפט האָבן איבערגעצייגט, אַז די צווייטע מדרגה פון סיפיליס איז אַנשטעקנד... אויב מיינע עקספּערימענטן וועלן טאַקע האָבן געברענגט דערצו, וועט מיך גאָרנישט קומערן, וואָס צוויי מענטשן האָבן באַצאָלט מיט זייערע ליידן, דערפאַר אָבער וועט די גאַנצע מענטשהייט האָבן דערפון גרויסע נוצן. די דאָזיקע ליידן וואָלטן דאַן נישט געווען קיין צו טייערער פּרייז אַנטקעגן די נוצן, וואָס די מענטשהייט וואָלט פון זיי געהאַט".

עס איז אָבער נישט צו פאַרשטיין פאַרוואָס פּראָפ. גיבענעט האָט זיך אַליין נישט איינגעפלאַנצט קיין סיפיליס. אפשר וואָלט דאָס שוין צו „טייער" געווען פאַר דער מענטשהייט אפילו?

אין יאָר 1858 האָט די פראַנצויזישע רעגירונג פאָרגעלייגט דער פאַריזער מעדיצינישער אַקאַדעמיע, אַז זי זאָל לעזן אַנטגילטיק די פראַגע, צי די צווייטע מדרגה פון סיפיליס איז אַנשטעקנד. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וועלכע האָט געזאָלט אַנטגילטיק לעזן די דאָזיקע פראַגע.

ד ר' ז ש י ב ע ר האָט שפּעטער אינם נאָמען פון דער קאָמיסיע אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער דאָזיקער אויספאָרשונג און דערקלערט, אַז ד ר' אָ ז י אַ ס - ט י ר ע ן האָט איינגעפלאַנצט סיפיליטישע מאַטעריע צוויי מענטשן און ביידע האָבן באַקומען סיפיליס. זשיבער אַליין האָט צוויי מענטשן איינגעפלאַנצט סיפיליס און ביידע האָבן אים באַקומען.

זשיבערס באַריכט האָט אַרויסגערופן אין דער אַקאַדעמיע

הייסע דעבאַטן, וועלכע האָבן זיך געענדיקט מיט אַ פולשטענדיקן נצחון פון די אָנהענגער פון די נייע אַנשוויונגען, אפילו ריקאָר האָט געמוזט מסכּים זיין, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות. ס'איז איינמאָל פאַר אַלעמאָל פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די צווייטע מדרגה פון סיפיליס איז אַן אַנשטעקנדיקע קרענק.

דאָס האָט אָבער געהאַט אַ קנאַפע ווירקונג. כאָטש ריקאָר, דער שטאַרקסטער און אויטאָריטעטסטער קעגנער פון די נייע אַנשוויונגען איז געפאַלן, זענען די עקספּערימענטן אויך ווייטער פאָרגעקומען...

אין יאָר 1859 האָט גיובנאַ איינגעפּלאַנצט סיפיליס דעם 10-יעריקן יינגל ב. ב., דאָס קינד האָט באַקומען סיפיליס. אין דעם זעלבן יאָר האָט פּראָפ. בערענשפרונג איינגעפּלאַנצט סיפיליטישע מאַטעריע דער 18-יעריקער בערטאַ ב. און מאַטעריע פון אַ האַרטן שאַנקר דער 23-יעריקער פּראָסטיטוטקע מאַריאַ ג. פּראָפּלינדווורם האָט אין יאָר 1861 איינגעפּלאַנצט סיפיליס פינף פרויען פון 18, 19, 30, 45 און 71 יאָר. די באַשרייבונג פון דעם עקספּערימענט איבער דער לעצטער, דער 71-יעריקער זקנה מאַריאַ ע. איז פאָלגנדע; „מאַריאַ ע. 71 יאָר אַלט. זי האָט אַ גרויסע מכה אויפן שטערן. דעם 27-טן מאַי 1861 האָט מען איר איינגעשפּריצט בלוט פון אַ סיפיליטיקערין". די קראַנקע האָט באַקומען סיפיליס.

ווייטער דערציילט צייסעל, אַז דר' ראַזנער האָט אויפן פאָרשלאַג פון פּראָפ. העבראַ געמאַכט פאָלגנדע עקספּערימענטן:

1) „די מאַטעריע פון אַ מכה, וואָס איז געווען באַ אַן אַם צווישן די ברוסטן, איז איינגעפּלאַנצט געוואָרן אַ 50-יעריקן מענטש, וועלכער האָט געליטן פון אַ געוואַלטיקער הויט-בייסעניש". דער רעזולטאַט — סיפיליס.

2) „די מאַטעריע פון אַ האַרטן שאַנקר איז איינגעפּלאַנצט

געוואָרן אַ פּרווו אויף דער האַנט, זי האָט באַקומען סיפיליס; איר מאַטעריע איז ווידער איינגעפלאַנצט געוואָרן אַ קראַנקן אויף צרעת (אַ קרעציקער — אַזאַ שרעקלעכעקרענק, וואָס טרעפט זיך אָפט אין הייסע מזרח־לענדער, דער קראַנקער ווערט באַדעקט פון קאָפּ ביז די פיס מיט קרעץ און פוילט לעבעדיקער־הייט), ער האָט אָבער קיינמאָל נישט געהאַט קיין סיפיליס; די פּראָבע האָט זיך איינגעגעבן, דער קראַנקער האָט באַקומען צו דער נגע צרעת אַ סי־פיליס אויך".

דר' פיוש האָט צוויי מאָל איינגעפלאַנצט אַ מענטש סיפיליטישע מאַטעריע. באַם ערשטן מאָל האָט זיך דער פּרווו נישט איינגע־געבן; דאָס צווייטע מאָל איז באַקומען געוואָרן אַ גלענצנדער רע־זולטאַט, — דער קראַנקער האָט באַקומען סיפיליס.

כדי צו באַלויכטן די פראַגע, צי קען אַ מענטש, וואָס האָט שוין געקרענקט אויף סיפיליס, נאָכאַמאָל קראַנק ווערן, האָט פּראָפ. ווידאַל-דע-קאַסי געמאַכט פאָלגענדן עקספּע־רימענט.

„מ., 37 יאָר אַלט. ער איז אַמאָל קראַנק געווען אויף סי־פיליס און זיך אויסגעהיילט. אין יאַנואַר 1852 האָט מען אים אויף ביידע זייטן געשטעלט שפּאַנישע פליגן און ווען די הויט איז אָפּגעשיילט געוואָרן, האָט מען די ווונדן באַנדאַזשירט, צולייגנדיק אים וואַטע מיט דער מאַטעריע פון סיפיליטישע קרעץ. ער איז נישט קראַנק געוואָרן. איך האָב פאָרגעלייגט איבערצוחזרן דעם עקספּערימענט. דעם 12־טן אַפּריל 1852 האָט מען אים געשטעלט שפּאַנישע פליגן אויף ביידע הענט און דערנאָך באַנדאַזשירט די ווונדן מיט וואַטע, וועלכע איז איינגעטונקען געוואָרן אין סיפילי־טישע מאַטעריע. אין דריי טעג אַרום האָט מען די באַנדאַזשן אַראָפּגענומען: די וווּנד אויף יעדער האַנט איז פאַרצויגן געוואָרן

מיט אַ גרין הייטל, אונטערן הייטל האָט זיך געזעצט מאַטעריע, וועלכע האָט געהאַט אַן עקלהאַפטן ריח; די ווונדן האָב איך ווי־דער געהייסן באַנדאַזשירן מיט וואַטע, וועלכע איז איינגענעצט געוואָרן אין סיפיליטישער מאַטעריע...“ א. אַ. וו.

פראָפ. ווידאַל איז בכלל נישט צופרידן פון די געלערטע, וועלכע ווילן נישט מאַכן אַזעלכע עקספּערימענטן. ער שרייבט: „צום באַדויערן האַלטן די בעסטע סיפילאָגראַפן, די געלערנטסטע ווענעראָלאָגן פאַר אַנטימאָראַליש די עקספּערימענטן איבער מענטשן, און זיי ווילן זיך דערמיט נישט באַשעפטיקן“.

וועגן דער דריטער מדרגה פון סיפיליס איז דערווייל ווי־ניק באַוווּסט. די מערהייט עקספּערימענטן ווייזן, אַז דער דריטער פּעריאָד פון סיפילס איז נישט אָנשטעקנדיק.

אַזוי האָט דידע איינגעפלאַנצט אַ רייע געזונטע מענטשן דאָס בלוט פון אַ סיפיליטיקער אין דער דריטער מדרגה פון דער קרענק. אַן רעזולטאַט. פינגער האָט געמאַכט מער ווי דרייסיק עקספּערימענטן מיט דער מאַטעריע פון די גומישע קרעץ און פּע־ריאָסטיטן (די כאַראַקטעריסטישע קרעץ, געשווירן, בלאָטערן און מכּות בײַ דעם דריטן פּעריאָד פון סיפיליס) קיינער פון די מענטשן, אויף וועלכע די פּרווון זענען געמאַכט געוואָרן, איז אויף קיין סי־פיליס נישט קראַנק געוואָרן.

אַ חוץ די אַלע פּרווון האָבן פאַרשידענע געלערטע געמאַכט עקספּערימענטן נישט מיט דער ספּעציפישער מאַטעריע פון סיפי־ליטישע קרעץ און מכּות, נאָר מיט די פּאַטאָלאָגישער (אומנאָר־מאַלע) דערשיינונגען פון פאַרשידענע ווענערישע קראַנק־הייטן.

אַזוי האָט באַססע איינגעשפּריצט אַ געזונטן מענטש אונ־טער דער הויט אַרונטער די מאַטעריע פון אַ טריפּער בײַ אַ קראַנק אויף סיפיליס, ער האָט באַקומען אַ נעגאַטיוו רעזולטאַט. פּראָפ.

טאַרנאָווסקי איז גליקלעכער געווען. אים איז געלונגען איינצופלאַנצן אַ פרוי אַ פּאַטאָלאָגישע מכּה פון סיפיליס, — ער האָט געמאַכט אַכצען (!) פּרוּוון אויף דער זעלבער פרוי, קוים די ניינצענטע איז אים געלונגען, די פרוי האָט באַקומען סי־פיליס. דער זעלבער פּראָפ. טאַרנאָווסקי האָט געמאַכט נאָך פּרוּוון מיט שאַנקר, ער האָט איר געפּרוּווט איינפלאַנצן אַ ריי געזונטע מענטשן, די איינפלאַנצונגען זענען נישט געלונגען, קיינער איז נישט קראַנק געוואָרן. פּראָפ. טאַרנאָרסקי האָט אויך אויסגעפּרוּווט פּראָפעסאָר לאַנגלעבערס עקסטראַקט קעגן סיפיליס, ער האָט מיט דעם עקסטראַקט געמאַכט צוויי עקספּערימענטן: ער האָט צוויי גע־זונטע מענטשן איינגעפלאַנצט סיפיליטישע מאַטעריע און דערנאָך דאָס אָרט איינגעריבן מיט לאַנגלעבערס עקסטראַקט.ביידע מענטשן זענען געבליבן געזונט.

ווען פּראָפ. טאַרנאָווסקי האָט אין יאָר 1897 אויסגעדינט זיין טערמין און פאַרלאָזט די קאַטעדרע פון דער מיליטעריש־מעדיצינישער אַקאַדעמיע, איז זיין געזעגנונגס־לעקציע געווידמעט געווען... דער מעדיצינישער עטיק. געוויס האָט טאַרנאָווסקי אויף דער לעקציע אַרויסגעזאָגט זייער הויכע און אידעאַלע געדאַנ־קען, ווייל די סטודענטן האָבן אים געמאַכט גרויסע אָוואַ־ציעס.

צי איז אָנשטעקנד אַ ווייכע מכּה פון אַ סיפיליטיקער, מיט דער פראַגע האָט זיך פאַרנומען פּראָפ. אַ. גע. „דער עקספּע־רימענט איז געמאַכט געוואָרן איבער אַ פרוי מיט אַ נאַרוועגישער צרעת, וועלכע איז קיינמאָל נישט קראַנק געווען אויף סיפיליס. זי האָט אַליין איינגעשטימט אויפן עקספּערימענט (sic!). די פרוי האָט קיין סיפיליס נישט באַקומען.

אַזעלכע פּרוּוון האָט אויך געמאַכט אין ריגעקערס קליניק ד״ר ריגער. ער האָט דעם פּרוּוו געמאַכט איבער פיר מענטשן

אָן שום רעזולטאַט. ביִדענקאַפּ איז גליקלעכער געווען, זייִ נע פּרווון האָבן יאָ געבּרענגט רעזולטאַטן. ווי בּידענקאַפּ דער־ ציילט, האָט אים געגליקט צו באַקומען מענטשן־מאַטעריאַל גאַנץ צופעליק; ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, שפּילן אַזעלכע „צופעלי־ קייטן" אַ גרויסע ראָל אין דער סיפיליטאָלאָגיע. אָט זענען בּי־ דענקאַפּס „צופעליקע" עקספּערימענטן:

„אַ מיידל, וועלכע איז געלעגן אין שפּיטאָל פון 9 טן אָקטאָ־ בער 1862, האָט זיך אַליין איינגעפלאַנצט מיט אַ נאָדל דעם שאַנקרישן סם פון די קינסטלעכע קרעץ, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרן צוליב שטודיום־צילן איבער איינעם אַ קראַנקן... — דאָס מיידל האָט באַקומען צוויי קרעץ, וועלכע האָבן זיך באַלד אויסגעהיילט".

„אַ מיידל, וועלכע האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין ווענע־ רישע קרענק האָט זיך אויף קאַטאָוועס גלייך ווי די ערש־ טע אַליין איינגעפלאַנצט 18 (אַכצען) שאַנקרן, איך האָב איר איינגעפלאַנצט נאָך 12 שאַנקרן". דאָס מיידל האָט באַקומען סי־ פיליס.

פּאַדאָוואַ האָט געוואָלט אויספאָרשן, צי די מילך פון סיפיליטישע פרויען איז אָנשטעקנדיק. ער האָט איינגעשפּריצט פיר געזונטע פרויען די מילך פון אַ סיפיליטיקערין, אַלע זענען געבליבן געזונט. אויך ד״ר פּאָס האָט געמאַכט די זעלבע פּראָבע, — ער האָט דריי געזונטע מיידלעך, וועלכע האָבן דערויף איינגעשימט, איינגעשפּריצט אונטער דער הויט מילך פון אַ סיפיליטישער פרוי.

די ערשטע, פּעלאַגעיאַ אַ. דרייצען יאָר אַלט, אַ פּוי־ ערטע פון גאָוואָראָדער גובערניע. זי האָט געהאַט סיפיליס און זיך אויסגעהיילט. דעם 25־סטן סעפּטעמבער 1875 האָט מען איר

איינגעשפריצט אין רוקן מילך פון אַ סיפיליטיקערין. „זי האָט באַקומען אַ מכּה״ די גרייס פון אַ פויסט.

די צווייטע. נאַטאַליאַ ק., 15 יאָר אַלט, אַ פּראָסטיטוטקע. מען האָט איר איינגעשפּריצט מילך פון אַ סיפיליטיקערין. אָן רעזולטאַט.

די דריטע. ליובאָוו אַ., 16 יאָר אַלט, אַ פּראָסטיטוטקע. קראַנק אויף אורעטריט. קיין סיפיליס האָט זי קיינמאָל נישט געהאַט. מען האָט איר אַריינגעשפּריצט אונטערן לינקן אָרעם אַ גרויסע פּאַרציע מילך פון אַ סיפיליטישער פרוי. ד אָ ס מ י י ד ל האָט ב אַ ק ו מ ע ן ס י פ י ל י ס.

סיי דר׳ פּאָסס, סיי פּראָפעסאָר גע דערקלערן, אַז זייערע קרבנות האָבן איינגעשטימט אויפן עקספּערימענט. וואָס איז דאָס, אַ חוזק? די עלטסטע פון די מיידלעך איז אַלט געווען ז ע כ צ ע ן י אָ ר! אויב זיי האָבן טאַקע איינגעשטימט אויף די עקספּערימענטן, האָבן דען די קינדער געוווסט, ו ו אָ ס מ׳וויל זיי טון? האָט דען אַ ממשות זייער איינשטימונג?

גענוג, איך האָב געבערענגט נאָר אַ קליינעם טייל פון די פאַקטן, פון וועלכע איך ווייס, פון דער קליינער צאָל פאַקטן איז אָבער שוין לייכט צו זען, אַז די עקספּערימענטן איבער לעבעדיקע מענטשן זענען נישט קיין אויסנאַם און נישט קיין צופעליקייט. וועגן די עקספּערימענטן דערציילט מען רויק, אָן שום מורא פאַרן אייגענעם געוויסן; מ׳דערציילט עס אַזוי, פונקט ווי דאָ וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן הינט אָדער קראָליקעס, אָבער נישט וועגן מענטשן.

איצט וויל איך ברענגען נאָך עטלעכע אַזעלכע עקספּערימענטן נישט פון ווענעראָלאָגישן געביט, נאָר פון אַנדערע מעדיצינישע געביטן, כּאָטש דאָרט קענען די עקספּערימענטן געמאַכט

ווירן איבער חיות, ווערן זיי פונדעסטוועגן געמאַכט איבער מענטשן אין אַ גאַנץ גרויסער צאָל.

פּראָפ. גראַסי און דר׳ קאַלאַנדרוטשיאָ האָבן אויסגעפּרוווט, צי מ׳קען זיך אָנשטעקן מיט גייצן (לאַנגע ווערעם, וועלכע מאַכן זיך אָפט בײַ קינדער אין די געדערים). זיי האָבן אײַנגעגעבן אַ יינגעלע פון זיבן יאָר אַן אַבלאַטקע מיט אייערלעך פון גייצן. אין דריי חדשים אַרום זענען פון קינד אַרויס 143 גייצן יעדער די לענג פון 18 ביז 23 צענטימעטער.

אויפן דאָקטוירים־צוזאַמענפאָר אין גאַלע האָט פּראָפעסאָר עפּשטיין אָפּגעגעבן אַ באַריכט, אין וועלכן ער דערציילט, אַז ער האָט דריי קינדער אַרײַנגעלייגט אין עסן אַרײַן אייערלעך פון גייצן און אַלע דריי זענען אין דריי חדשים אַרום קראַנק געוואָרן.

מיטן ציל געוווּיר צו ווערן, וואָס פאַר אַן ענדרונגען עס קומען פאָר אין דער לעבער בײַ אַ צוקער־קראַנקהייט, האָבן די פּראָפעסאָרן פרעריקס און ערליך אַרײַנגעשטאָכן די קראַנקע אין דער לעבער אַרײַן אַ טראָאַקאַר. „ווען מ׳האָט אַרויסגענומען פונעם טראָאַקאַר דעם שטילעט, זענען אינם רערעלע געבליבן אַ פּאָר טראָפּנס בלוט פון דער לעבער.

דר, פעלאייזען, וועלכער האָט אַנטדעקט דעם מיקראָב פון אַ רויז (סטרעפּטאָקאָק), האָט דעם מיקראָב אײַנגעפלאַנצט אַ פרוי פון 58 יאָר. זי האָט באַקומען אַ רויז. נאָך דעם האָט פעלאייזען אײַנגעפלאַנצט זײַנע סטרעפּאָקאָקאָן נאָך זעקס מענטשן.

זייער אינטערעסאַנט זענען אויך די פאָלגנדיקע פאַקטן:

צום בערלינער פּראָפעסאָר האַן איז אין יאָר 1887 געקומען אַ פרוי מיט אַ ראַק אויף דער ברוסט. האַן האָט געזען, אַז איר לאַגע איז אַ האָפענונגסלאָזע, „נאָר כדי צו באַרויִקן זי און נישט אַנטדעקן איר די שרעקלעכע לאַגע, איז וועלכער זי געפינט זיך",

האָט ער איר מכּלומרשט געמאַכט אַן אָפּעראַציע; ער האָט אויסגעשניטן אַ שטיקל פונם ראַק אויף דער קראַנקער ברוסט און... עס איינגעפלאַנצט אויף איר געזונטער ברוסט. דער עקספּערימענט האָט זיך איינגעגעבן.

אַזוי אַרום איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דער זייער חידושדיקער פאַקט, אַז אַ ראַק קען איבערגעגעבן ווערן אַ געזונטן מענטש, אַז מען קען אים איינפלאַנצן.

מיט דערפאָלג האָבן האַנס עקספּערימענט איבערגעחזרט פּראָפ. בערגמאַן און אַן אומבאַוווּסטער כירורג, וועלכער האָט וועגן דעם מודיע געווען דעם פּאַריזער פּראָפעסאָר קאָרניל אין אַן אַנאָנימען בריוו.

דר׳ נ. אַ. פין האָט אין אַ קאַווקאַזער שפּיטאָל אויסגעפאָרשט די פראַגע צי פלעקן-טיפוס איז אַנשטעקנד. אויף זיין פאָרשלאַג האָט דר׳ אַרטעמאָוויטש איינגעשפּריצט אונטער דער הויט אַרונטער 17 געזונטע זעלנער דאָס בלוט פון קראַנקע אויף פלעקן-טיפוס. קיינער פון די זעלנער איז נישט קראַנק געוואָרן, „נאָר באַ צוויי פון זיי זענען אַרויסגעקומען איינפאַכע בלאָטערן אויפן אָרט, וווּ די איינשפּריצונג איז געמאַכט געוואָרן". חוץ דעם האָט דר׳ פין אַריינגעלייגט 28 יונגע, געזונטע זעלנער אין איין זאַל מיט קראַנקע אויף פלעקן-טיפוס. זיי זענען געשלאָפן צוזאמען מיט די קראַנקע במשך 4-5 טעג און זיך אַפילו צוגעדעקט מיט איין קאָלדרע.

אין יאָר 1887, זיין חודש דעצעמבער, האָט דאָקטאָר שטיקלער איבערגעלייענט אין דער ניו-יאָרקער מעדעציגישער אַקאַדעמיע אַ ראַפּאָרט וועגן די פאַרזיכערונגס-איינפלאַנצונגען קעגן שקאַרלאַטינע. ער האָט באַמערקט, אַז מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָנגעשטעקט פון חיות מיט קלאַ-שלאַפקייט און אַנדערע ענלעכע שלאַפקייטן, קענען שוין נישט באַקומען קיין שקאַרלאַטינע.

כדי אויסצופרוּוון זיין באָבאַכטינג, האָט דר׳ שטיקלער אָנגעהויבן איינצושפּריצן קינדער דאָס בלוט פון קראַנקע פערד און קי. נאָכדעם האָט ער די קינדער געלייגט אויף די קישנס, ווי עס זענען געלעגן קראַנקע אויף שקאַרלאַטינע. פון די אַלע קינדער האָבן אַ טייל קיין שקאַרלאַטינע נישט באַקומען, אַ טייל האָבן יאָ באַקומען, גאָר אין זייער אַ לייכטער פאָרם; קיין ערנסטע קראַנקהייט האָט קיין שום קינד נישט באַקומען.

פראָפ. ראָבערטס באַרטאָלאָ פון אָהיאָ האָט געהיילט אַ קראַנקע, וועלכע האָט געהאַט אַ ראַק אויפן שאַרבן, צוליב דעם איז בײַ איר אַנטפּלעקט געוואָרן אַ טייל פון די געהירן. דער פּראָפעסאָר האָט זיך באַנוצט מיט דעם זעלטענעם צופאַל און געמאַכט איבער זיין פּאַציענטקע אַ ריי פּרוּוון, צערייצנדיק איר די געהירן דורך עלעקטריזאַציע. דאָס גאַלוואַנישע צערייצן די האַרטע שאָל פון די געהירן האָט קיין ווירקונג נישט געהאַט, דאַקעגן דאָס פּאַראַדיסטישע צערייצן די געהירן האָט איינגעקורטשעט אַלע מוס־קולן פון קערפּער.

נאָך דעם „האָט מען אַן איזאָלירטע נאָדל פון איין עלעקט־יאָר אריינגעשטעקט אין דער לינקער זייט פון די געהירן, אַ צווייטער עלעקטראָד איז צוגעלייגט געוואָרן צו דער האַרטער שאָל פון די געהירן, ווען דער שטראָם איז פאַרמאַכט געוואָרן, האָבן זיך די מוסקולן פון דער רעכטער האַנט, פון רעכטן פוס און לינקן אויג אָנגעהויבן קורטשען און דאָס שוואַרצאַפּל פונם לינקן אויג איז ברייטער געוואָרן. נישט קוקנדיק אויף די געוואַלטיקע יסורים, וואָס די קראַנקע האָט געליטן, האָט זיך אויף איר פּנים באַוויזן אַ שמייכל, פּונקט ווי דאָס וואָלט איר פאַרשאַפט פאַרגעניגן״.

דער זעלבער עקספּערימענט איז איבערגעחזרט געוואָרן אויך אויף דער רעכטער זייט. „ווען די נאָדל איז אריין אינם שטאָף פון די געהירן, האָט די קראַנקע געפילט אַ שרעקלעכע ווייטיק

אין נאַקן. מיטן ציל צו באַקומען אַ בולטע רעאַקציע. איז דער שטראָם פאַרגרעסערט געוואָרן, דער קראַנקערס פנים האָט אויסגע־דריקט אַן אומבאַשרייבלעכן פחד, זי האָט שטאַרק אָנגעהויבן שרייען, די שוואַרצאַפּלען פוןביידע אויגן האָבן זיך פאַרברייטערט, געוואָרן אומבאַוועגלעך, די ליפּן זענען בלוי געוואָרן, עס האָט זיך אויף זיי באַוויזן שוים, און די קראַנקע האָט געחלשט. אין צוואַנציק מינוט אַרום איז געלונגען זי אויפצומינטערן."

אין אַ צייט אַרום האָט באַרטאָלאָ ווידער אָנגעהויבן זיינע עקספּערימענטן, נאָר מיט אַ קלענערן עלעקטערישן שטראָם, און דריי טעג אַרום איז „דער צושטאַנד פון דער קראַנקער שטאַרק פאַרערגערט געוואָרן. פאַרנאַכט האָט די קראַנקע באַקומען קאָנ־וולסיע. די קאָנוווּלסיע האָט געדויערט פינף מינוט, דערנאָך האָט די קראַנקע געחלשט און די רעכטע זייט קערפּער איז איר אָפּגע־נומען געוואָרן". די אומגליקלעכע איז אין קורצן געשטאָרבן. פּראָפ. באַרטאָלאָ באַהויפּטעט צום סוף, אַז געשטאָרבן איז זי נישט פון זיינע עקספּערימענטן נאָר פונם ראַק.

---

דער לעזער וועט דורכלייענען דאָס קאַפּיטל און טראַכטן:
„אָט אַזוי באַציִען זיך די דאָקטוירים צו די קראַנקע, וועלכע גיבן זיי איבער אין די הענט אַריין דאָס געזונט זייערס".

אַזאַ מיינונג וואָלט אָבער נישט געווען ריכטיק. די עטלעכע הונדערט דאָקטוירים, וועלכע קוקן אויף זייערע פּאַציענטן ווי אויף אָביעקטן פאַר באַאָבאַכטונגן און עקספּערימענטן, גיבן נאָך נישט דאָס רעכט אַרויסצוטראָגן אַ באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דער גאַנ־צער מעדיצינישער קאָרפּאָראַציע. מען קען גלייכצייטיק ברענגען אַ ריי פאַקטן, ווי דאָקטוירים האָבן זיך אַליין איינגעפּלאַנצט פאַר־

שידענע קרענק, איבער זיך אליין געמאכט די געפערלעכסטע עקספערימענטן.

ערשט נישט לאנג האבן פעטערקאפער און עמעריך איינגענומען כאלערע-באצילן. דעם זעלבן עקספערימענט האבן איבער זיך געמאכט: פראפ. מיעטשניקאוו, דר׳ גארסטערליק און דר׳ לאטאפי. דר׳ בארדושיאני, דר׳ ווארנערי און דר׳ לינדעמאן האבן זיך אליין איינגעפלאנצט סיפיליס; דאס זעלבע האבן געטון א סך אנדערע: זיי זענען יונגע, געזונטע און פרישע פולקאם באוווסטזיניק איינגעגאנגען אויף די געפערלעכסטע עקספערימענטן; ווילנדיק דינען דער וויסנשאפט, האבן זיי געשטעלט אויף דער קארט זייער לעבן. מען קען נישט באשולדיקן אלע דאקטוירים צוליב די צוויי-דריי הונדערט „העלדן“, מען קען נאך נישט אורטיילן, אז אלע דאקטוירים באציען זיך צו זייערע פאציענטן אזוי ווי די דאקטוירים, וועלכע זענען דערמאנט אין דעם קאפיטל.

אין איין זאך איז שולדיק די גאנצע מעדיצינישע וועלט, — אין דער שענדלעכער גלייכגילטיקייט צו די מערדערישע עקספערימענטן איבער לעבעדיקע מענטשן.

איך האב דאך נישט שפיאנירט, נישט נאכגעזוכט אין קיין געהיימע ארכיוון צום פארעפנטלעכן די אלע פאקטן, וועלכע איך האב אין דעם קאפיטל געברענגט? די שולדיקע גופא דרוקן און פארעפנטלעכן זייערע מעשים!

אויב די מעדיצינישע קארפאראציע וויל נישט טראגן די פאראנטווארטלעכקייט פאר די עקספערימענטן צוגלייך מיט די פארברעכער, מוזן די שענדלעכע פאקטן פארליימערט ווערן מיט דער גאנצער ענערגיע און באלד נאך דעם ערשטן פארעפנטלעכטן עקספערימענט וואלט דער שולדיקער געדארפט אויסגעשלאסן ווערן פון דער מעדיצינישער געזעלשאפט.

דאס טוט מען אבער נישט, און די „העלדן“ זענען שטאלץ

מיט זייערע מעשים, ווייל זיי באַגעגענען נישט קיין ווידערשטאַנד מצד זייערע קאָלעגן.

צווישן דער גאַנצער מעדיצינישער פרעסע ווייס איך נאָר פון איין צייטונג, וועלכע פראָטעסטירט קעגן די עקספּערימענטן איבער מענטשן, — דאָס איז דער רוסישער מעדיצינישער זשורנאַל „דער דאָקטאָר", דאָרט קענט איר כמעט אויף יעדן זייטל זען אַזעלכע באַמערקונגען: „ווידער שענדלעכע עקספּערימענטן!" „עס איז נישט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי דאָקטוירים דערלויבן זיך צו מאַכן אַזעלכע פּרוּוון!" „ צי וואָלט שוין נישט צייט געווען, אַז די גאַנצע מעדיצינישע געזעלשאַפט זאָל זיך אַנטקעגנשטעלן און נישט דערלאָזן צו מאַכן פאַרברעכערישע עקספּערימענטן איבער לעבעדיקע, געזונטע מענטשן?"

עס וואָלט שוין לאַנג צייט געווען! נאָר עס וואָלט שוין אויך צייט געווען, אַז די געזעלשאַפט זאָל ענדלעך אויפעפענען די אויגן און אָננעמען אייגענע מיטלען קעגן די דאָזיקע דאָקטוירים, וועלכע האָבן פאַרגעסן, אַז עס איז אַ גרויסער חילוק צווישן אַ מענטש און אַ קראָליק.

# IX

ווען איך האָב געענדיקט דעם אוניווערסיטעט, האָב איך געגלייבט אין דער מעדעצין ווי אין אַ הייליקטום. איך בין באַגייסטערט געווען פון די פּאָרטשריטן, וואָס מיר האָבן געמאַכט אין דער מעדיצינישער וויסנשאַפט: מיר ווייסן שוין אַזוי פיל וועגן מענטשלעכן קערפּער, מיר האָבן שוין אַזוי פיל סודות אַנטדעקט אין אים; עס איז מער ווי זיכער, אַז באַלד איז די צייט, ווען מיר וועלן דעם מענטשלעכן קערפּער קענען דורכויס און פאַר דער מעדיצין וועלן קיין סודות מער נישט זיין.

מיט אַזאַ באַציִונג צו דער וויסנשאַפט, וועלכער איך דין, האָב איך אָנגעהויבן פּראַקטיצירן. דאָ האָב איך זיך ווידער אָנגעשטויסן אָן לעבעדיקן מענטש און אַלע מיינע אָנשויונגען האָבן זיך אָנגעהויבן וואַקלען, איך האָב אָנגעוווירן דעם פולשטענדיקן צוטרוי צו דער מעדיצין און מיין באַגייסטערונג איז מיטאַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן.

ווי אַזוי קען איך מיך אונטערנעמען צו היילן אַ מענטש, ווען אַ סך פון זיינע אברים זענען פאַר מיר רעטענישן, ווען די אָפּשטאַמונג פון אַ סך קראַנקהייטן איז מיר לחלוטין אומבאַקאַנט ?

מען האַלט אונדז אין איין לערנען: „די באַדייטונג פון דעם און דעם אבער איז אונדז אומבאַקאַנט", „די סיבות פון דער און דער קרענק זענען אומבאַוווּסט", „די ווירקונג פון דעם און דעם מיטל איז אומפאַרשטענדלעך", און נאָך דעם אַלעמען לאָזט מען אונדז אַרויס אויף דער וועלט היילן מענטשן! אַ זייגערל איז דאָך ניט אַזוי קאָמפּליצירט ווי אַ מענטשלעכער קערפּער, און דאָך וועל איך גאָרניט וואַגן צוצוטרעטן פאַריכטן אַ זייגערל, ווען אפילו דאָס מינדסטע רעדעלע וועט פאַר מיר זיין אומפאַרשטענדלעך...

ווען איך האָב מיך נאָר באַקענט מיט אונזער וויסנשאַפט, באַלד אויפן ערשטן קורס, האָב איך פאַראַכטעט די מעדיצין פאַר איר אומפולשטענדיקייט, פאַר איר שוואַכקייט באַם דערקענען און היילן פאַרשידענע קראַנקהייטן, דאַמאָלס האָב איך פאַראַכטעט די מעדיצין, צוזאַמען מיט אירע פאָרשטייער, מיט אירע געלערטע, וועלכע האָבן באַשאַפן אַזאַ אומפולשטענדיקע וויסנשאַפט, איצט אָבער האָב איך געליטן דערפון, איך האָב געזען, אַז דאָס איז אַ נאַטירלעכער, אַן אומפאַרמיידלעכער פאַקט, אַז אַנדערש קען גאָר ניט זיין.

פריער האָט עס באַ מיר אַרויסגערופן פאַרדרוס, איצט אָבער אַ געוואַלטיקן טרויער, ווייל איך בין איצט געוואָרן אַ קליין שרייפעלע פונם גרויסן מעכאַניזם, וועלע ווערט אָנגערופן מעדיציניש קאָרפּאָראַציע און איך דאַרף איצט מיט מיינע נישטיקע קענטעניש, מיט מיין קליינעם סכום וויסן, מיט מיינע שוואַכע מעגלעכקייטן צוטרעטן צום לעבעדיקן מענטש און היילן זיינע קראַנקהייטן.

אָט שטייט פאַר מיר אַ לעבעדיקער מענטש, זיין אָרגאַניזם איז פאַר מיר אַ רעטעניש, איך פאַרשטיי אין אים גאָר ווייניק. וואָס פאַר אַ כוחות רעגירן איבער אים? וועלכע קרעפטן מאַכן אים

לעבן און ליידן? אין וואָס באַשטייט די ווירקונג פון די רפואות, וועלכע איך גיב אים איין? ווי אַזוי אַנטשטייען אין אים די פאַרשידנסטע קראַנקהייטן. — דאָס אַלץ איז פאַר מיר אַ סוד.

לאָמיר נעמען קאָכס באַציל און לעפלערס באַציל, — ביידע זענען אַזוי ענלעך איינע צו דער אַנדערער, פאַרוואָס־זשע באַקומט מען פון דער ערשטער טובערקולאָז און פון דער צווייטער דיפטעריט? פאַרוואָס ווירקט אַפּאָמאָרפין אויפן ברעך־צענטער? פאַרוואָס ווירקט אייזן אויף בעוראַסטעניע?

פאַר מיר שטייט אַ מיידל, זי בעט באַ מיר הילף; זי ליידט געוואַלטיקע קאָפּ־שמערצן (מיגרען). איך זע די קראַנקע איז אַנעמיש. אויך באַמערק איך, אַז בשעת די קאָפּ־שמערצן כאַפּן זי אָן, ווערט דער שטערן קאַלט און אירע שוואַרצאַפּלען פאַרגרעסערן זיך. ס׳איז פאַר מיר קלאָר, אַז די אַנעמיע האָט אויפגערעגט דעם סימפּאַטישן נערוו, אָבער ווי אַזוי און פאַרוואָס רעגט אנעמיע אויף דעם סימפּאַטישן נערוו, דאָס ווייס איך נישט. וועלכע כוחות פונם אָרגאַניזם דאַרף איך קרעפטיקן, כדי די קאָפּ־שמערצן זאָלן פון מיין קראַנקער אָפּטרעטן? ווי אַזוי ווירקט דער פענאַצעטין אויף דעם סימפּאַטישן נערוו? וואָס פאַרא ווירקונג האָט אייזן אויף אַנעמיע?

און אָט שטייט זי פאַר מיר, די קראַנקע אויף מיגרען, איך פאַרשרייב איר דעם פענאַצעטין מיטן אייזן, איך טו עס אַלץ אומבאַוווסטזיניק, איך ווייס נישט וואָס איר איז, ווי אַזוי מיין רפואה וועט איר העלפן און צי וועט זי איר בכלל העלפן.

איך ווייס גאָרנישט וועגן די טיפּישע פּראָצעסן פונם מענטשלעכן קערפּער, איך האָב קיין שום באַגריף נישט וועגן די פונקציעס פון פיל אברים באַ אַ געזונטן מענטש און אָט הייסט מען מיך היילן אַ קראַנקן, ווען יעדער קראַנקער באַזונדער איז לגמרי אַן אַנדערער אין אַלע זיינע פאַרשידנאַרטיקייטן, אינדיווידועלע אייגנאַרטיקייט,

און אָפּוועגדונגען פון דער נאָרמע.

וואָס ווייס איך, מישטיינס געזאָגט, וועגן דעם אַלעם? ווי אַזוי קען איך היילן אַ קראַנקן מענטשלעכן אָרגאַניזם?

אָט שטייען פאַר מיר צוויי קראַנקע, ביידע זענען פולקאָם געזונט געווען, ביידע האָבן זיך גלייך איינגענעצט די פיס, — איינער האָט באַקומען אַ קאַטאַר און דער אַנדערער אַ — רעוומאַטיזם. פאַרוואָס?...

עס איז פעסטגעשטעלט, אַז אַ מענטש קען איינעמען 30 מיליגראַם מאָרפינע אָן שום שאָדן פאַרן געזונט. אַ פרוי האָט מען איינגעשפריצט אונטער דער הויט נישט מער ווי 5 מיליגראַם און זי איז געשטאָרבן... אַ מענטש טאָר מער נישט איינעמען ווי 5 גראַם כלאָראַל-הידראַט אַ מעת-לעת, אויב ער וויל זיך נישט אָפּסמען. ד"ר דעוויס איז אָבער מודיע, אַז איין מענטש האָט געליטן ציין-ווייטיק האָט ער איינגענומען במשך דריי טאָג 60 גראַם כלאָראַל, ד. ה. צו צוואַנציק גראַם אַ טאָג און עס האָט אים גאָרנישט געשאַדט!

ווען דעוויס זאָל מודיע זיין, אַז דער קראַנקער האָט איינגענומען נישט 60 נאָר 160 גראַם כלאָראַל, וואָלט איך אויך נישט נתפעל געוואָרן, ווייל מיר ווייסן גאָרנישט וועגן די פאַרשידענע אייגנאַרטיקייטן פון יעדן מענטשלעכן קערפּער באַזונדער. — די מעדיצין האָט פאַר אַזעלכע דערשיינונגען אַ ספּעציעלן נאָמען „אידיאָסינקראַזיע". נאָר וואָס קומט מיר אַרויס פונם וואָרט, וואָס האָב איך דערפון? צי דערקלערט מיר דאָס וואָרט עפּעס? צי קען איך דערפון געוווּיר ווערן, ווען אַזאַ אומגעריכטער פאַל קען זיך טרעפן?...

וואָס פאַר אַ מיטלען גיט מיר די מעדיצין אַריינצוקוקן, וואָס עס טוט זיך אינם מענטשלעכן אָרגאַניזם? זייער קליינע! עטוואָס גיט זי מיר: צבשפ. אַ קראַנקן שוידערט, עס ברעכט אים אין די גלידער, די לעבער און די גאַל זענען פאַרגרעסערט. איך היל-

וויסן, וואָס דעם קראַנקן איז. נעם איך בא אים אַ טראָפּן בלוט און באַטראַכט דורכן מיקראָסקאָפּ. אינם טראָפּן בלוט זע איך קליינע דינענקע ווערעמלעך, איך דערקען זיי, דאָס זענען מיקראָבן פון טיפוס און איך בין פולקאָם זיכער, אַז מיין פּאַציענט איז קראַנק אויף טיפוס.

ווען איך זאָל אַלע קרענק קענען אַזוי פּינקטלעך און זיכער ־ערקענען, וואָלט גאָר גוט געווען; בא דער מערהייט קראַנקהייטן פיל איך אָבער לחלוטין קיין באָדן נישט אונטער די פיס, אין בעסטן פאַל מוז איך אויפן סמך פון נישטיקע באַווייזן בויען פּלע־נער, וועלכע זענען אומגעהייער וויכטיק פאַרן לעבן פון דעם קראַנקן...

איינמאָל בין איך איינגעלאַדן געוואָרן צו אַ קראַנקער פרוי. זי האָט געהאַט אַ קליין הייזעלע, אין וועלכן זי האָט געוווינט צו־זאַמען מיט אַ פריינדין. ביידע פרויען, די קראַנקע און איר פריינדין זענען געווען סימפּאַטישע, פרומע אַלטעטשקע, איינגעשרומפּענע, קליינטשיקע, מיט געלע, פאַרמעטענע פּנימלעך.

מיין פּאַציענטקע האָט זיך געקלאָגט אויף האַרצקלאַפּונג און ווייטיק אין דער ברוסט, זי האָט אויסגעזען צו זיין נערוועז און היסטעריש. זי האָט מיר געזאָגט, אַז דער עיקר ליידט זי דערפון, וואָס יעדן טאָג פּונקט 5 אַ זייגער נ. מ. ווערט איר ענג אין דער ברוסט און ס׳איז איר שווער צו שלונגען און צו אָטעמען.

— צי דאַכט זיך אייך נישט, אַז בא אייך אין האַלדז קאָ־ליערט זיך אַ באַלן? — האָב איך זי געפרעגט. איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז דער באַוווּסטער סימן פון היסטעריקע — globus histericus (היסטערישער באַלן — דעם קראַנקן דאַכט זיך, אַז אין האַלדז קאָליערט זיך אַ באַלן).

— אָ־, אָט, דאָס איז עס טאַקע, — האָט די קראַנקע גע־ענטפערט.

דאָס האַרץ, די לונגען — אַלץ איז אין אָרדנונג. איך האָב זי נאָכאַמאָל באַטראַכט, באַשלאָסן, אַז די קראַנקע האָט היסטערי־קע און פאַרשריבן אַ רעצעפּט.

— צי קען איך נישט אַמאָל נעמען און אָפּשטאַרבן? אַזוי פּלוצלינג? — האָט מיך צום לעצט געפרעגט די קראַנקע.

דערביי האָט זי מיר דערציילט, אַז זי האָט אַ ברודער, וועל־כער איז איר איינציקער געזעצלעכער יורש, ער איז אָבער אַ שיכור, אַ הולטיי און זי וואָלט גערן אָפּגעשריבן איר הייזל מיט אַלעם וואָס זי האָט דער פריינדין, מיט וועלכער זי וווינט צוזאַמען.

— פאַרוואָס זאָלט איר טאַקע נישט מאַכן קיין צוואה? — האָב איך איר דערויף געענטפערט — קיין געפאַר פון אייער קרענק דראָט אייך טאַקע נישט, נאָר מילא, וואָס מיט אַ מענטש קען גע־שען! גייט טאַקע אַריבער צום נאָטאַריוס און מאַכט צוואה.

— גערעכט, גערעכט, — האָט די אַלטע זיך פאַרטראַכט:— אַזוי ווי כ'וועל נאָר געזונט ווערן, גיי איך באַלד אַריין צו אַ נאָטאַריוס.

אונדזער געשפרעך איז פאָרגעקומען דריי אַ זייגער. אין צוויי שעה אַרום, פּונקט פינף נ. מ. קומט צו מיר צו לויפן די צווייטע אַלטעטשקע, דער קראַנקערס פריינדין, די אויגן געשוואָלן, דאָס גאַנצע פּנים באַגאָסן מיט טרערן. כ'בין קוים פון איר געוווירר גע־וואָרן, אַז איר פריינדין איז נאָכן מיטאָג אויפגעשטאַנען פון הינ־טערן טיש און געוואָלט אַריינגיין אין שלאָף־צימער אַריין זיך צו־לייגן נאָכן עסן, איז זי פּלוצלינג בלאַס געוואָרן, זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען, פון מויל האָט אַ גאָס געטון אַ שטראָם בלוט, זי איז אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד און געשטאָרבן.

— פאַרוואָס האָט איר נישט געזאָגט? פאַרוואָס האָט איר נישט געזאָגט? — האָט די פרוי געוויינט און געטענהט — פאַר־וואָס האָט איר נישט געזאָגט, אַז זי איז געפערלעך קראַנק, זי

וואָלט דאָך געמאַכט אַ צוואה! ווּ וועל איך מיך איצט אַהינטון, איר ברודער וועט דאָך מיך אַרויסטרייבן!

ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די געשטאָרבענע האָט געהאַט אַנעווריזם פון דער אאָרטע (פאַרברייטערונג פון דעם הויפּט-אָדער), נאָך יעדער מיטאָג איז צום הויפּט-אָדער צוגעפלאָסן אַ גרעסערער שטראָם בלוט, ביז דער אָדער האָט געפּלאַצט.

צו וואָס נוצט אָבער איצט מיין דיאַגנאָז? ווער דאַרף אים?

אין אַזעלכע פאַלן פלעג איך ווערן אַזוי אויפגערעגט, אַז אַ ווילדער כעס פלעגט מיך אָנכאַפּן, אַז איך פלעג שיער נישט וויינען פאַר כעס. וואָס פאַר אַ ווּיסנשאַפט איז עס, צו אַלדע שוואַרצע יאָר, אַז בשעת הכּושר לאָזט זיך מיך איבער אַ בלינדן, אַ הילפלאָזן, איך שטיי ווי אַ ליימענער גולם און ווייס נישט וואָס צו טון, — אָדער איך טרעף ווי אַ בלינד פערד אין גרוב אַריין?!

איך פלעג זייער אָפט האָבן ענלעכע פאַלן און שטענדיק פלעגט מיך אָנכאַפּן אַ ווילדער כעס אויף דער מעדיצין.

וואָס בין איך, אַ דאָקטאָר? אַ היילער פון קראַנקע? — איך ווייס אַפילו נישט אויף וואָס מיין פּאַציענט איז קראַנק! און פונוואַנען זאָל איך וויסן? אַז עס טרעפט זיך שוין אַ מאָל, און דער דיאַגנאָז איז שוין פאַר מיר קלאָר ווי דער טאָג, קומט די ווירקלעכקייט און ווייזט מיר, אַז איך בין אַ גאָרנישט, אַז איך ווייס גאָרנישט און קען גאָרנישט. זעלטן ווען איך טרעף עפּעס מיט ניסים, מערסטנטיילס אָבער שטיי איך און קנייטש מיט די פּלייצעס.

נאָר לאָמיר אָננעמען, אַז איך האָב שוין ריכטיק פעסטגעשטעלט די קרענק. גוט, איך ווייס שוין, וואָס מיין פּאַציענט פעלט.

איך וויל אים איצט היילן. וואָס פאַר אַ גאַראַנטיע האָב איך, אַז מיינע רפואות וועלן אים העלפן?

די וויסנשאַפט גאַראַנטירט מיר פאַר גאָרניסט, זי זאָגט נאָר, אַז מען האָט פעסטגעשטעלט, אַז דאָס און דאָס מיטל העלפט אין אַזאַ און אַזאַ פאַל, נאָר גאַראַנטירן, אַז אין יעדן פאַל העלפט דאָס מיטל — דאָס נישט. אַ חוץ דעם ווייסן מיר, אַז אַ סך מיטלען האַלט מען אַ צייט פאַר גוטע, צוועקמעסיקע רפואות, עס גייט אָבער אַדורך אַ צייט און די רפואות ווערן אָפּגערופן, מען וואַרפט זיי אַרויס פון דער מעדיצין אַלס אומניצלעכע אָדער שעדלע-כע. צוויי יאָר האָט געהערשט, למשל, קאָכס טובערקולין און דער-נאָך האָט ער געהאַט אַ מיאוסן סוף.

און דאָס איז נישט קיין צופאַל, קיין מיספאַרשטענדעניש: דער אָרגאַניזם פון אַ קראַנקן מענטש איז אַן אומגעהייער-פאַרוויקל-טער, אַ זייער-קאָמפּליצירטער מעכאַניזם, אין אים זענען פאַרהאַן טויזנטער פאַרשידענע ווירקונגען פאַר און קעגן דעם געזונט, אַן אַ צאָל פאַקטאָרן פאַרסמען דעם גוף, אָן אַ שיעור כוחות קעמפן מיט די שעדלעכע פאַקטאָרן; און איין קליינער טייל פון די אַלע אומציילבאַרע פאַקטאָרן איז די מעדיצין, וואָס מיר גיבן איין דעם קראַנקן אָרגאַניזם, אויב 999 פאַרשידענע ווירקונגען ראַנגלען זיך מיט די כוחות, וועלכע שאַפן די קראַנקהייט, איז אונדזער מעדיצין די טויזנטסטע ווירקונגס-קראַפט. וואָס פאַר אַ באַדייטונג קען זי האָבן און ווי אַזוי איז מעגלעך פעסטצושטעלן די באַדייטונג פון דער טויזנטסטער ווירקונג צווישן 999 אַנדערע?

ווען איך האָב געענדיקט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט, האָב איך געהאַט אַ בעוויסן זאַפּאַס קענטעניש. בשעת איך האָב מיך אָבער געפּרוּווט באַנוצן מיט זיי אין דער פּראַקטיק, בין איך דערשטוינט געוואָרן. מען רעקאָמענדירט איינצוגעבן דעם קראַנקן

סענעגע, כדי ס'זאָל אים לייכטער זיין אָפּצוהוסטן. איך האָב געפאָלגט און פאַרשריבן סענעגע, ווען מ'האָט געדאַרפט. איך האָב אָבער קיין איין מאָל נישט באַמערקט, אַז זי זאָל העלפן...

איך האָב געהייסן מאַכן אייזנבעדער, איינגעמען אייזן־רפואות, טרינקען אייזן־וואַסער, ווען מיין פּאַציענט האָט געהאַט אַנעמיע — איך בין אָבער קיינמאָל נישט געווען זיכער, אַז מיינע רפואות וועלן העלפן. ווען דער קראַנקער האָט זיך שוין אפילו אָנגעהויבן פאַרבעסערן אין געזונט, האָב איך אַליין נישט געגלייבט, אַז דאָס האָט געהאָלפן מיין אייזן.

אין אָנהייב האָב איך געמיינט, אַז יעדער וואָרט פון אונדזערע ביכער איז הייליק, אַז מ'טאָר נישט צווייפלען, נאָר גלייבן און טון וואָס מ'הייסט. איך האָב אָבער אויפגעהערט צו גלייבן, ווייל די פּראַקטיק האָט מיר באַוויזן, אַז נישט שטענדיק איז אמת, וואָס די ביכער לערנען אונדז, אַז מ'טאָר זיי אויפן וואָרט נישט גלייבן, אַז מען מעג צווייפלען, נאָכמער, מען מוז אפילו איבערטראַכטן, איבערלייגן זיך.

קעגן טובערקולאָז רעקאָמענדירט מען קרעאָזאָט, יעדער דאָקטאָר איז אָבער פולשטענדיק איבערצייגט, אַז קרעאָזאָט העלפט גאָרנישט דעם קראַנקן, ער שאָדט אים גאָר. בּאַ אַ בויך־טיפוס הייסט די מעדיצין נישט געבן דעם קראַנקן קיין עסן, דאָס איינציקע וואָס דער קראַנקער מעג נעמען איז ווייַן, מילך, בכלל שיטערס, — די פּראַקטיק באַווייזט אונדז אָבער, אַז די באַהויפּטונג איז נישט אמת, אַז אַ קראַנקער אויף אַ בויך־טיפוס מעג עסן, ער מוז עסן, אויב נישט שטאַרבט ער פון הונגער. די מעדיצין רעקאָמענדירט צו באַנוצן אַרשעניק בּאַ אַ סך הויט־קראַנקהייטן, בּאַ מאַלאַריע, אַנעמיע, אָבער ערשט נישט לאַנג האָט זיך באַוויזן אַן אַרזיקל אין אַ סאָלידער, באַוווסטער מעדיצינישע אויסגאַבע, וווּ ס'ווערט געזאָגט פאָלגנדעס:

„דאָס אינטערעסאַנטסטע אין דער געשיכטע פון אַרשעניק איז דאָס, וואָס אים האָבן צום מיינסטן ליב דאָקטוירים, מערדערס און פערד-גנבים... די דאָקטוירים וואָלטן שוין אָבער געמעגט פאַרשטיין, אַז ס'איז שוין לאַנג צייט אים אויסצומעקן פון דער מעדיצין און אויפהערן צו פאַרסמען מיט אים מענטשן"...

איך האָב אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו פאַרשטיין, אַז מען טאָר אין גאָרנישט גלייבן, אַז מען דאַרף אין אַלעמען צווייפלען, אַז יעדער זאַך מוז מען פריִער אַליין אויספּרווון.

אויב עס איז אָבער יאָ אַזוי, — צו וואָס טויג-זשע דאָס לערנען אין אוניווערסיטעט? צו וואָס דאַרף מען „שטודירן מעדיצין"? אויב אַזוי, זענען דאָך געגאַנגען לאיבוד די טויזנט-יעריקע פּראַקטישע באַאָבאַכטונגען פון דער מצדיצינישער וויסנשאַפט...

איין יונגער דאָקטאָר האָט געפרעגט באַם וועלט-באַרימטן ענגלישן פּראָפעסאָר סידענגאַם, וואָס פאַר אַ ביכער ער זאָל לייענען, כדי ער זאָל ווערן אַ גוטער דאָקטאָר.

— לייענט „דאָן קיכאָט" — האָט אים סידענגאַם געענטפערט: — דאָס איז אַ וווּיל בוך, איך לייען עס עד היום מיטן גרעסטן פאַרגעניגן.

עס איז דאָך שרעקלעך! קיין שום טראַדיציע? קיין שום ירושה פון די הונדערטער דורות דאָקטוירים. אַלץ, אַלץ אַליין? אַלץ אויף אייגענער אחריות? יעדער פאַר זיך? — עס איז דאָך שווידערלעך!

איצט איז אויך נישט בעסער, כאָטש פון יענער צייט, ווען סידענגאַם האָט דעם יונגן דאָקטאָר רעקאָמענדירט „דאָן קיכאָט" אַלס דאָס בעסטע מעדיצינישע ווערק, איז אַריבער כמעט דריי הונדערטער יאָר. איצט זענען אויך די בעסטע לערערס פאַר יונגע און אַלטע דאָק-

טוירים סערוואַנטעס, שעקספּיר און טאָלסטאָי, וועלכע האָבן צו דער מעדיצין קיין שום שייכות נישט!

פון דעם אַלעם איז קלאָר, אַז איך טאָר קיינעם נישט גלייבן נאָר זיך אַליין. נאָר מיין דערפאַרונג איז פאַר מיר מאַסגעבנד. אפשר איז אָבער מיין אייגענע דערפאַרונג אויך אַן אָפּנאַרעכץ? אפשר דאַכט זיך מיר נאָר? אפשר נאַר איך מיך אַליין? פונוואַנען קען איך וויסן, אַז ס'איז נישט אַזוי? ווי אַזוי קען איך זיכער זיין, אַז מיין דערפאַרונג פאַרפירט מיך נישט? צבשפּ. איך האָב אויסגעפּרוווט אַ מיטל אויף אַ קראַנקן און ס'האָט געווירקט; צי קען איך דען זיכער זיין, אַז דאָס מיטל וועט שטענדיק ווירקן? איך ווייס דאָך נישט ווי אַזוי און פאַרוואָס עס האָט געווירקט, און ווי לאַנג איך ווייס נישט דאָס דאָזיקע, קען איך קיינמאָל נישט זיין אינגאַנצן זיכער!

דאָס אַלץ איז שרעקלעך. אין דער מעדיצין זענען שוין אָבער פאַרהאַן אַזעלכע געביטן, ווו איך שטיי פעסט, ווו איך קען אַרבעטן לויט אַ שאַבלאָן, ווו דער באָדן גליטשט זיך מיר נישט אַפּער פון אונטער די פיס, — דאָס איז דער פינקטלעכער, דער זיכערער וועג פון דער וויסנשאַפט. איך מאַך אַן אָפּעראַציע אויף אַ בויך, דער קראַנקער קען לייכט באַקומען גאַנגרענע, — איך לאַך אָבער דערפון, איך האָב קעגן דער שרעקלעכער געפאַר זיכערע מיטלען; איך קאָך איבער די אינסטרומענטן, דיזענפעקציאָניר די הענט און איך ווייס, אַז די געפאַר מוז פאַרשווינדן. אַ קורצזיכטיקן מוזן העלפן ברילן. אַן אויסגעלענקט אבר מוז צוריק אַריין אויפן ריכטיקן אָרט, אויב איך וועל מאַכן געוויסע מאַניפּולאַציעס. אויף דעם געביט מוז מען לייענען עפּעס אַנדערש, דאָ העלפט שוין נישט „דאָן קיכאָט“.

ווען איך קוק מיך בענטער צו, זע איך, אַז די מעדיצין האָט אַ הערלעכע צוקונפט. פון דעם, וואָס זי האָט שוין דעראָבערט,

זעט מען באַשיינפּערלעך, אַז אין דער צוקונפט וועט אַנטפּלעקט ווערן דער גאַנצער מענטשלעכער אָרגאַניזם מיט אַלע אינדיווי־דועלע אייגנשאַפטן פון יעדן מענטש באַזונדער און אַז די ווירקונג פון יעדער מיטל וועט פולקאָם פאַרשטאַנען ווערן.

ווי ווייט איז אָבער נאָך צו יענער גליקלעכער צייט!...

און מיר קומט אין קאָפּ אַריין אַ געדאַנק, אַז איצט טאָר מען קיין מענטש נישט היילן, אַז ווי לאַנג די גליקלעכע צייט איז נאָך נישט געקומען, אַזוי לאַנג טאָר מען זיך מיט קיין פּראַקטישער מעדיצין נישט פאַרנעמען.

צוואָס טויג אָפּצונאַרן די געזעלשאַפט, וועלכע מיינט, אַז מיר האָבן אַ „מעדיצינישע וויסנשאַפט“? זאָלן זיך מיט „פּראַקטישער מעדיצין“ פאַרנעמען האָמעאָפּאַטן און אַנדערע חכמים, וועלכע ווילן דעם גאַנצן מענטשלעכן אָרגאַניזם מיט זיינע אַלע נאָרמאַלע און פּאַטאָלאָגישע פּראָצעסן אַריינפּאַסן אין צוויי־דריי דאָגמאַטישע פאָרמולן. מיר דאַרפן האָבן נאָר איין אויפגאַבע, אַרבעטן פאַר דער צוקונפט, העלפן בויען די צוקונפטיקע פולשטענדיקע מע־דיצין.

דערווייל מוזן מיר איבערחזרן די ווערטער, וועלכע עס האָט מיט הונדערטער יאָרן צוריק געזאָגט דער אַראַבישער געלערטער אַוועראָעס: „אַן ערלעכער מענטש קען נאָר האָבן פאַרגעניגן פון דער מעדיצינישער טעאָריע, אָבער פאַרנעמען זיך מיט מע־דיצינישער פּראַקטיק וועט ער זיך קיינמאָל נישט, ווייל דערויף וואָלט אים נישט דערלויבט זיין געוויסן“.

שטענדיק, ווען איך פלעג ווערן זייער פאַרצווייפלט, שטענ־דיק, ווען עס פלעגט זיך מיט מיר טרעפן אַ פאַל, וועלכער האָט מיר צוגענומען דעם מוט, פלעג איך מיך אָנכאַפּן אָן אַוועראָעס ווערטער, כאָטש טיף אין האַרץ האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען נאַריש, ווייל עס איז גלייכער כאָטש עטוואָס צו טון פאַר

די קראַנקע מענטשן, איידער גאָרנישט, איידער איבערגעבן זיי אין די הענט פון די פאַרשידענע האָמעאָפּאַטן, קונצן־מאַכערס און מכשפים.

פונדעסטוועגן, כאָטש איך פלעג דאָס פילן און פאַרשטיין, פלעג איך מיך שטענדיק אייניוויגן מיטן געדאַנק, אַז די מעדיצין קען דערווייל נישט באַנוצט ווערן אין לעבן, ווייל איך אַליין האָב פון מיר געוואָלט אָוועקטרייבן אַז אַנדערן געדאַנק, וועלכער איז פאַר מיר פאַרזענלעך זייער שרעקלעך געווען, נעמלעך, אַז איך טויג נישט פאַר קיין דאָקטאָר, אַז איך האָב מיר אויסגעוויילט אַ שלעכטע פּראָפעסיע, אַז איך האָב אָנגעהויבן שטודירן מעדיצין, נישט ווייסנדיק פאָרויס, וואָס עס הייסט — זיין אַ דאָקטאָר.

איך האָב נישט געוווּסט אָט וואָס, אַז באַם איצטיקן צושטאַנד פון דער וויסנשאַפט איז מעדיצין נישט קיין וויסנשאַפט נאָר אַ קונסט. אַ קונסט קען מען נישט אויסלערנען, אַ קונסט מוז מען פילן, טראָגן אינעווייניק אין זיך: אַ קינסטלער קען מען נישט ווערן, מען מוז זיין געבוירן דערצו.

איך בין עס נישט, איך בין נישט געבוירן דערצו, דאָס זע איך, דאָס פיל איך. איך האָב די פּרוּוו מיטן אַנעווריזם באַטראַכט געוויסנהאַפט, ווי עס פאָדערט די מעדיצין און אויפן סמך פון דעם געשטעלט אַ דיאַגנאָז, איך האָב אָבער געהאַט אַ גראָבן טעות און די קראַנקע איז געשטאָרבן. וואָלט אויף מיין אָרט געווען אַן אמתער דאָקטאָר, וואָלט ער קיין טעות נישט געהאַט, ער וואָלט געשטעלט אַ ריכטיקן דיאַגנאָז און אפשר געראַטעוועט די קראַנקע, — ער וואָלט מיט זיין איינגעבוירענער דערפינדלעכקייט אויפגעטון דאָס, וואָס איך קען נישט אויפטון, ער וואָלט דערפילט דאָס, וואָס איך בין נישט בכוח צו דערזען. אַזאַ אמתער דאָקטאָר קען נאָר זיין אַ מענטש מיט טאַלאַנט פּונקט ווי אַ דיכטער, אַ מוזיקער, אָדער אַ מאָלער.

איך בין אָבער אַרייַנגעטרעטן אין מעדיצינישן פֿאַקולטעט. מיט דער מיינונג, אַז מעדיצין קען מען זיך אויסלערנען, פּונקט ווי מען קען זיך אויסלערנען אַ פֿאַך אָדער אַן אַנדערע פּראַקטישע וויסנשאַפֿט, צבשפּ. כעמישן אַנאַליז. איך האָב געמיינט, אַז מען קען זיך אויסלערנען זיין אַ דאָקטאָר, מען דאַרף נאָר האָבן דערצו: געוויסן סכום קענטענישן און אַ געהעריקע אינטעליגענץ...

דאָס וועט טאַקע אַזוי זיין, נאָר ערשט דעמאָלס, ווען די מעדיצין וועט ווערן אַ וויסנשאַפֿט, — אַ פֿולשטענדיקע, אַ פּינקטלעכע, דאַן וועט יעדער מענטש קענען ווערן אַ דאָקטאָר. איצט אָבער איז אַזוי מעגלעך „זיך אויסצולערנען" זיין אַ דאָקטאָר, פּונקט ווי עס איז מעגלעך אויסצולערנען זיך צו זיין אַ פּאָעט אָדער אַן אַרטיסט.

פֿאַרוואָס האָב איך אָבער דאָס אַלץ נישט געוווּסט, איידער איך בין אַריין אין אוניווערסיטעט? פֿאַרוואָס־זשע האָט מען עס מיר נישט דערקלערט שפּעטער, אין אוניווערסיטעט? פֿאַרוואָס האָט מען מיר בכלל נישט דערקלערט, וואָס מיך דערוואַרט אין דער צוקונפֿט?...

ווי איינפֿאַך דאָס אַלץ איז געשען! מיר האָבן פֿאַרגעשטעלט אונדזערע אַטעסטאַטן, מען האָט אונדז אָנגענומען אין מעדיצינישן פֿאַקולטעט, די פּראָפֿעסאָרן האָבן אָנגעהויבן לייענען לעקציעס און מ׳[illegible]ן גייט פֿון אונדז „מאַכן" דאָקטוירים...

קיינער האָט אויף זיך נישט גענומען די מי אונדז צו דערקלערן, וואָס עס דערוואַרט אונדז אין דער צוקונפֿט. אונדז אַליין האָט עס אויסגעזען אַזוי איינפֿאַך, אונדזער צוקונפֿט אַזוי קלאָר, אונדזער טעטיקייט אַזוי פּשוט; מען באַטראַכט דעם קראַנקן, מען זאָגט, אַז ער איז קראַנק אויף דעם און דעם און מען פֿאַרשרייבט אַ פּאַסנדן רעצעפּט, — פֿאַרטיק. איצט האָב איך ערשט דערזען, אַז

ס איז נישט אַזוי איינפאַך; כדי דאָס צו דערזען האָב איך אָבער באַדאַרפט באַגראָבן זיבן יונגע יאָר אומזיסט-אומנישט...

איך בין אינגאַנצן געפאַלן פון מוט. איך האָב געהיילט, באַטראַכט, אָפּערירט, פאַרשריבן רעצעפּטן, אויפגעוינומען קראַנקע, בכלל געטון אַלץ, וואָס אַ דאָקטאָר דאַרף טון, נאָר טיף אין האַרץ האָב איך געלאַכט פון די מענטשן, וועלכע האָבן זיך צו מיר געווענדט נאָך מעדיצינישער הילף: זיי זענען אַזוי נאַיוו און מיינען, אַז דער וואָס האָט געענדיקט אַ מעדיצינישן פאַקולטעט, איז אַ דאָקטאָר, זיי ווייסן גאָרנישט, די נאַראָנים, אַז דאָקטוירים איז דאָ פּונקט אַזוי פיל אויף דער וועלט, וויפיל פּאָעטן. איך האָב מיך דעריבער געשלאָגן מיט דער דעה: צי זאָל איך מיך נעמען צו אַן אַנדערער מלאכה, צי זאָל איך בלייבן אַ ליגנער, אַ שווינדלער.

די פאַרצווייפלטע לאַגע האָט באַ מיר געדויערט צוויי יאָר. דערנאָך בין איך אָפּגעקילט געוואָרן.

איך האָב נעטראַכט; אמת, די וויסנשאַפט גיט מיר נישט אַזוי פיל, וויפיל איך האָב פון איר דערוואַרט, אמת, איך בין נישט קיין טאַלאַנט, נאָר נוצן קען איך פאָרט ברענגען. איך ווייס דאָך פאָרט עפּעס און אויך די מעדיצין האָט דאָך שוין באַהערשט גרויסע געביטן, וווּ איך אפילו קען עפּעס אויפטון. ווען די געזעלשאַפט זאָל נישט האָבן אַזעלכע ווי איך, וואָלט זייער שלעכט געווען: קראַנקע זענען פאַרהאַן מיליאָנען און פאַר זייערטוועגן דאַרף מען האָבן צענדליקער טויזנטער דאָקטוירים. צי קענען אַלע זיין מעדיצינישע בעטהאָווענס און טאָלסטאָיס?

הכלל, מיר פּשוטע, איינפאַכע בעל-מלאכות קענען אויך צונוץ קומען, מיר דאַרפן נאָר שטרענג אָפּהיטן דאָס געזעץ: „primum non nocere" — נאָר נישט ברענגען קיין שאָדן, מען דאַרף געדענקען שטענדיק, אַז אין דער מעדיצין איז קיין שאַבלאָן נישטאָ, אַז יעדן קראַנקן מוז מען באַטראַכטן ווי אַ ניי־

דערשיינונג, יעדע קרענק מוז מען אינדיווידואַליזירן, מ'דאַרף שווער־
אַרבעטן, זוכן, קיינמאָל זיך נישט באַרויקן, אין אַלעם צווייפלען
און קיינעם נישט גלייבן, און אויב איך טו אַזוי, האָב איך דאָס
רעכט צו בלייבן אַ דאָקטאָר, כאָטש איך בין נישט קיין טאַ־
לאַנט.

*

אין יענער צייט, ווען איך בין שטאַרק אַנטוישט געווען פון די פּראַקטישע נוצן פון דער מעדעצין, האָב איך מיט גרויס חשק אָנגעהויבן פאַרטיפן זיך אין דעם געביט פון ריינער וויסנשאַפט. די טעאָרעטישע מעדיצין האָט מיר פאַרשאַפט דאָס גרעסטע פאַרגעניגן: איך בין דאָ געגאַנגען אויף אַ פעסטן, פּינקטלעך־אויסגעמאָסטענעם וועג מיט אָפענע אויגן אין פולקאָמער זיכערקייט. אין דעם געביט, אין וועלכן איך האָב מיך איצט פאַרטיפט, האָבן געהערשט די שטרענגע וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן, פון וועלכע עס האָט נישט געוואָלט וויסן די פּראַקטישע מעדיצין. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז גלייכער צוצולייגן איין קליין שטיינדעלע צום גרויסן, הערלעכן בנין פון דער צוקונפטיקער מעדיצין, איידער בלאָנדזשען אין דער פינסטערניש, פאַרנעמענדיק זיך מיט פּראַקטישער מעדיצין.

אין יענער צייט האָב איך געאַרבעט מיט גרויס חשק. איך בין געזעסן גאַנצע טעג און נעכט איבער די ביכער, אַ חוץ דעם האָב איך געמאַכט עקספּערימענטן איבער חיות. צווישן אַנדערן האָב איך אויסגעפאָרשט די באַדייטונג פון דער גאַל פאַרן מענטש-

לעכן אָרגאַניזם, וואָס פאַר אַ ווירקונג זי האָט אויף פאַרשידענע אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן.

איך האָב מיר געקויפט צוויי מאַלפּעלעך און באַשלאָסן אויף זיי צו מאַכן עקספּערימענטן וועגן דער באַדייטונג פון דער גאַל. איך האָב באַ זיי געדאַרפט אויסשניידן די גאַל און דערנאָך איינפלאַנצן טיפוס. איידער וואָס, איידער ווען, זענען דערווייל די מאַלפּעלעך אָפּגעווען באַ אונדז אין לאַבאָראַטאָריע דריי וואָכן צייט.

איך פלעג אָפט אַריינקומען צו זיי און פלעג זיי מכבד זיין מיט צוקער, און צווישן אונדז, ד. ה. צווישן מיר און די מאַל־פּעלעך, איז אַנטשטאַנען אַ מין ליבשאַפט. מיר האָבן כמעט אָנגע־הויבן צו פאַרשטיין איינס דאָס אַנדערע.

בשעת איך פלעג נאָר אַריינקומען אין שטוב אַריין, ווו זייער שטייג איז געשטאַנען, פלעגן זיי מיך באַלד מקבל פנים זיין מיט פרייל֞עכע אויסגעשרייען. איך האָב זיי איינגעטיילט די פאַר־ציע צוקער און אַרויסגעלאָזט פון שטייג.

די צוויי מאַלפּעלעך זענען געווען אַ זכר און אַ נקבה. דער זכר האָט באַלד געוווּנען אונדזער אַלעמענס סימפּאַטיע, מיר האָבן אים אַפילו אַ נאָמען געגעבן — סטיאָפּקאַ. ער איז געווען זייער אַ דרייסטער, פאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט, זי איז געווען פאַרקערט זייער אַ שרעקעוודיקע, באַ אַ מינדסטן גערודער פלעג זי מאַכן פליטה אין שטייג אַריין און זיך באַהאַלטן דאָרט אין אַ ווינקעלע.

סטיאָפּקאַ פלעגט אַרויפקריכן צו מיר אויף די קני, שפּילן זיך מיטן קייטעלע פונם זייגערל, מיט די ברילן, אָננעמען מיך באַ דער באָרד מיט די דינע פינגערלעך, אַריינשטעקן אין בוזעם־קע־שענע זיין הענטעלע און אַלץ אַרויסנעמען פון דאָרט.

איך האָב דעם פריילעכן סטיאָפּקאַ מיטן ברוינעם קאָמיש,

פנימל אזוי ליב באקומען, אז איך האָב אים אליין גיט געקענט אויסשניידן די גאַל, די אָפּעראַציע האָט פאַר מיר געמאַכט אַן אַנדערער דאָקטאָר. ווען סטיאָפּקאַ איז נאָך דער אָפּעראַציע געזונט געוואָרן, האָב איך אים איינגעפלאַנצט טיפוס.

איצט איז ער מיר שוין נישט אַקעגן געלאָפן, ווען איך בין אַריינגעקומען אין דער לאַבאָראַטאָריע אַריין. מיט פאַרגלייזטע אויגן און אויסגעשטשירעטע ציין איז ער געלעגן אין דער שטייג און געקרעכצט. דאָס קרעכצן איז געווען כמעט ווי פון אַ מענטש און בכלל האָט זיין אויסגעמאָגערט פּנימל אויסגעזען ווי אַ מענטשלעכס. אין האַרץ האָט זיך בא מיר גערירט אַ רחמנות-געפיל און עפּעס ענלעכס צו געוויסנסביסן.

צי וואָלט דעןווירקלעך גרעסער געווען מיין פאַרברעכן, ווען איך טו דאָס דאָזיקע מיט אַ מענטשלעך קינד?...

אין אַ וואָך אַרום איז דאָס מאַלפּעלע געשטאָרבן. איך האָב ווידער אַ טראַכט געטון, אַז עס איז נישט זייער קיין גרויסער חילוק צווישן דערהרגענען אַ מענטשלעך קינד אָדער אַן אַנדער לעבעדיק באַשעפעניש...

דאָס איז נישט קיין נאַרישער געדאַנק און נישט קיין לעכערלעך געפיל! איר וועט אפשר זאָגן, אַז צווישן אַ מענטש און סטיאָפּקאַן איז אַ גרויסער חילוק און אַז איבער אַ מענטש מאַכן עקספּערימענטן טאָר מען נישט און איבער סטיאָפּקען מעג מען?

דאָס זעלבע וואָלט אָבער מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק געזאָגט אַ רוימישער פּאַטריציוס וועגן זיין קנעכט, ער וואָלט אייך געפּרוּווט אויפווייזן מיט אותות ומופתים, אַז אַ פרייער בירגער איז גאָר עפּעס אַנדערש און אַז אַ קנעכט איז אַ באַשעפעניש פון אַ נידעריקער מדרגה און זיין פליישׂ מעג מען אפילו וואַרפן פאַר די חיות.

דעקאַרט האָט ערנסט געמיינט, אַז חיות האָבן קיין נשמה נישט. ער האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף אויטאָמאַטן, מאַשינען, וועלכע פילן גאָרנישט און פאַרשטייען גאָרנישט. מאַלבראַנש האָט געזאָגט, אַז „חיות עסן אָן האָבן דערפון קיין הנאה נישט, זיי שרייען און פילן קיין ווייטיק נישט, זיי פאַרלאַנגען גאָרנישט און ווייסן גאָרנישט". צי קענען דען מיר, טראַנספאָרמיסטן, גלייבן אין אַזעלכע נאַרישקייטן, מיר, דאַרווינס שילער, וועלכע ווייסן, אַז פון דער חיה ביזן מענטש איז גאָר אַ קליינער חילוק? אַ חוץ דעם צי זעט מען דען נישט פון די טאָג־טעגלעכע באַאָבאַכטונגען, אַז אונדזערע היימישע חיות — אַ הונט, אַ קאַץ — לעבן איבער דאָס זעלבע וואָס מיר, אַז זיי האָבן די זעלבע געפילן, דעם זעלבן פאַרשטאַנד נאָר אין אַ קלענערער מאָס?

איז עס ווידער יאָ אַזוי, איז טאַקע באמת נישטאָ קיין גרויסער חילוק צווישן מענטשן און חיות, זענען דאָך די געוויסנסביסן און דער רחמנות צו זיי נישט אַזוי לעכערלעך, איז דאָך נישט אַזאַ גרויסער חילוק צווישן קוועלן און דערהרגענען אַ חיה ביזן טון דאָס זעלבע מיט אַ מענטש?

ווען איך זע טאַקע, ווי מען מוטשעט לעבעדיקע באַשעפענישן אין די לאַבאָראַטאָריעס, פיל איך געוויסנביסן, וועלכע קוועלן מיך פונקט אַזוי, ווי ווען איך וואָלט געזען, ווי מען טוט דאָס זעלבע מיט מענטשן.

איך האָב אַ חבר אַ כירורג, שטודירט ער די פראַגע וועגן וווּנדן אין בויך, צי איז גלייכער תיכּף צו מאַכן די אָפּעראַציע אָדער צוּוואַרטן. ער נעמט דעריבער הינט און בינדט זיי צו צו אַ ברעט און שיסט זיי אין בויך אַריין. טייל פון די פאַרוווּנדעטע הינט אָפּערירט ער באַלד, די איבעריקע אָפּערירט ער אין אַ צייט אַרום.

בשעת איך קום צו אים אַריין און הער די יללות פון די־ הינט, זע זייערע יסורים, קוק אָן זייערע פנימער, וועלכע האָבן דורך די ליידן באַקומען כמעט אַן איידעלן אויסזען, זייערע אויגן, וועלכע זען אויס ווי מענטשלעכע צוליב די יסורים, האָב איך אַזאַ רחמנות אויף די געקוועלטע, אָרעמע באַשעפענישן, אַז איך שעם מיך אויף זיי צו קוקן און איך אַנטלויף פון דער קליניק ווי פון אַ גיהנום. אין אַזעלכע מינוטן קומען מיר אויפן זין פּיראָגאָווס ווערטער:

„אין די יונגע יאָרן בין איך געווען אַן אַכזר. מיך האָבן נישט געאַרט די ליידן פון די באַשעפענישן, וועלכע מען ברענגט אַ קרבן פאַר דער וויסנשאַפט. איינמאָל שטיי איך מיט אַ מעסער אין דער האַנט און טרייבער אַ חיה. פלוצלינג דריי איך מיך אוים צום חבר, וועלכער איז דערביי געשטאַנען און פרעג אים:

— אמת, מיר זענען מערדער? מ׳ווערט אַזוי צוגעוווינט צום לעבעדיקן בלוט, אַז ס׳וואָלט נישט געשאַדט אַ מענטש אויך צו דערהרגענען?

מיין פריינד האָט נישט געוווסט וואָס מיר צו ענטפערן. איך האָב אָבער בשעת מעשה געטראַכט, אַז כאָטש מיר טון די אכזריות־דיקייטן פאַר דער וויסנשאַפט, איז עס פאָרט אַ מערדעריי...

איצט, ווען איך בין שוין אויף דער עלטער, דערמאַן איך מיך ווענן די מערדערייען, וועלכע איך בין באַגאַנגען אין דער יוגנט און עס טוט מיר ווייי דאָס האַרץ. און נישט נאַר איך פיל דאָס דאַזיקע אַזוי שטאַרק, האַלער האָט אויך אויף דער עלטער געזאָגט, אַז ער וואָלט שוין נישט געקענט מאַכן די זעלבע עקס־פערימענטן איבער לעבעדיקע באַשעפענישן. וועלכע ער האָט גע־מאַכט אין די יונגע יאָרן.“

וואָס טוט מען פאָרט? וואָס זאָל טון די מעדיצין? אויף־

ענטשן טאָר מען קיין עקספּערימענטן נישט מאַכן, אויף חיות אויך נישט, — וואָס-זשע דען? ווי אַזוי-זשע וועט די מעדיצין ווערן אַ וויסנשאַפט?

מען מוז דערשטיקן אין זיך דאָס רחמנות-געפיל, די געוויסנ-ביסן און ווייטער עקספּערימענטירן, ווייטער מאַכן וויוויסעקציעס אויף לעבעדיקע באַשעפענישן, ווען נישט איז אונדזער וויסנשאַפט פאַראורטיילט אויף אונטערגאַנג.

אין מערב-אייראָפּע פירט מען שוין צענדליקער יאָרן אַ שטאַרקע אַגיטאַציע קעגן די וויוויסעקציעס, די אַגיטאַציע האָט לעצטנס באַקומען איר אויסדרוק אין פּראָקלאַמאַציעס, מאַניפעס-טאַציעס, ריידעס, צייטונגס-אַרטיקלען א. ד. גל. די פריידיקער קעגן די וויוויסעקציעס זאָגן, אַז די וויוויסעקציעס זענען נישט נייטיק פאַר דער מעדיצין.

ווער זענען עס די מענטשן, וועלכע גייען קעמפן קעגן די וויוויסעקציעס? ווער זענען עס די, וועלכע באַהויפּטן, אַז די מע-דיצין נייטיקט זיך נישט אין עקספּערימענטן איבער חיות?

אין דער גרעסטער טייל זענען עס אַריסטאָקראַטישע דאַמען, גלחים און סתם בירגער, און די דאָזיקע מענטשן גייען אויפווייזן די גרעסטע מעדיצינישע געלערטע, די גדולים, וועלכע האָבן די וויסנשאַפט אויף זייערע פּלייצעס אַרויסגעטראָגן, אַז זיי ווייסן בעסער, וואָס פאַר דער מעדיצין איז נייטיק און וואָס נישט! זיי גייען לער-נען ווירכאָוון, פּאַסטערן, קאָכן?

עס איז דאָך אַן אומזין, אַ משוגעת!

איינער פון די אַנטי-וויוויסעקציאָניסטן (קעגנער פון די ווי-וויסעקציעס) אַ געוויסער לאַוסאָן-טעט, דער הויפּט-העלד זייערער, שרייבט קעגן די וויוויסעקציעס אַזעלכע מאמרים, וועלכע זענען פון אָנהייב ביזן סוף אויסגעטראַכט:

„ס'איז אַ ליגנט, אַז הארווי האָט אַנטדעקט דאָס געזעץ פון דער בלוט-צירקולירונג דורך וויוויסעקציעס, ער האָט דאָס געזעץ אַנטדעקט גאָר דורך באַאָבאַכטונגען אויף טויטע קערפּערס. . .״ „ס'איז אַ ליגנט, אַז קאָך האָט אַנטדעקט זיין מיטל קעגן שווינד-זיכט דורך וויוויסעקציעס. . .״ א. ז. וו. א. ז. וו. סאַמע שקרים, סאַמע אויסגעטראַכטע זאַכן, וועלכע שטימען נישט לחלוטין מיט דער ווירקלעכקייט.

די וויוויסעקציעס זענען אומבאַדינגט נייטיק פאַר דער מעדיצין. עס קען גאָר קיין רייד נישט זיין וועגן דעם, אַז די עקספּערימענטן איבער חיות זאָלן פאַרבאָטן ווערן. די וויווי-סעקציעס קענען כאָטש אין אַ געוויסער מאָס גאַראַנטירן, אַז מיט אַ נייער רפואה וועט מען דעם מענטש נישט אָפּסמען, אַז דער כירורג וועט מאַכן זיין ערשטע אָפּעראַציע אויף אַ מענטש כאָטש עטוואָס דערפאַרן. דאָס קען מען זען פון די פריערדיקע קאַפּיט-לען פון דעם דאָזיקן בוך.

נאָך וויכטיקער איז דאָס, וואָס אָן די וויוויסעקציעס האָבן מיר נישט די מעגלעכקייט צו שטודירן דעם לעבעדיקן אָרגאַניזם וואָס פאַר אַ געביט פון דער פיזיאָלאָגיע אָדער פּאַטאָלאָגיע מיר זאָלן נישט אָנכאַפּן, איז עס באַלויכטן געוואָרן, אָדער אינגאַנצן פון אָנהייב ביזן סוף אויסגעשטודירט געוואָרן דורך עקספּערימענטן איבער חיות.

אין יאָר 1883 האָט זיך די פּרייסישע רעגירונג, אונטער דער ווירקונג פון די אַנטיוויוויסעקציאָניסטן, געווענדט צו די מע-דיצינישע פאַקולטעטן מיט אַן אָנפראַגע וועגן דער נייטיקייט פון די וויוויסעקציעס פאַר דער וויסנשאַפט. אַן אָנגעזעענער דייטשער פיזיאָלאָג האָט אָנשטאָט אַן ענטפער אויף דער אָנפראַגע צוגעשיקט דעם בילדונגס-מיניסטער פּראָפ. הערמאַנס „פיזיאָלאָגיע״, וו ער האָט

אויסגעשטראָכן אַלע פאַקטן, וועלכע זענען אַנטדעקט געוואָרן אַ דאַנק די וויוויסעקציעס. דערויף האָט די דייטשע פרעסע געשריבן, אַז „הערמאַנס בוך, וועלכעס דער פיזיאָלאָג האָט געשיקט דעם מיניסטער, האָט אויסגעזען ווי אַ רוסישע צייטונג, וועלכע איז דורכגעגאַנגען דורך דער צענזור: עס איז מער געווען אויסגעשטראָכן, ווי עס איז איבערגעבליבן".

אָן וויוויסעקציעס איז אוממעגלעך גרינטלעך צו דערלערנען דעם מענטשלעכן אָרגאַניזם, אָן דעם איז ווידער אונדזער גאַנצע מעדיצין אַן אומזין. די מאַסע ווייסט אָבער נישט דערפון, די האַלב-אינטעליגענטע סקעפּטיקער ווילן דערפון נישט וויסן.

אין יאָר 1895 האָט דער באַוווסטער פיזיאָלאָג פראָפ. פּאַוולאָוו דעמאָנסטריט אין אַ פּעטערבורגער מעדיצינישער געזעלשאַפט אַ הונט מיט איבערגעשניטענע בלאָנדזשענדיקע נערוון, אַ דאַנק דעם עקספּערימענט איז אים געלונגען צו לעזן זייער וויכטיקע מעדיצינישע פראַגן. דאָס האָט אָבער נישט געקענט פאַרשטיין די מאַסע און דער פעליעטאָניסט פון „נאָוואָיע ווךעמיאַ" באַפאַלט דעם עקספּערימענטאַטאָר מיט פאָלגנדע ווערטער.

וועד דאַרף איבערשניידן בלאָנדזשענדיקע נערוון? צוואָס נוצט אַזאַ פּרווו? צי קען זיך גאָר טרעפן אַזאַ זאַך אין לעבן? וואָס פאַר אַ משוגעת איז עס איבערצושניידן נערוון בײַ אַ לעבעדיק באַשעפעניש?

דאָס איז איינער פון די טרויעריקסטע פאַקטן פון דעם וויוויסעקציאָניזם... דאָס איז, ווי רופט מען עס, וויסנשאַפט לשם וויסנשאַפט...

מען ווערט אויפגערעגט, ווען מען דערמאַנט זיך, אַז פון איין זייט מאַכן די ה' ה' דאָקטוירים עקספּערימענטן

מיט איבערגעשניטענע נערוון און אַנדערע פּאַקוסן אי־
בער לעבעדיקע באַשעפענישן און פון דער צווייטער זייט
שטאַרבן מענטשן פון אַ פּשוטער פאַרקילונג...
די טרויעריקע נאַרישקייט פון אונדזערע חיות־שניידערס,
זייער אכזריותדיקייט רעגט אויף יעדן פילנדיקן מענטש,
מען טאָר אַזעלכע פּאַקטן מער נישט טאָלערירן.

דאָס איז די לאָגיק פון דער מאַכע! צוואָס דאַרף מען
שטודירן, מאַכן עקספּערימענטן, דערלערנען אַלע איינצלהייטן
פונם אָרגאַניזם, אַז מען קען נישט אויסהיילן אַ „פּשוטע פאַרקי־
לונג"? (וועלכע איז אגב נישט אַזוי פּשוט). „דאָס איז וויסנשאַפט
לשם וויסנשאַפט"...

וויסנשאַפט ברענגט נוצן נאָר דאַן, ווען זי ווערט נישט רע־
גולירט און פאַרבונדן מיט די אוממיטלבאַרע נוצן, וואָס זי דאַרף
ברענגען. די עלעקטריק וואָלט אונדז קיין שום נוצן נישט גע־
ברענגט, מיר וואָלטן עד היום נישט געהאַט קיין עלעקטראָ־מאָ־
טאָרן, קיין טעלעגראַף, קיין טעלעפאָן, ווען גריי, האַלוואַני, פאַראַ־
דיי זאָלן זיך נישט פאַרנעמען מיט „וויסנשאַפט לשם וויסנשאַפט".
ווען דער באַרימטער כעמיקער שעווריעל זאָל זיך נישט פאַרנעמען
מיט „וויסנשאַפט לשם וויסנשאַפט", וואָלטן מיר איצט נישט געהאַט
קיין פאַבריק פון סטעאַרין־ליכט.

מען מוז אָבער באַמערקן, אַז נישט אַלע קעגנער פון וויווי־
סעקציעס פריידיקן אַזוי עם־הארציש. אייניקע פון זיי שטעלן די
פראַגע אויף אַ פּרינציפּיעלן באָדן.

דער ענגלישער אַנטיוויוויסעקציאָניסט הענרי סאָלט, דער
אויטאָר פונם ווערק „די רעכט פון חיות און זייער באַציונג צום
סאָציאַלן פּראָגרעס" שרייבט:

„און אַז די וויוויסעקציעס זענען אומבאַדינגט נייטיק פאַרן

פראַגרעס פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, וואָס-זשע איז דער-פון געדרונגען? אַז די וויוויסעקציעס זענען אַ געזעצלעך מיטל? יעדער פּילגדיקער און דענקנדיקער מענטש וועט געוויס ענטפערן אַז ניין; ווייל עס מוז גענומען ווערן אין אַכט די מאָראַלישע זייט פונם ענין, אַז פאַרשאַפן יסורים אומשולדיקע באַשעפענישן איז אַ געוואַלטיקע אומרעכט".

דאָס איז דער איינציק-ריכטיקער שטאַנדפונקט, פון וועלכן עס קענען אַרויסגיין די קעגנער פון די וויוויסעקציעס; — צי קען זיך די וויסנשאַפט יאָ באַגיין אָן די וויוויסעקציעס, צי קען זי זיך נישט באַגיין, דאָס איז אַן אַנדערע זאַך, דער עיקר איז אָבער, אַז לעבעדיקע באַשעפענישן ליידן דערפון יסורים.

איך זאָג דעריבער נאָכאַמאָל, אַז אויסלאַכן די אַנטיוויוויסעק-ציאָניסטן איז נישטאָ פאַרוואָס, — לעבעדיקע באַשעפענישן ליידן שרעקלעכע יסורים און דאָס שניידט טאַקע באַם האַרץ. מען מוז אָבער געדענקען, אַז אָן די וויוויסעקציעס, אָן די עקספּערימענטן איבער חיות איז אוממעגלעך צו בויען די וויסנשאַפטלעכע מעדיצין, וועלכע וועט היילן און מחיה-מתים זיין מענטשן.

אין מערב-אייראָפּע האָבן שוין די אַנטיוויוויסעקציאָניסטן אַ סך געוווּנען. אין אַ סך לענדער זענען שוין אַרויסגעגעבן געוואָרן געזעצן, וועלכע באַשרענקען די פרייהייט צו עקספּערימענטן אי-בער לעבעדיקע באַשעפענישן.

אין יאָר 1876 האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט אַרויסגע-געבן אַ געזעץ „קעגן דער אכזריותדיקער באַציִונג צו חיות". דאָס געזעץ דערקלערט, אַז עקספּערימענטן איבער לעבעדיקע באַשע-פענישן קענען נאָר מאַכן די געלערטע, וועלכע וועלן באַקומען דערויף אַ ספּעציעלע דערלויבעניש.

דער עסטרייכישער בילדונגס-מיניסטער האָט אין יאָר 1885

פאַרעפנטלעכט אַ דעקרעט, לויטן וועלכן „עקספּערימענטן איבער חיות קענען נאָר געמאַכט ווערן אין אַזעלכע פאַלן, ווען דאָס איז זייער נייטיק פאַר דער וויסנשאַפט".

אין דענעמאַרק טאָר מען נישט מאַכן קיין וויוויסעקציע אָן אַ דערלויבעניש פון דעם יוסטיץ-מיניסטער.

די אַלע פאַראָרדנונגען מאַכן אַ מאָדנעם איינדרוק: פֿעמען צבֿשט. וועט מען געבן דערלויבענישן אויף וויוויסעקציעס? עס פאַרשטייט זיך אַז נאָר באַוווּסטע פראָפעסאָרן. ראָבערט קאָך, אַ שטייגער, וואָלט אַזאַ דערלויבעניש נישט באַקומען, ווייל ער איז דאָך געווען אַן אומבאַוווסטער דאָקטאָר אין אַ קליין שטעטל, ווי אַזוי-זשע וואָלט אַנטדעקט געוואָרן די באַקטעריאָלאָגיע? ווי אַזוי-זשע וואָלטן מיר פאַרמאָגט די דאָזיקע וויסנשאַפט, וועלכע שפּילט איצט די גרעסטע ראָל אין דער מעדיצין? עס איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז דער אומבאַוווּסטער דאָקטאָר ראָבערט קאָך, דער גרויסער שעפער פון דער באַקטעריאָלאָגיע, וואָלט קיין דערלויבעניש אויף וויוויסעקציעס פונם יוסטיץ-מיניסטער נישט באַקומען!...

און ווער וועט אורטיילן, וועלכע עקספּערימענטן עס זענען פאַר דער וויסנשאַפט וויכטיק און וועלכע נישט? אַלץ די יוסטיץ-מיניסטאָרן? — דאָס איז דאָך לעכערלעך. ווער דען? די וויסנשאַפטלעכע פאַקולטעטן האָבן העלמגאַלצס געניאַלע אַנטדעקונגען באַגעגנט מיט אַ ביטול-שמייכל און אָנגערופן דעם געניאַלן דערפינדער — „פוסטער און נאַרישער חקרן"...

אין דער אַגיטאַציע קעגן די וויוויסעקציעס איז פאַרהאַן נאָך איין אינטערעסאַנטער מאָמענט: — דעם ביל „וועגן אַכזריות די קער באַציונג צו לעבעדיקע באַשעפענישן" האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט אָנגענומען פּונקט אין דער זעלבער צייט, ווען אין בולגאַריע האָבן געווילדעוועט די טערקן, וועלכע זענען אונטערגעהעצט געוואָרן דורך ענגלאַנדס פרייַנטלעכער אַריינמישונג.

צי זענען דען די קראַליקעס, וועלכע האָבן געליטן אין די לאַבאָראַטאָריעס נענטער צום האַרץ די ענגלישע דעפּוטאַטן ווי די בולגאַרישע פרויען און קינדער, וועלכע די באַשיבוזוקן האָבן געשענדעט און אויסגעשחטן? געוויס נישט.

וואָס־זשע דען? דער פּאַרלאַמענט האָט פאַרשטאַנען, אַז אַריינמישן זיך אין די בולגאַרישע ענינים איז פאַר ענגלאַנד נ י ש ט באַ ק ו ו ע ם.

דאָרט, ווו דער מענטש האָט קיין מורא נישט, אַז זיין באַקוועמלעכקייט וועט געשטערט ווערן, איז ער גרייט אַפילו צו זיין ערלעך און גוטהאַרציק.

אין יאָר 1899 האָבן צענדליקער טויזנטער ענגלענדער אונטערגעשריבן דעם פּראָטעסט קעגן דרייפוסעס פאַרמשפּטן, אין דער זעלבער צייט האָבן זיי פאַרשטופּט דאָס מויל דורך געשרייען און פייפערייען דזשאָן מאַרלעין, ווען ער האָט פּראָטעסטירט קעגן ענגלאַנדס אַכזריותדיקער באַציִונג צו די בורן אין טראַנסוואַאַל.

כל זמן די געזעלשאַפט פאַרשטייט נישט דעם נוצן פון די וויוויסעקציעס און דעם שאָדן, וועלכע די מענטשהייט וואָלט געליטן, ווען די עקספּערימענטן איבער חיות וואָלטן פאַרבאָטן געוואָרן, האָבן די אַנטיוויוויסעקציאָניסטן דערפאָלג. ווען די געזעלשאַפט זאָל זיך אַליין זען באַדראָט פון דער אַנטיוויוויסעקציאָניסטישער אַגיטאַציע, וואָלט די דאָזיקע אַגיטאַציע פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט.

אויף אַ פאַרזאַמלונג פון די אַנטיוויוויסעקציאָניסטן אין מאַנטשעסטער האָט דער בישאָף מורהאַס דערקלערט, אַז ער וויל בעסער צען מאָל שטאַרבן, איידער געהאָלפן ווערן דורך די ליידן פון די אומשולדיקע באַשעפענישן, וועלכע מען מוטשעט אין די

לאַבאָראַטאָריעס. נישט יעדער מענטש איז אָבער אזוי חייכהאָרי־
ציק ווי מורהאַס און זעלטן ווער עס וועט זיך וועלן מקריב זיין,
אַבי די אָרימע באַשעפענישן זאָלן אויסגעלייזט ווערן פון די לאַ־
באָראַטאָריעס.

## XI

אין איצטיקן צושטאַנד איז די מעדיצין אומפֿולשטענדיק. אַ סך זאַכן ווייסן מיר נישט, אַ סך פֿאַרשטייען מיר נישט און וואָס מיר ווייסן שוין יאָ, מוזן מיר אָנטאַפּן ווי בלינדע, נישט האָבנדיק קיינמאָל די זיכערקייט. צי דאָס איז עס טאַקע. מיר וועלן דאָס אָן ספק באַקומען און מיר וועלן אַלץ פֿאַרשטיין, אַלץ ווייסן, אַלץ וועט פֿאַר אונדז ווערן קלאָר ווי דער טאָג, — דערווייל אָבער איז נישט גוט — און מיר דאַרפֿן בלאָנדזשען אין דער פֿינסטערניש און ריזיקירן שטענדיק מיטן מענטשלעכן לעבן און געזונט...

אַלס סטודענט, אויף די לעצטע קורסן, האָב איך דאָס שוין אָנגעהויבן פֿאַרשטיין.

איינמאָל איז אונדזער פּראָפֿעסאָר־גינעקאָלאָג אַריינגעקומען אַ צעשטרייטער, אַ נערוועזער און אונדז דערקלערט:

— געערטע הערן! איר געדענקט דאָך די קראַנקע פֿרוי, באַ וועלכער איך האָב אויסגעשניטן די הייב־מוטער? זי איז נעכטן געשטאָרבן פֿון אַ פּעריטאָניט...

דער פּראָפֿעסאָר האָט אונדז דערציילט, אויף וואָס די פֿרוי האָט געקרענקט, פֿאַרוואָס ער האָט באַשלאָסן איר צו מאַכן אַן אָפּעראַציע, ווי אַזוי ער האָט נישט באַמערקט, אַז די קראַנקע

האָט געהאַט אַ מיאָמע (אַ געשווילעכץ אין מיטן פון דער הויבמוטער), ווי אַזעלכע געשווילעכצן איז אומגעהייער שווער, כמעט אוממעגלעך צו דערקענען און ווי פון דער אָפּעראַציע איז בײַ דער קראַנקער בראַנדיק געוואָרן די מיאָמע, דערנאָך דער פּעריטאָן און אַז דערפון איז די קראַנקע געשטאָרבן.

— פון דעם איז צו זען, אַז די קראַנקע א י ז געשטאָרבן פון דער אָפּעראַציע, — האָט דער פּראָפעסאָר ענדלעך דערקלערט. ווען נישט אונדזער אָפּעראַציע, וואָלט די קראַנקע נאָך געלעבט יאָרן... אונדזער וויסנשאַפט איז צום באַדויערן נישט אַלמעכטיק. אַזעלכע אומגליקן טרעפן זיך זייער אָפט. עס איז זיך שווער פון זיי צו פאַרהיטן און שטענדיק דאַרף מען גרייט זיין צו אַזעלכע צופאַלן. כדי אויסצומיידן אַזעלכע פעלערן רעקאָמענדירט שולצע...

דער פּראָפעסאָר האָט נאָך לאַנג גערעדט, נאָר איך האָב אים שוין נישט געהערט.

איך האָב געטראַכט: דער דאָזיקער פּראָפעסאָר איז אַ גרויסער געלערנטער, אַ באַוווסטער כירורג און אַפילו ער איז נישט פאַרזיכערט קעגן אַזעלכע שרעקלעכע פעלערן: וואָס־זשע וועט זיין מיט מיר, איך בין דאָך אַ פּשוטער בעל מלאכה אָן טאַלענט, אָן אינערלעכער אינטויציע?

אַ געוויסע צייט בין איך געווען אונטערן איינפלוס פון דעם געפיל, ווי גרויס עס איז מיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער געזעלשאַפט, וואָס פאַר אַ גרויסע אחריות איך נעם אויף מיר, ווערנדיק אַ דאָקטאָר.

ווו איך האָב נאָר געקוקט, האָב איך אומעטום געזען באַשטעטיקונגען דערצו. אין די ביכער, אין דער פּראַקטיק, אין דער מעדיצינישער פּרעסע האָב איך געזען, אַז אַ שרעקלעך־שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט האָב איך גענומען אויף מיר. צופעליק

האָב איך איבערגעלייענט אין אַ מעדיצינישן זשורנאַל פאָלגנדע נאָטיץ:

> בינגץ איז מודיע, אַז איין דאָקטאָר האָט געהאַט אַן אומגליקלעכן פּאָרפאַל: ער האָט איינגעגעבן אַ קראַנקער מעוברתער פרוי סאַליציל צו איין גראַם אַ טאָג און דערפון האָט די קראַנקע געמפּילט. דער דאָקטאָר איז צוגעצויגן געוואָרן צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. ער איז אָבער פרייגעשפּראָכן געוואָרן ערשטנס דערפאַר, ווייל סאַליציל ווערט אין ענלעכע פאַלן באַנוצט אין דער מעדיצין אָן שאָדן און צווייטנס דערפאַר, ווייל אַזעלכע פאַקטן זענען נאָך גישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

איך האָב גאַנץ צופעליק באַמערקט די נאָטיץ, איך האָב זי לייכט געקענט נישט באַמערקן און ווען עס וואָלט זיך מיט מיר שפּעטער, אין דער צוקונפט, געטראָפן אַזאַ פאַל, וואָלט איך שוין באַשטראָפט געוואָרן, ווייל אַזאַ פאַקט איז יאָ פאַרעפנטלעכט געוואָרן...

אַלץ מוז איך וויסן, אַלץ געדענקען, אַלץ קענען, — איז עס גאָר אַ מעגלעכע זאַך פאַר די שוואַכע מענטשלעכע כוחות!?

אַ קורצע צייט בין איך געווען אין אַ געדריקטער שטימונג, דערווייל דירעקט אויף זיך אַליין האָב איך די שווערע לאַסט נישט געפילט, — דערווייל בין איך אין אוניווערסיטעט און קיין שום פאַראַנטוואָרטלעכקייט טראָג איך נישט, אויף קיין טעותים בין איך דערווייל נישט אויסגעשטעלט, אַנדערע טראָגן זי איצט, אַנדערע פילן די־לאַסט אויף זייערע פּלייצעס און ביז איך וועל ווערן אַ דאָקטאָר, וועלן נאָך אַ סך וואַסערן אָפּפליסן...

די וואַסערן זענען אָבער אָפּגעפּלאָסן און די לאַסט ליגט שוין אויף מיינע פּלייצעס אויך, איך בין שוין אויך אַ דאָקטאָר — און איך פּיל זיך ווי אַ וועג-זייגער, וועלכער פירט מענטשן אויפן ראַנד פון אַ טיפן אָפּגרונט אין אַ שטאָק-פינסטערער נאַכט; די מענטשן גלייבן אין מיר, זיי ווייסן אפילו נישט, אַז דער וועג שלענגלט זיך בײַם ראַנד פון אַ שרעקלעכן אָפּגרונט און איך, זייער וועג-ווייזער, ציטער, אַז אָט-אָט וועלן זיי אַריינפאַלן אין פינסטערן תהום.

איך האָב מורא געהאַט צו שטעלן אויף זיך אין פעסטצו-שטעלן קרענק, טאָמער האָב איך אַ טעות. ווען איך פלעג שוין שטעלן אַמאָל אַ דיאַגנאָז האָב איך מורא געהאַט צו היילן און איך פלעג מיך אויסדרייען פון אַ סך פּאַציענטן, ווען ס'איז נאָר אונ-טערגעקומען אַ פּאַסנדע געלעגנהייט.

איינמאָל איז צו מיר געקומען אַ קראַנקע פרוי איך האָב זי באַטראַכט און פעסטגעשטעלט די קראַנקהייט אירע. איידער איך פאַרשרייב איר די רפואה, כאַפּ איך אַ קוק אין די ביכער און זע:

„קעגן דער קרענק איז פאַרהאַן אַ זיכער מיטל, נאָר ווען מען גיט עס איין אין קליינע פּאָרציעס, ווירקט עס לגמרי נישט אויף דער קרענק, גיט מען עס אָבער איין אין גרויסע פּאָרציעס, — פאַרסמט עס".

ווי אַזוי-זשע איז מעגלעך צו היילן בײַ אַזאַ באַהויפּטונג? — האָב איך געטראַכט. — גרויסע פּאָרציעס טאָר מען נישט געבן, קליינע — האָבן קיין ווירקונג נישט...

איך האָב דער פרוי דערקלערט, אַז איך קען זי נישט היילן, אַז זי זאָל זיך ווענדן צו אַן אַנדערן דאָקטאָר.

די קראַנקע האָט זיך פאַרוווּנדערט.

— איך וועל אייך באַצאָלן, וויפיל איר ווילט — האָט זי געזאָגט.

— ניין, ס'האַנדלט זיך נישט אין קיין געלט... מען דאַרף זיך צו דער קרענק נעמען... ווי עס דאַרף צו זיין... איך האָב איצט קיין צייט נישט...

די פרוי האָט אַ ווײַלע אויף מיר געקוקט מיט פאַרוווּנדערונג און איז אַוועקגעגאַנגען.

די ערשטע צייט האָב איך אַזוי מורא געהאַט פאַר יעדן קראַנקן. איך האָב מורא געהאַט פאַר דער אחריות און אַ חוץ דעם האָב איך געפילט, אַז איך קען גאָרנישט און ווייס גאָרנישט.

דער לעזער געדענקט נאָך מן הסתם מײַנע ערשטע זעלבסט-שטענדיקע שריט אויפן מעדיצינישן געביט: די קראַנקע מיט דער דיזענטעריע, די פרוי מיטן רעוומאַטיזם און מער פון אַלעם די וועשין מיט איר ייִנגעלע.

ביסלעכווייז בין איך אָבער געוווינט געוואָרן; איך האָב אויפגעהערט מורא צו האָבן פאַר אַלעם, איך האָב שוין נישט געציטערט, טאָמער מאַכט זיך עפּעס באַם קראַנקן אַזוינס, וואָס איך וועל נישט אומשטאַנד זיין צו היילן.

איין זאַך האַלט מיך נאָך ביז איצט אין אַן אויפגערעגטן נערוועזן צושטאַנד, איך גלייב, אַז דאָס האַלט אין אַ נערוועזן צושטאַנד אָפילו די בעסטע און די געניטסטע דאָקטוירים, — דאָס איז דער געדאַנק, טאָמער טרעפט זיך אַן „אומגליקלעכער צופאַל", קעגן וועלכן קיינער איז נישט פאַרזיכערט, וועלכער קען שטענדיק אומגעריכט פאָרקומען.

קיינמאָל קען מען נישט וויסן פאָרויס ווען, פון וואַנען און ווי אַזוי דער גרויזאַמער „טרויעריקער צופאַל" וועט קומען.

איך געדענק איינעם אַזעלכן, וואָס האָט זיך געטראָפן מיט מיר מיט עטלעכע יאָר צוריק.

בײַ אונדז אין שפּיטאָל האָט מען געמאַכט אַ 16־יעריק מײדל אַן אָפּעראַציע. איך האָב זי כלאָראָפאָרמירט. אַזוי װי איך האָב איר נאָר צוגעטראָגן צום פּנים די מאַסקע מיטן כלאָראָפאָרם, זענען בײַ איר די אויגן פאַרגלײזט געװאָרן, דאָס פּנים בלױ געװאָרן, דער דופק האָט זיך אָפּגעשטעלט, מען האָט זי אָנגעהױבן מינטערן, מען האָט איבער איר געאַרבעט אַ שעה צײַט, עס האָט אָבער גאָר־נישט געהאָלפן, זי איז געװען טויט... די עלטערן האָבן געפאָדערט מען זאָל זײער טאָכטער פאַלמעסן, װײל זײ האָבן חושד געװען, אַז מיר זענען שולדיק אין איר טויט. דאָס פאַלמעסן האָט פעסט־געשטעלט, אַז דאָס מײדל איז פולקאָם נאָרמאַל געװען, אַז מען האָט זי געמעגט כלאָראָפאָרמירן, נאָר מיר האָבן דאָ געהאַט צו טון מיט אידיאָסינקראַזיע, פּשוט געזאָגט, דאָס איז געװען אײנער פון די שרעקלעכע צופאַלן, קעגן װעלכע עס איז זיך אוממעגלעך צו באַװאָרענען, װעלכע עס איז אוממעגלעך אפילו פאָרויס־צוזען.

איין „טרויעריקער צופאַל" האָט זיך מיט מיר געטראָפן ערשט פאַראַיאָרן זומער.

איך האָב געװױנט אויף זומער־װױנונג אין אַ דאָרף. אַ סך מאָל האָבן זיך צו מיר געװענדט אָרטיקע קראַנקע נאָך הילף, איך האָב זיך אָבער קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט פון דער פּראַקטיק, װײל איך האָב מיך געװאָלט כאָטש צװײ חדשים אָפּרוען.

אײנמאָל שיקט מען נאָך מיר פון דעם גוט־באַזיצער, װעל־כער בעט מיך אומבאַדינגט צו קומען. איך האָב מיך אָפּגעזאָגט איך האָב דערקלערט דעם שליח, אַז איך בין מיך געקומען אַהער אָפּרוען, נישט הײלן קײן קראַנקע. דער גוט־באַזיצער האָט אָבער מיך נישט געװאָלט אָפּטרעטן, אײן שליח נאָכן צװײטן זענען געקו־מען נאָך מיר און איך בין ענדלעך געגאַנגען.

דער קראַנקער, אַן אַלטער, גרײז־גרויער מאַן, אַ שטילער

און ליבנסווירדיקער, איז געזעסן אויף אַ גרויסן, אַלטפּרענקישן פּאָטעל, די הענט פּאַרלייגט אויפן אומגעהויער־גרויסן בויך, — ער האָט געהאַט די צוקער־קרענק.

— ה׳ דאָקטאָר, איך האָב גאָרנישט געזונט צו ווערן, — האָט דער אַלטער געצויגן מיט זיין באַסאָווער שטימע: — איך האָב שוין, כ׳לעבן, מיינס אָפּגענומען מיט פּראָצענט, געגוג געלעבט, איך ווייס אַליין. נאָר דער בויך קוועלט מיך, שווער צו אָטעמען, איר זעט דאָך אַליין, ה׳ דאָקטאָר, אַ בויך ווי אַ סטויג היי, עס האָט זיך אין אים אָנגעזאַמלט צופיל וואַסער. יעדן חודש צאַפּט מיר דער היגער דאָקטאָר אויס אַ ביסל וואַסער פון בויך, איז ער אָבער אָוועקגעפאָרן. טוט, ליבער, די טובה, באַפרייט מיך פון אַביסל איבעריק וואַסער. אַלע אינסטרומענטן צום צאַפּן האָב איך.

אין אַזעלכע פאַלן צאַפּט מען אויס דאָס וואַסער מיט אַ ספּעציעלן אינסטרומענט, אַ טראָאַקאַר, וועלכער באַשטייט פון אַ דינענקע מעטאַלן רערל, אין וועלכן עס שטעקט אַ שאַרפע שפּיז. מיט דעם טראָאַקאַר שטעכט מען דורך דעם בויך, מען ציט אַרויס די שפּיז און דורכן אָפענעם רערל גיסט זיך אַרויס דאָס וואַסער. די אָפּעראַציע איז אַ גאַנץ אומשעדלעכע, ווען זי ווערט געמאַכט דורך אַ געניטער האַנט, זעלטן ווען עס מאַכט זיך, אַז מען זאָל פאַרטשעפען די קישקעס, אָדער אַן אָדער. איך האָב דעם קראַנקן געמאַכט די אָפּעראַציע.

אין אַ חודש אַרום שיקט דער קראַנקער ווידער נאָך מיר. איך האָב אים ווידער געמאַכט די אָפּעראַציע. דאָס איצטיקע מאָל איז דאָס וואַסער לייכט באַפאַרבט געווען מיט בלוט; דער שטי־לעט האָט מסתּם פאַרטשעפּעט אַן אָדער. אַלנפאַלס בין איך גע־בליבן באַם קראַנקן אַ שעה־צוויי צייט, איך האָב אָבער קיין שום שלעכטס נישט באַמערקט.

דעם צווייטן טאָג שיקט מען נאָך מיר. איך קום צו גיין, זע איך: דער קראַנקער ליגט אָן אַ דופק, דאָס פּנים געל ווי וואַקס, — אַ סימן, אַז אינעווייניק האָט זיך געלאָזט דאָס בלוט. איך האָב נאָך נישט באַוויזן צוצוגיין צום קראַנקן, ווי ער איז געשטאָרבן.

וואָס דאָ איז געשען איז שווער געווען צו זאָגן, די קינדער האָבן נישט געלאָזט פּאַלמעסן דעם פּאַטערס קערפּער. איך מיין, אַז דער טראָאַקאַר האָט פּאַרווונדעט אַ וויכטיקן אָדער, וועלכער איז באַם אַלטן קראַנקן מאַן געווען אומנאָרמאַל פּאַרדרייט און האָט געקענט זיין פּונקט אויף אַזאַ אָרט, ווו מיר האָט עס נישט געקענט איינפאַלן.

איך האָב לכתחילה געוואָלט דערקלערן די קרובים פון וואָס ער איז געשטאָרבן, איך האָב זיי געוואָלט דערציילן אַלץ; נאָר איך האָב זיך באַלד איבערגערעכנט: צוּוואָס טויג מיין דערציילן, וואָס פאַר אַ נוצן וועט עס ברענגען? און איך האָב געשוויגן, געדריקט אין זיך און געשוויגן...

איך פאָר צוריק אין דאָרף אריין. די פעלדער זענען נאָך פאַרצויגן מיטן דורכזיכטיקן שלייער פון דער נאַכט, נאָר די שפּיצן ביימער זענען שוין איינגעטונקען אין די ערשטע זונען-שטראַלן. די פעלדער, די איינציקווייז-צעוואָרפענע ביימער, דער זאַמדיקער וועג, דער פויער, וואָס שטייט באַם ברונעם מיט די פאַרשלאָפענע אויגן, אַלע זענען אַזוי רויק, אַזוי אומשולדיק-ריין, אַזוי אומבאַפלעקט...

צי איז מיר שוין קיינמאָל נישט באַשערט צו געניסן פון דער ריינער, אומבאַפלעקטער רויקייט? שוין קיינמאָל נישט?...

דער ענגלישער כירורג דזשעמס פּעדזשעט זאָגט אין זיין לעקציע „וועגן די אומגליקן אין דער כירורגיע“:

„עס איז נישט פאַרהאַן קיין איין כירורג, וועלכער זאָל עטלעכע מענטשן נישט האָבן פאַרקירצט דאָס לעבן, בשעת ער האָט עס זיי געוואָלט פאַרלענגערן. אַזעלכע פאַרפאַלן טרעפן זיך נישט נאָר באַ שווערע אָפּעראַציעס, נאָר אויך באַ אַזוי גערופענע „קליינע“ אָפּעראַציעס, אויב אַ כירורג האָט געמאַכט אין זיין לעבן הונדערט קאָפּ אָפּעראַציעס, האָבן זיך עטלעכע פון זיי געוויס געענדיקט מיטן טויט. ווער עס האָט געמאַכט כאָטש 50 אָפּעראַציעס אויף מערידן, דער האָט זיכער געהאַט 2 — 3 טויט-פאַר-פאַלן.“

פון דעם איז נישט מעגלעך צו אַנטלויפן, נישט מעגלעך זיך צו ראַטעווען. יעדער מינוט קען געשען דאָס אומגליק און דו ביסט צעטרעטן ווי אַ וואָרעם.

אָפטמאָל מאַכט זיך, אַז נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דער דאָקטאָר איז אין אַזעלכע פאַלן נישט שולדיק, ווערט פון זיין לעבן געמאַכט אויף אייביק אַ תל, ער ווערט באַשולדיקט אינם שרעקלעכן פאַרברעכן, אין דערהרגענען אַ מענטש, און ער פאַלט אַלס קרבן פון דער אומפּולקאָמענהייט פון דער מעדיצינישער חיסנשאַפט.

אין יאָר 1884 האָט דר׳ שפּיטצער פון ווין געהיילט אַ 14-יעריק מיידעלע, באַ וועלכער די פינגער זענען געווען אָפּגעפרוירן; ער האָט איר געהייסן שמירן די אָפּגעפרוירענע פינגער מיט יאָדי-קאַלאָדיום. דאָס מיידעלע האָט אויפן קליינעם פינגערל פון דער רעכטער האַנט באַקומען גאַנגרענע און מען האָט געמוזט צום שנעלסטן מאַכן אַן אָפּעראַציע, אָפּשניידן דעם פינגער

די מוטער פונם מיידל האָט פאַרפירט קעגן דר׳ שפּיטצערן אַ פּראָצעס. דאָס געריכט האָט געפּסקנט, אַז שפּיטצער זאָל באַצאָלן דער מוטער פונם געליטענעם קינד 650 גולדן און צוויי הונ-

דערט גולדן שטראָף, אַ חוץ דעם זאָל ער אָנווערן דאָס רעכט צו פּראַקטיצירן. די פּרעסע איז אָנגעפאַלן אויף שפּיטצערן, באַשאָטן אים מיט שמוץ און זלזולים, די געזעלשאַפט איז בכלל זייער אויפגערעגט געווען אויף דעם „מערדער".

גלייכצייטיק אָבער איז די מעדיציניש וועלט געווען זייער אויפגערעגט פון דעם דאָזיקן פאַקט: שפּיטצערן האָט בשום אופן נישט געקענט איינפאַלן, אַז דער אומשולדיקער יאָד-קאַלאַדיום זאָל קענען שאַפן גאַנגרענע.

שפּיצטער האָט אַפּעלירט אין סענאַט, דער סענאַט האָט אָנגעפרעגט דעם מעדיצינישן פאַקולטעט. אינם נאָמען פון פאַקולטעט האָט דער באַוווסטער פּראָפעסאָר אַלבערט געגעבן דעם סענאַט פאָלגנדע דערקלערונג:

„אַזוי ווי אין דער מעדיצין ווערט יאָד-קאַלאַדיום באַנוצט בײַ פיל קרענק און ברענגט גוטע רעזולטאַטן און עס איז עד היום נאָך נישט נאָטירט קיין איין פאַל, ווען יאָד-קאַלאַדיום זאָל קענען בראַנדיק מאַכן אַן אבר, וואָס ווערט מיט אים באַשמירט, דעריבער איז קיין שום גרונט נישט פאַראַן צו באַשולדיקן שפּיטצערן".

דער אומגליקלעכער „מערדער" איז באַפרייט געוואָרן, ער האָט אָבער נישט דערלעבט דערצו; דעם זעלבן טאָג האָט מען זיין קערפּער אַרויסגעצויגן פון טייך, — ער האָט די באַשולדיקונג, די אַלגעמיינע פאַראַכטונג, דאָס גאַנצע אומגליק, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיין קאָפּ אומגעריכט און אומפאַרדינט, נישט געקענט איבערטראָגן און ער האָט זיך דערטרונקען אין דונאַי.

אָ, אין אַזעלכע פאַלן איז אומזיסט דאָס האָפן אויף מיטלייד, ערלעכקייט און יושר! אַ דאָקטאָר מוז זיין אַ גאָט, בײַ וועלכן

עס זענען קיין טעותים, קיין ספקות נישט פאַרהאַן. ער מוז אַלץ וויסן, פאַר אים מוז אַלץ זיין קלאָר און בולט, כאָטש דאָס איז אוממעגלעך. .

מיט 15 יאָר צוריק האָט דער פעליטאָניסט פון דער „פעטערבורגער ציַיטונג" אמיקוס פאַרעפנטלעכט אַ „נידערטרעכטיקן" פאַקט, וועלכער האָט זיך געטראָפן אין פראָפ. קלאָמנינס קליניקע. אַ יינגל מיטן נאָמען כאַריטאָנאָוו איז געבראַכט געוואָרן אין דער קליניק אַריין. דר' ט. (עס איז אָנגערופן דער גאַנצער נאָמען) האָט אים באַטראַכט און אָט וואָס עס איז געשען:

ט. בעט דעם קראַנקן, ער זאָל אַ שפרונג טון אויפן קראַנקן פוס. דאָס יינגל דערקלערט, אַז ער קען נישט, אַז דער פוס טוט אים וויי. דער דאָקטאָר וויל פאָרט, אַז דער קראַנקער זאָל שפרינגען אויפן קראַנקן פוס. די אָנוועזנדע העלפן דעם יינגל אַ שפרונג טון, עס הערט זיך אַ קנאַק און אַ האַרצרייסנדיקער געשריי רייסט זיך אַרויס פונם קראַנקנס ברוסט. דער פוס איז צעבראָכן געוואָרן. „מיט אַ שרעקלעכער שנעלקייט" האָט זיך באַם קראַנקן אַנטוויקלט אַ סאַרקאָמע און ער איז געשטאָרבן.

דר' ט. האָט בריוולעך מודיע געווען די רעדאַקציע פון דער ציַיטונג, ווי אַזוי די זאַך איז געשען. דאָס יינגל האָט געזאָגט, אַז עס טוט אים וויי דער גליד פונם פוס. ט. האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַ פאַל פון טובערקולאָז פון גליד, ווייל קיין שום סימנים, אַז דער פוס איז צעבראָכן, זענען נישט געווען. ער האָט אים געהייסן אַ שפרונג טון, כדי געוויר צו ווערן, צי עס איז

טאַקע טויבערקולאָז פונם גליד. שפּעטער האָט זיך אָבער אַרויס־געוויזן, אַז דער קראַנקער האָט געהאַט אַ סאַרקאָמע פונם מאַרך־ביין און דער גאַנצער ביין איז געווען דורכויס דורכגעפוילט. פריִער צי שפּעטער וואָלט דער ביין צעבראָכן געוואָרן, צופעליק איז ער אָבער צעבראָכן געוואָרן אין דער קליניקע. עס האָט גע־קענט פּאַסירן, ווען דער קראַנקער וואָלט צוריק אַ היים געגאַנגען פון דער קליניקע. אַזעלכע פאַלן ווערן אין דער מעדיצין אָנגערופן אויטאָמאַטישע איבערברוכן. די קרענק האָט דרייט. נישט געקענט באַמערקן, ווייל עס איז זי אוממעגלעך פעסטצושטעלן און בכלל טרעפן זיך אַזעלכע פאַלן זייער זעלטן.

דערויף האָט דער פעליעטאָניסט זיך צעגאָסן מיט אַזאַ מין לשון:

וואונדערבאַר, באמת וואונדערבאַר! אַן אויטאָמאַטישער איבער־ברוך!... אַן אומגעריכטער איבערברוך!

דאָס איז דאָך דער אמתדיקער טרויעריקער צופאַל, צום מיינסטן פאַר אונדז, פשוטע בשר־ודמס, וועלכע זענען נישט באַקאַנט מיט דער גלענצנדער וויסנשאַפט, וועלכע עס באַזיצט ה׳ ט...

מיר הערן דאָך דאָס ערשטע מאָל וועגן זעלבסטווירקנ־דע, אויטאָמאַטישע, ניסימדיקע איבערברוכן און מיר מעגן טאַקע באַוויינען אונדזער עם הארצות...

וואָס זשע זאָלן מיר, גראָבע יונגען, טון? שפּאַרן זיך מיט דער וויסנשאַפט? — אַוודאי נישט! מיר דאַרפן גאָר קלאַפּן מיט שטיינער אין אַלע אונדזערע גלידער

און אויספרווון, צי האָט זיך נישט אמאָל אַריינגע־
גנבעט אין אַ גליד דער אומגעריכטער אויטאָמאַטישער
איבערבריך.

אַ גאַנצע וואָך צייט האָט מען דעם דאָקטאָר ט. אַרוםגע־
שלעפּט און אויסגעלאַכט אין דער צייטונג.

די געזעלשאַפט, די אַלגעמיינע פּרעסע קען גאַנץ לייכט
זידלען, באַשמוצן, בשעת עס טרעפן זיך אַזעלכע פאַלן.

אין דעם שטעקט אָבער דער גאַנצער טראַגיזם פון אַ
דאָקטאָר, אַז ווען עס וואָלט זיך דעם זעלבן דר' ט. ווידער גע־
מאַכט דער זעלבער פאַל, וואָלט ער ווידער געמוזט הייסן דעם
קראַנקן שפּרינגען, עס וואָלט ווידער געשען דער זעלבער טרויע־
ריקער צופאַל און דער דאָקטאָר וואָלט ווידער געמוזט אויסשטיין
די זעלבע זלזולים.

זעלבספאַרשטענדלעך, אַז באַקוועמער פאַרן דאָקטאָר וואָלט
געווען צו הייסן דעם קראַנקן אַהיים גיין און צוואַרטן, ביז עס
וועלן זיך אַרויסווייזן אויסערלעכע סימנים, אָדער ביז דער אומגע־
ריכטער צופאַל וועט געשען אינדערהיים.

נאָר יענער דאָקטאָר, וועלכער וואָלט אַזוי געטון, וואָלט גע־
ווען אָן אויסוואורף און וואָלט נישט ווערט געווען צו טראָגן דעם
נאָמען דאָקטאָר.

די געזעלשאַפט האָט זייער אַ פאַלשן באַגריף וועגן דער
מעדיצין, דעריבער זענען אירע פאָדערונגען צו די דאָקטוירים צו
גרויס. די געזעלשאַפט האָט נישט קיין באַגריף וועגן די באַגרענעצ־
טע מיטלען, וועלכע די דאָקטוירים האָבן אין זייער האַנט, דערי־
בער באַציט זי זיך צו זיי אַזוי אומגערעכט, דעריבער באַשולדיקט
זי זיי, ווען זיי זענען לחלוטין נישט שולדיק.

נאָר צי וואָלטן דען די פּאָדערונגען פון דער געזעל־שאַפט צו די דאָקטוירים באמת קלענער געוואָרן? אין דעם בין איך שטאַרק מסופק, ווייל דאָס געפיל ווייסט נישט און וויל נישט וויסן פון קיין לאָגיק.

איך בין דאָך אַ דאָקטאָר, איך ווייס דאָך יאָ די שוואַכ־קייט און די באַשרענקטע מיטלען פון דער מעדיצין און דאָך האָב איך אַליין געפילט ערשט נישט לאַנג דאָס זעלבע, וואָס יעדער מענטש פילט, בשעת ער טרעפט זיך צונויף מיט דער מעדיצין.

מיין פרוי איז שווער געגאַנגען צו־קינד, איך האָב געזען, אַז אַן אָפּעראַציע איז אומפאַרמיידלעך. אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט מיין שטערן, ווען איך האָב נאָר וועגן דעם געטראַכט: די אַלע אומגערעכטע „טרויעריקע צופאַלן" זענען מיר פאַר־ביייגעשווומען אין מיין געדאַנק.

— מען מוז מאַכן אַן אָפּעראַציע, — האָט קאַלטבלוטיק דערקלערט דער אַקושער־דאָקטאָר.

איך בין שרעקלעך אויפגערעגט געוואָרן: ער ווייסט דאָך ויפיל „טרויעריקע צופאַלן", וויפיל סכנות, וויפל אומגליקן עס דראָען דער געווינערין בשעת דער אָפּעראַציע. כאָטש אַזעלכע צופאַלן טרעפן זיך זעלטן, נאָר פאַרהאַן זענען זיי דאָך, מעג־לעך זענען זיי!

ווי וואַגט ער־זשע אַזוי קאַלטבלוטיק צו רעדן?! ער אַז דאָך פאַרשטיין, וואָס מיין באַטאַשע איז פאַר מיר, וואָס נאָר אַן אומגליק עס וואָלט פאַר מיר געווען איר טויט.

ער מ ו ז די אָפּעראַציע מאַכן געלונגען, אין קעגנפאַל װאָלט איך עס נישט מוחל געווען נישט אים, נישט דער װיסנשאַפט! ע ר ט אָ ר נ י ש ט האָבן קיין טעות!

פֿאַר דעם דאָזיקן געפֿיל, וואָס האָט מיך אַרומגעכאַפּט, זענען פֿאַרשוווּנדן אי די לאָגיק, אי דער פֿאַרשטאַנד, אי מײַנע קענטעניש.

XII

אין דער געזעלשאַפט איז פאַרשפּרייט אַ שטאַרקער אום-
צוטרוי צו דער מעדיצין און צו די דאָקטוירים. שוין פון גאָ-
לאַנגע צייטן דינען דאָקטוירים אַלס אָביעקט פאַר קאַריקאַטורן
עפּיגראַמעס און אַנעקדאָטן. געזונטע מענטשן רעדן וועגן דעו
מעדיצין און די דאָקטוירים מיט שפּאָט, קראַנקע, וועלכע ד
מעדיצין האָט נישט געהאָלפן, רעדן וועגן איר מיט אַ שרעק
לעכער שנאה.

פאַר דעם דאָזיקן אָפּשפּעטן אין דעם אומצוטרוי האָב אין
מיך צום ערשט זייער שטאַרק געשעמט: איך האָב געפילט, אַז
אין גרונט גענומען איז דאָס אַלץ גערעכט, אַז אין אונדזער
וויסנשאַפט איז דאָ אַ סך אַזעלכעס, מיט וועלכן מיר דאַרפן זין
טאַקע שעמען. פילנדיק דאָס דאָזיקע, האָב איך אַליין אויך נישט
אויסגעמיטן אין אַ מינוט פון אָפּנהאַרציקייט אַרויסצוּווייזן מיין
גרינגשעצנדיקע, אָפּלאַכנדיקע באַציונג צו דער מעדיצין.

איינמאָל אין דאָרף זענען מיר אָוונט-צייט אַהיימגעגאַ-
גען פון שפּאַציר. קומט צו מיר צו אַ באַבע און בעט מין
זי צו באַטראַכטן און צו היילן. איך בין צו איר אַריינגע-
גאַנגען צוזאַמען מיט מיין קוזינקע.

די באָבע האָט זיך באַקלאָגט, אַז עס „שטעכט זי אין די זייטן" און עס שפּאַרט איר אונטערן „לעפעלע", און אַז זי בייגט זיך איין, דרייט זיך איר שטאַרק דער קאָפּ.

איך האָב זי באַטראַכט און געזאָגט, זי זאָל צו מיר אַריינקומען נאָך אַ מעדיצין.

— וואָס איז איר? — האָט מיך די קוזינקע אַ פרעג געטון, ווען מיר זענען אַרויסגעגאַנגען.

— פונוואַנען זאָל איך וויסן? — האָב איך געענטפערט מיט אַ שמייכל, — עס שטעכט זי עפּעס אין די זייטן.

די קוזינקע האָט מיט פאַרוואונדערונג אַ הייב געטון מיט די ברעמען.

— זעסטו גאָר! דו האָסט דיך דאָך געהאַלטן אַזוי זיכער, — איך האָב געמיינט, אַז עס איז פאַר דיר אַלץ קלאָר.

— אין אַ צוויי טעג אַרום וועל איך זי נאָכאַמאָל באַטראַכטן, — אפשר וועט פאַר מיר קלאָר ווערן.

— נו, שוין איינמאָל אַ וויסנשאַפט אייערע.

— אַ וויסנשאַפט, נישטאָ וואָס צו רעדן! אַ וויסנשאַפט שוין איינמאָל אַ פּינקטלעכע.

און איך האָב איר גענומען דערציילן פאַקטן, וועלכע האָבן איר קלאָר געמאַכט ווי „פּינקטלעך" אונדזער וויסנשאַפט איז און ווי נאַיוו די קראַנקע זענען אין זייער באַציונג צו דאָקטוירים.

מיר איז נישט איינמאָל אויסגעקומען צו רעדן וועגן דער מעדיצין אין אַזאַ טאָן; אַלץ וואָס איך האָב דערציילט איז געווען אמת, נאָר שטענדיק נאָך אַזעלכע געשפּרעכן האָב איך מיך געפילט שלעכט: דעם דאָזיקן אמת האָב איך אָפּגעשאַצט שטענדיק זיך אויפן שטאַנדפּונקט פון מיינע צוהערערס, ביי מיר אָבער אין האַרץ איז, נישט קוקנדיק אויף אַלעם, די באַציונג צו דער מעדיצין געווען אַן ערנסטע, אַן אכטונגספולע.

עס איז קלאָר, אַז אין דעם אַלעם איז טיף געלעגן עפּעס אַ מיספאַרשטענדעניש.

די מעדיצין באַפרידיקט נישט די דערוואַרטונגען, וועלכע מען לייגט אויף איר אַרויף, — לאַכט מען פון איר און מען האָט צו איר קיין צוטרוי נישט. צי זענען אָבער די דאָזיקע דער־וואַרטונגען באַרעכטיקט?

עס איז פאַרהאַן אַ וויסנשאַפט וועגן אויסהיילן קרענק, וועל־כע רופט זיך מעדיצין, ווער עס לערנט אויס די דאָזיקע וויסנ־שאַפט, מוז פּינקטלעך דערקענען און אויסהיילן אַלע קרענק; אויב ער קען דאָס נישט, איז איינס פון די ביידע: אָדער ער אַליין איז שוואַך, אָדער זיין וויסנשאַפט טויג צו גאָרנישט.

אַזאַ אויפפאַסונג איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, אָבער גלייכ־צייטיק אינגאַנצן נישט ריכטיק.

עס איז גאָרנישט פאַרהאַן קיין וויסנשאַפט וועגן אויסהיילן קרענק, וואָס זאָל כאָטש עטוואָס זיין פאַרענדיקט; פאַר דער מעדי־צין שטייט דער לעבעדיקער אָרגאַניזם מיט זיין אומענדלעך־קאָמפּ־ליצירט, פאַרוויקלט לעבן; אַ סך אין דעם דאָזיקן לעבן איז שוין פאַרשטענדלעך, נאָר יעדע נייע אַנטדעקונג אַנטפּלעקט גלייכצייטיק וואָס אַ מאָל מער זיין וווּנדערלעכע קאָמפּליצירטקייט; אויף אַ פאַרבאָרגענעם און וויניק פאַרשטענדלעכן אופן אַנטוויקלען זיך אין אָרגאַניזם אַ סך קראַנקהייטן, מטושטש און אומבאַגרייפלעך זע־נען די כוחות פונם אָרגאַניזם, וואָס ראַנגלען זיך מיט זיי, עס איז נישטאָ קיין מיטלען די כוחות אונטערצושטיצן; עס זענען אויך דאָ אַנדערע קרענק, וועלכע זענען אַן און פאַר זיך מער אָדער וויניקער יאָ פאַרשטענדלעך; נאָר מערסטנטיילס אַנטוויקלען זיי זיך אַזוי פאַרבאָרגן, אַז אַלע וויסנשאַפטלעכע מיטלען זענען נישט בכוח זיי פעסטצושטעלן.

הייסט עס, אַז די דאָקטוירים זענען אומניצלעך און אַז זייער וויסנשאַפט טויג צו גאָרנישט?

עס זענען אָבער דאָ אַ סך זאַכן, וואָס זענען שוין פאַר דער וויסנשאַפט פאַרשטענדלעך, צודרינגלעך. אין אַ סך פאַלן קען אַ דאָקטאָר ברענגען אַ ממשותדיקע הילף.

אין אַ סך פאַלן איז ער טאַקע אָנמעכטיק, נאָר ווו ער איז טאַקע באמת אָנמעכטיק, קען נאָר פעסטשטעלן ווידער דער דאָקטאָר אַליין און נישט דער קראַנקער; אפילו אין אַזעלכע פאַלן איז אַ דאָקטאָר אומבאַדינגט נייטיק, כאָטש צוליב דעם אַליין, וואָס ער פאַרשטייט די גאַנצע קאָמפּליצירטקייט פונם קרענקלעכן פּראָצעס, וועלכער קומט פאַר אים פאָר, אָבער דער קראַנקער און זיינע נאָענטע פאַרשטייען עס נישט.

מענטשן האָבן נישט דעם מינדסטן באַגריף נישט וועגן דעם לעבן פון זייער אייגענעם קערפּער, נישט וועגן די כוחות און מיטלען פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט. אין דעם ליגט דער מקור פון דער מערהייט מיספאַרשטענדענישן, אין דעם ליגט די סיבה סיי פונם בלינדן גלויבן אין דער אַלמעכטיקייט פון דער מעדיצין, סיי פונם בלינדן אומצוטרוי צו איר. סיי דאָס, סיי יענץ גיט זיך אונדז גלייך צו פילן מיט זייער שווערע פאָלגן.

אין פּובליקום זענען שטאַרק פאַרשפּרייט פאַרשידענע „פּאָפּולערע היילביכער" און ענלעכע מעדיצינישע בראָשורן, אין יעדער עטוואָס אינטעליגענטער פאַמיליע געפינט זיך שטענדיק אַ היימישע אַפּטייקל און איידער מען רופט אַ דאָקטאָר, פּרוווט מען אויס אויפן קראַנקן ריצנאייל, און כינע, און סאַליצילער נאַטריום, און וואַלעריאַנער טראָפּנס.

ערשט נישט לאַנג האָט זיך אין פּעטערבורג אפילו געגרינדעט אַ גאַנצע געזעלשאַפט פון „זעלבטהילף בשעת קראַנקהייטן".

דאָס אַלץ וואָלט גאָרנישט מעגלעך געווען, ווען מענטשן

אַלן אָנשטאָט דעם בּלינדן צוטרוי צו דער איינפּאַכער, פּשוטער מעדיצינישער וויסנשאַפט האָבן אַ שכלדיקן פאַרשטאַנד וועגן דער דאָזיקער וויסנשאַפט, ווען מענטשן וואָלטן געוווּסט, אַז יעדער נייער קראַנקער שטעלט מיט זיך פאָר אַ נייע אויסערגעוויינטלעכע קרענק, וואָס איז אויסטערליש קאָמפּליצירט און פאַרוויקלט, אין וועלכער דער דאָקטאָר אַפילו מיט זיינע אַלע קענטענישן קען זיך נישט שטענדיק אָריענטירן.

אַ קראַנקער איז נעצר, דאַרף מען אים איינגעבן ריצנאייל; צי וואָלט זיך ווער אונטערגעשטעלט צוצוטרעטן צו אַזאַ מין היילונג, ווען עס זאָל כאָטש וועמען איינפאַלן, אַז דערמיט קען מען גאָר דעם מענטש דערהרגענען, אַז טיילמאָל, אַ שטייגער בּאַ אַ צין־שטעכעניש, קען מען נישט בּאַזייטיקן די עצירות מיט קיין ריצנאייל נאָר... מיט אָפּיום?

אויף דעם עם־האַרצישן גלויבּן אין דער אַלמעכטיקייט פון דער מעדיצין בּאַזירן יענע איבּערגעטריבּענע פאָדערונגען צו איר, וועלכע זענען פאַרן דאָקטאָר אַן אומגליק און בּינדן אים די הענט מיט די פיס.

אַ קראַנקן מיט אַ בּויך־טיפוס שוידערט שטאַרק, דער קאָפּ טוט אים וויי, בּאַנאַכט שוויצט ער, ער רעדט פון היץ; מיט דעם דאָזיקן דאַרף מען קעמפן זייער פאָרזיכטיק און צום מיינסטן נאָר מיט פיזישע מיטלען; נאָר קוים פּרוּווסטו זאָגן דעם קראַנקן: „לייד, בּאַגיס דיך מיט שווייס, מוטשע דיך אין האַלוצינאַציעס!" וועט ער זיך אָפּקערן פון דיר און זיך ווענדן צו אַן אַנדערן דאָקטאָר, וועלכער וועט אים נישט קאַרגן קיין כינע, קיין פענאַצעטין און קיין כלאָראַל־הידראַט; וואָס פאַר אַ דאָקטאָר איז דאָס, וועלכער בּרענגט קיין פאַרלייכטערונג נישט!

זאָל די דאָזיקע פאַרלייכטערונג קומען אויפן חשבּון פון דעם קראַנקנס כוחות, זאָל זי אויף אייבּיק רוינירן זיין אָרגאַניזם, זאָל

די איס אָפּגעהיינען פונס זעלבסטשטענדיקן קעמפן מיט די קראַנק־הייטן, די פאַרלייכטערונג איז דאָ, און דאָס איז גענוג.

די סאַמע אומגליקלעכסטע פּאַציענטן אין דער הינזיכט זע־נען די פאַרשידענע מינים „היכגעשטעלטע פּערזאָנען", וועלכע זע־נען אומגעדולדיק, אויסגעבאַלעוועט, וועלכע האַלטן, אַז אין דער אומבאַזייטיקטער ווייטיק, מעג זי זיין די לייכטסטע, איז שולדיק דער דאָקטאָר זייערער.

אָט פאַרוואָס אגב עס האָבן אין דער געזעלשאַפט דעם גרעסטן דערפאָלג די דאָקטוירים, וועגן וועלכע די לייטישע קאָלעגן זייערע רופן זיך אָפּ מיט פאַראַכטונג און צו וועלכע קיין איין דאָקטאָר וועט זיך נישט ווענדן נאָך הילף.

אַ דאָקטאָר איז דערויף אַ דאָקטאָר, אַז ער זאָל לייכט און זיכער באַזייטיקן די ווייטיק און אויסהיילן די קרענק. די ווירק־לעכקייט לייקנט אָפּ אויף טריט און שריט די דאָזיקע פאָרשטע־לונג וועגן דאָקטוירים, און מענטשן גייען איבער פון בלינדער אמונה צום פולשטענדיקן אָפּלייקענען די מעדיצין.

איינער איז קראַנק אויף אַן אומהיילבאַרע קרענק, וועלכע פאָדערט אָבער אַ לאַנגע, סיסטעמאַטישע היילונג; איין וואָך, די צווייטע, ער איז נאָך נישט אויסגעהיילט, מאַכט ער אָוועק דעם דאָקטאָר מיט דער האַנט און ווענדט זיך צו אַ טרעפער.

עס זענען פאַראַן אַזעלכע קרענק, וועלכע פאַרציִען זיך לאַנג, קעגן וועלכע מיר האָבן נישט קיין ממשותדיקע מיטלען, צבשפּ. אַ קאָקלוש־הוסט; דער דאָקטאָר, וועלכן מ׳רופט דאָס ערשטע מאָל אין אַ שטוב אַריין היילן אַ קאָקלוש, קען שוין זיין גאַנץ זי־כער, אַז אין דער דאָזיקער שטוב אַריין וועט מען אים שוין מער קיינמאָל נישט רופן; עס איז נייטיק אַ גרויסער, אויסגעפּרוּווטער צוטרוי צו דעם דאָקטאָר, אָדער אַ פולשטענדיקע פאַרשטענדעניש פאַר דער זאַך, כדי שלום צו מאַכן מיט דער ראָל פון אַ דאָקטאָר

אין אַזאַ פאַל, — צו האַלטן די קאָנטראָל איבער דער היגיענישקייט פון די אומשטענדן און אַנצונעמען מיטלען קעגן די מעגלעכע קאָמפּליצירונגען.

צום מיינסטן גיבן די דאָקטוירימס פעלערן א רייכן מאַטעריאַל פאַרן פאַרלייקענען די מעדיצין.

דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט בײַ א קראַנקן אַ בויךטיפוס און בײַם פּאַלמעסן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז גאָר בעוועגן אַן אַלגעמיינע שווינדזיכטיקייט — אַ חרפּה פאַר די דאָקטוירים, כאָטש די קליניש בילדער פון ביידע קראַנקהייטן זעבען אָפּטמאָל אײַנגאַנצן ענלעך צווישן זיך.

איך האָב איינעם אַ באַקאַנטן; דריי יאָר טוט אים שוין ווי די רעכטע קני; איין דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט טובעוקלאָז, אַ צווייטער — סיפיליס, אַ דריטער — פּאַדאַגרע, און קיין איינער ברענגט נישט קיין פאַרגרינגערונג.

פון דעם דאַזיקן קען נאָר זיין איין פועל יוצא: טיילמאָל ווייזן זיך די קרענק אין אַזעלכע טונקעלע, מטושטשע פאָרמען, אַז אַ ריכטיקן דיאַגנאָז קען מען נאָר שטעלן צופעליק.

יעדער מענטש דענקט אָבער נאָר לויט דעם, וואָס ער פילט אויף זיך אַליין, און דער באַקאַנטער מיינער זאָגט:

„אייער באַשעפטיקונג איז דאָס זעלבע, וואָס פאַר אַ מענטש איז אַ קראַוואַט; אַ קראַוואַט איז לחלוטין נישט ניצלעך, גאָר נישט טראָגן קיין קראַוואַט איז פאַר אַ ציוויליזירטן מענטש נישט אָנשטענדיק און ער צאָלט נעבעך פאַרן קראַוואַט געלט, און די מענטשן, וואָס מאַכן קראַוואַטן, מיינען, אַז זיי טון עפּעס אַ נייטיקע אַרבעט...”

— ה' דאָקטאָר, איך מוז מיך פאַר אייך מודה זיין, — איך גלייב קיין האָר נישט אין אייער מעדיצין, — האָט מיר ער נישט לאַנג געזאָגט מיינס אַ באַקאַנטע דאַמע.

זי גלייבט נישט... זי ווייסט דאָך פון איר לחלוטין גאָרנישט. ווי אַזוי קען מען גלייבן אָדער נישט גלייבן אין דער באַדייטונג פון אַזאַ זאַך, וועגן וועלכער מ׳ווייסט גאָרנישט?

אַ סך פון דעם, וואָס איך האָב דערציילט אין די פריערדיקע קאַפּיטלען, קען אַרויסרופן בײַ מענטשן, וועלכע גלייבן בלינד אין דער מעדיצין, אַן אומצוטרוי צו איר. איך אַליין האָב דורכגעלעבט דעם דאָזיקן אומצוטרוי.

נאָר אָט איצט, ווען איך ווייס אַלץ, זאָג איך פונדעסטוועגן מיט אַן ערנסט געפיל: א י ך  ג ל י י ב  א י ן  ד ע ר  מ ע ד י צ י ן, — איך גלייב, כאָטש זי איז אין אַ סך פאַלן אָנמעכטיק. אַ סך מאָל שעדלעך און אַ סך ווייסט זי נישט. און צי קען איך דען נישט גלייבן, ווען איך זע אַלץ איבאַייבעם, ווי זי גיט מיר די מעגלעכקייט צו ראַטעווען מענטשן, ווי עס ברענגען זיך אום יענע מענטשן, וואָס פאַרלייקענען זי?

„איך גלייב נישט אין דער מעדיצין", — זאָגט די דאַמע.

אין וואָס אייגנטלעך גלייבט זי נישט? צי אין דעם, אַז אין צוויי טעג קען מען „איבערייסן" אַ קאָקלוש-הוסט, צי אין דעם, אַז בײַ טייל אויגן-קראַנקהייטן קען מען, באַנוצנדיק באַצייטנס אַנטראָפּין, אָפּראַטעווען אַ מענטש פון בלינד ווערן?

נישט אין קיין צוויי טעג און נישט אין קיין דריי וואָכן קען מען קיין קאָקלוש נישט איבערייסן, נאָר מיט עטלעכע טראָפּנס אַנטראָפּין קען מען ראַטעווען אַ מענטש די ראיה, און יענער וואָס „גלייבט" נישט אין דעם איז ענלעך צום אַפּיקורס, וואָס גלייבט נישט, אַז ערגעץ דאָרט אויף דער וועלט זאָלן פויערן רעדן פראַנצויזיש.

אַ מענטש לײַדט לאַנגע יאָרן פון אַ פאַרשטיקטן אָטעם; איך ברען אים אויס די נאָז-פּאָליפּן און ער ווערט געזונט און גליקלעך פון זײַן געזונטקייט; אַ יינגל איז טעמפּ. אומאויפמערקזאַם, האָט

שוואַכן זכרון; איך שנייד אים אויס די היפּערטראָפירטע (איבער־גערוואַקסענע) מאַנדלען — ער ווערט גייסטיק אינגאַנצן באַנייט; אַ קינד איז אויסגעמאַטערט פון שולשול (מאָגן־יאָגעניש); איך דער־גרייך אָן שום רפואות, נאָר מיטן בלינדן רעגולירן די דיעטע און די צייט פון עסן, אַז עס ווערט געזונט און פריילעך.

מיינע קענטעניש גיבן מיר אָפּטמאָל די מעגלעכקייט מיט דער מינדסטער רפואה אָדער מיטן מינדסטן מיטל אָפּצוווענדן אַ שווערע קראַנקהייט, און וואָס מער עם־הארציש די מענטשן זעען אַלץ בולטער וואַרפט זיך זיי אין די אויגן די גרויסע באַדייטונג פון מיינע קענטעניש. אין שווערע, פאַרוויקלטע פאַלן, וועלכע פאָדערן אַ סך אָנשטרענגונגען פון גייסט און פון די נערוון, פילט מען נאָך שטאַרקער דעם אייגענעם טריומף און עס איז גאָר לע־כערלעך אַ טראַכט צו טון, וואָס מען וואָלט דאָ געקענט אויפטון אָן קענטעניש...

ניין, — איך גלייב אין דער מעדיצין און איך האָב גרויס רחמנות אויף יענע, וואָס גלייבן אין איר נישט.

איך גלייב אין דער מעדיצין. דאָס אָפּשפּעטן פון איר איז אַ פּועל־יוצא פון דער עם־הארצות פון די אָפּשפּעטערס. נישט קוקנ־דיק דערויף, זעען מיר פונדעסטוועגן פאַרט אָנמעכטיק, אָנוויסנ־דיק און געפערלעך. די שולד איז דאָ נישט אויף אונדזער זייט, דאָס גיט אָבער שטאָף פאַר דעם אומצוטרוי צו אונדזער וויסנשאַפט און דעם אָפּשפּעטן פון אונדז.

און פאַר מיר האָט זיך אַלץ עקשנותדיקער געשטעלט די פראַגע: דעם דאָזיקן אומצוטרוי און דאָס אָפּשפּעטן האַלט איך פאַר אומבאַגרינדעט, זיי טאָרן נישט האָבן קיין אָרט אין דער באַציִונג צו מיר און צו מיין וויסנשאַפט, — ווי אַזוי־זשע דאַרף איך מיך באַציִען צום פּאַציִענט?

פאַר אַלעם מוז מען זיין מיט אים ערלעך. טאָקע דערפאַר

וואָס מיר באַהאַלטן פאַר מענטשן די ריכטיקע גרענעצן פון די קענטעניש וואָס מיר פאַרמאָגן, איז טאַקע מעגלעך דאָס דאָזיקע פיינטלעך-איראָנישע בעפיל, וועלכעס מיר וועקן צו זיך אַמעטום אויף.

איינע פון לעוו טאָלסטאָיס וויכטיקסטע מעלות אַלס קינסטלער באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט אַן אויסערגעוויינטלעך-מענטשלעכע און ערנסטע באַציונג צו יעדער איינציקע פערזאָן, וועלכע ער מאָלט, איין איינציקן אויסנאַם מאַכט ער פאַר דאָקטוירים: זיי קען טאָלסטאָי נישט מאָלן אָן אויפרעגונג און אָן אַ כמעט-טורגעניעווישן אונטערוווינקען. ווייזט דאָך אויס, אַז עס איז דאָ עפּעס אַזוינס, וואָס רעגט יעדן אויף קעגן אונדז!

און געדאַכט האָט זיך מיר, אַז דאָס „עפּעס" איז דווקא דאָס אַרומהילן זיך מיט אַ נעפּל און דאָס אויפוועקן צו זיך אַן איבערגעטריבענעם צוטרוי און דערוואַרטונגען. דאָס טאָר אַזוי נישט זיין.

די פּראַקטיק האָט מיר אָבער תיכף געוויזן פּונקט פאַרקערט; אַנדערש קען גאָר נישט זיין.

איך האָב געהיילט אַ באַאַמטן, וועלכער איז קראַנק געווען אויף אַ בויך-טיפוס; ער האָט געליטן אויף עצירות, דער בויך איז אים שטאַרק אויפגעלאָפן; איך האָב אים פאַרשריבן צום דורכרייניקן דעם מאָגן אַ געוויינטלעכע פּאָרציע קאַלאָמעל, אָננעמענדיק אַלע געוויינטלעכע פאָרזיכטס-מיטלען.

— ה' דאָקטאָר, באַ מיין מאַן אין מויל מאַכט זיך עפּעס, — האָט מיר געזאָגט דעם קראַנקנס פרוי באַם צווייטן וויזיט מיינעם.

דער קראַנקער האָט זיך געקלאָגט אויפן איבערפלוס פון שפּייעכץ, די יאַסלעס זענען רויט און געשוואָלן געוואָרן, פּונם

מויל האָט זיך געשפּירט אַן עקלהאַפטער ריח; דאָס איז געווען דאָס טיפּישע בילד פון לייכטער אָפּסמונג מיט קוועקזילבער צוליב דעם קאַלאָמעל, וואָס איך האָב אים פאַרשריבן; איך האָב מיך נישט געקענט באַשולדיקן אין גאָרנישט, — איך האָב געהאַט אָנגענומען אַלע פּאָרזיכטס-מיטלען.

וואָס האָב איך דאָ געזאָלט זאָגן? אַז דאָס איז אַ פּועל-יוצא פון מיין היילן? אַ גרעסערן שטות איז גאָרנישט מעגלעך צו באַגיין. איך וואָלט אָן אַ שום צוועק קאַליע געמאַכט דעם צוטרוי פונם קראַנקן צו מיר און וואָלט אים געבּרענגט דערצו, אַז ער זאָלט פון יעדער רפואה מיינער דערוואַרט די גרעסטע אומגליקן.

איך האָב געשוויגן און, באַמיִענדיק נישט צו באַגעגענען זיך מיט די בליקן פונם קראַנקנס פרוי, האָב איך אויסגעהערט וועגן די ווונדער און פאַרשידנאַרטיקע קאָמפּליצירונגען באַ אַ טיפוס.

מען האָט מיך גערופן צו אַ קראַנק קינד, עס האָט געפיבערט, קיין שום באַשטימטע ווייטיקן אָדער סימפּטאָמען זענען נישט געווען; מען האָט געמוזט צוואַרטן, ביז די קראַנקהייט וועט קלאָר ווערן. איך האָב נישט געוואָלט פאַרשרייבן קיין „ut aliquid fiat" און געזאָגט דער מוטער, אַז מען דאַרף אָננעמען די און די היגיִענישע מיטלען און אַז דערווייל דאַרף מען קיין רעצעפּטן נישט.

באַם קינד האָט זיך אַנטוויקלט אַ געהירן-אָנצינדונג און עס איז געשטאָרבן. האָט די מוטער מיך אָנגעהויבן שילטן מיט טויטע קללות צוליבן טויט פון איר קינד, ווייל איך האָב מיך נישט געאיילט „איבערצורייסן" די קרענק זיינע אין דער געהעריקער צייט.

און ווי אַזוי זאָל איך מיך האַלטן „ערלעך" אין דער באַציִונג צו פאַרפאַלענע קראַנקע? זיי מוז מען דאָך די גאַנצע צייט חנפהנען

און זאָגן ליגנס, מ'דאַרף אויסטראַכטן פאַרשידענע מעשיות, כדי ווי מעגלעך לענגער אויפצוהאַלטן די האָפענונג, וואָס לעשט זיך אויס. דער קראַנקער דערקענט די ליגנס ביז אַ געוויסער מאָס און איז צו יעדער צייט גרייט צו פאַרשיטלען די מעדיצין און אויסלאָזן זיין כעס צום דאָקטאָר.

ווי אַזוי-זשע האַלט מען זיך פאָרט?

די אַלט-איינדישע מעדיצין איז אין דער הינזיכט געווען איינפאַך און גרויזאַם-האַרט; זי האָט זיך נאָר באַשעפטיקט מיט אויסהיילבאַרע קראַנקע, אַ פאַרפאַלענער קראַנקער האָט זיך נישט געטאָרט היילן; די קרובים פלעגן אים אַוועקפירן צום ברעג פון גאַנגעס, פאַרשטאָפּט אים דאָס מויל און די נאָז מיט היליקן שליים און אַריינוואַרפן אין טייך...

דער קראַנקער איז בייז, אויב מ'זאָגט אים נישט דעם אמת; אָ, ער וויל דאָך נאָר דעם סאַמע אמת!

אין אָנהייב בין איך געווען אַזוי באַזוו און יונגלעריש-איינפאַך, אַז ווען מ'האָט דאָס פון מיר שטאַרק געפאָדערט, האָב איך דעם קאַנקן געזאָגט דעם אמת; נאָך ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס עס הייסט אַזוינס אין דער ווירקלעכקייט, ווען אַ קראַנקער פאָדערט פון אייך דעם אמת, פאַרזיכערנדיק, אַז ער האָט נישט קיין מורא פאַרן טויט; דאָס הייסט: „אויב עס איז נישטאָ קיין שום האָפענונג, זאָלסטו מיר אַזוי זאָגן די ליגנס, אַז עס זאָל מיר אויף קיין איין רגע נישט איינפאַלן, אַז דו זאָגסט נישט קיין אמת“.

אומעטום, אויף יעדער טריט און שריט, מוז מען זיין אַן אַקטיאָר; צום מיינסטן איז עס דערפאַר נייטיק, ווייל אַ קראַנק ווערט אַ סגעהיילט נישט נאָר מיט רפואות און דיעטעס, נאָר אויך מיטן קראַנקנס נשמה גופא; זיין מונטערע, גלייביקע נשמה איז

אַ ריזיקער כוח אין קאַמף מיט דער קרענק, און עס איז גאָרנישט מעגלעך געגנוג אָפּצושאַצן דעם דאָזיקן כוח.

אין אָנהייב פלעג איך מיך וווּנדערן, פאַרוואָס מיין היילן וירקט אויף די שטענדיקע פּאַציענטן מיינע, וועלכע גלייבן אין מיר שטאַרק, און שיקן נאָך מיר פון צווייטן עק שטאָט, מער ווי אויף די פּאַציענטן, וועלכע קומען צו מיר דאָס ערשטע מאָל: איך האָב דערין געזען אַ קאָמישן צופאַל.

ביסלעכווייז בין איך אָבער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס איז גאָר קיין צופאַל נישט, אַז אַ גרויסע אונטערשטיצונג גיט מיר באמת דער גלויבן אין מיר, וועלכן איך האָב מיר רעדוואָרבן, וועלכער שטאַרקט די ענערגיע בײַם קראַנקן און בײַ די נאָנטע זיינע.

דער קראַנקער נייטיקט זיך שטאַרק אינם דאָזיקן גלויבן און כאַפּט מאָמענטאַל אויף אינם דאָקטאָרס קול יעדן טאָן פון וואַקלעניש און צווייפל... און איך האָב מיך אָנגעהויבן צוגעוויינען צו האַלטן זיך זיכער אין דער קעגנוואַרט פונם קראַנקן, פאַרשרייבן רפואות מיט אַ העכסט־דאָקטאָרישן און פעסטן טאָן, כאָטש אין האַרץ זאָלן פונקט דאַמאָלס אויפשטיין טויזנטער ספקות.

— ה׳ דאָקטאָר, אפשר וואָלט בעסער געווען צו טון דאָס און דאָס? — פרעגט אַמאָל אַ ספּעקטישער קראַנקער.

— איך וואָלט אייך געבעטן, איר זאָלט אומבאַדינגט טון וואָס איך הייס — דערקלער איך אים קאַטעגאָריש. — נאָר אונטער דעם איינעם באַדינג קען איך אייך היילן.

אַ דאָקטאָר מוז קענען איינגעמען די נשמה פון קראַנקן — עס וועלן דעם קראַנקן נישט העלפן נישט די דיעטע, נישט די רפואות, וואָס דער דאָקטאָר פאַרשרייבט אים, דאָס אַלץ וועט קיין שום נוצן נישט ברענגען, אויב דער דאָקטאָר פאַרמאָגט נישט די

פעיקייט איינצונעמען און זיך אונטערניק צו מאַכן דעם קראַנקנס נשמה.

עס זענען אָבער באמת דאָווירקלעך-אינטעליגענטע קראַנקע, וואָס באַדאַרפן נישט קיין קונצנמאַכעריש-דאָקטאָרישן טאָן, פאַר וועלכע עס זענען וויכטיקער טאַלאַנט און קענטעניש, וועלכע ווילן נישט באַהאַלטן דעם נאַקעטן אמת. אַזעלכע קראַנקע זענען אָבער צווישן מענטשן אַזוי זעלטן, ווי זעלטן עס איז צווישן זיי טאַלאַנט און קענטעגישן גופא.

## XIII

עס איז פאַרביי אַ לאַנגע צייט, ביז איך בין געוווינט געוואָרן מיט די כּוחות פון דער מעדיצין און זיך געלאָזט באַגנוגענען מיט דער באַגרענעצטקייט זייערער. איך פלעג מיך שעמען צו קוקן אין די אויגן אַריין דעם קראַנקן, וועלכן איך בין נישט בכּוח געווען צו העלפן.

ער פלעגט שטיין פאַר מיר מרה־שחורהדיק און פאַרצווייפלט, ווי אַ שווערער פאָרוואָרף קעגן דער וויסנשאַפט, פון וועלכער איך בין דער פאָרשטייער, און אין האַרץ פלעגט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אויפשווימען אַ קללה פאַר דער דאָזיקער אָנמעכטיקער וויסנשאַפט.

Was hab ich,
Wenn ich nicht alles habe?

וואָס האָב איך,
אויב איך האָב נישט אַלץ?

דעם קען איך העלפן, דעם קען איך נישט; אַלע קענען ווי

אָבער צו מיר. אַלע ווילן זיי גלייך זיין געזונט, און אַלע זענען זיי גלייך באַרעכטיקט צו דערוואַרטן פון מיר ת״לף.

אַזוי אַרום ווערן פאַרשטענדלעך די ווײ-געשרייען, דער געפערלעכער אומעט און דאָס פאַרלירן דעם גלויבן אין זייער אַרבעט, מיט וועלכן עס זענען איבערפולט די אינטימע בריוו פון די גרעסטע פאַרשטייער פון אונדזער וויסנשאַפט. און וואָס איינער פון זיי איז גרעסער, אַלץ בולטער איז ער פאַראורטיילט צו פילן זיין אָנמעכטיקייט.

„פון מיין גאַנצער טעטיקייט זענען די לעקציעס דאָס איינציקע וואָס אינטערעסירט מיך און האַלט מיך אויף, — האָט באַסקין געשריבן צו זיין פריינט דר. ביעלאָגאָלאָווי — דאָס איבעריקע פיל איך ווי אַ יאָך, פאַרשרייבנדיק אַ מאַסע רעצעפטן, וואָס נוצן צו גאָרנישט.

דאָס איז נישט כּתּם קיין פּראַזע און די קענסט שוין פאַרשטיין, פאַרוואָס מיר איז אַזוי דערעסן די פּראַקטישע טעטיקייט אין מיין קליניקע. פאַרמאָגנדיק אַ גרויסן מאַטעריאַל פון כראָניקעס, הייבט זיך באַ מיר אָן אויסצואַרבטן אַ טרויעריקע איבערצייגונג וועגן דער אָנמעכטיקייט פון אונדזערע הייל-מיטלען.

זעלטן ווען איך שטודיר דורך אַ קליניקע און איך זאָל נישט קיין טראַכט טון; פאַר וואָס האָב איך צוגענומען באַ אַ גרויסער טייל פון די מענטשן זייער געלט און האָב זיי נאָך געהייסן אויסגעבן אויף איינעם פון אונדזערע אַפּטייק-מיטלען, וועלכעס ברענגט אַ פאַרלייכטערונג אויף 24 שעה און טוט אָבער גאָרנישט אויף קיין ממשותדיקס?

זיי מיר מוחל פאַר מיין שלעכטער שטימונג, הייגט

האָב איך אָבער אָנגענומען פּאַציענטן אינדערהיים און איך געפין מיך נאָך אונטערן פרישן איינדרוק פון דער דאָזיקער אומגוצלעכער אַרבעט."

באַ בילראָטן איז פאַרהאַן אַ געדיכט, ער האָט עס געהאַט געשיקט זיינס אַ פריינט, דעם קאָמפּאָזיטאָר בראַמס, און עס איז נישט געווען באַשטימט צום דרוקן. אין דער איבערזעצונג איז שווער איבערצוגעבן די גאַנצע שטאַרקייט און די פּאָעזיע פון דעם געדיכט, אַט איז עס:

איך קען נישט מער פאַרטראָגן,
ווי מיך די מענטשן קוועלן יעדער רגע,
ווי זיי באַגערן אוממעגלעכס פון מיר!
ווייל איך בין עטוואָס טיפער נאָר אריין
ווי אַנדערע אין סודותפולן וועזן פון נאַטור,
שוין מיינען זיי, אַז איך קען, ווי די געטער גלייך,
באַפרייען פון יסורים, שענקען גליק.
כ'בין אָבער נאָר אַ מענטש, ווי אַלע אַנדערע.
ווען איר זאָלט וויסן, ווי ס'קאָכט און זידט אין מיר,
ווי ס'האַלט מיין הארץ דאָס קלאַפּן אויף,
ווען איך קען אָנשטאָט היילונג
קוים טרייסטן שוואַך פאַרפאַלענע...
... וואָס וועט פון מיר דען זיין?
פון מיר דעם גרויס-באַוואונדערטן
און הילפלאָזן מענטש?*)

---

*) דער אָריגינאַל פונם געדיכט איז אַ דייטשער. דאָ איז עס איבערגעגעבן פריי, נישט אָפּהיטנדיק דעם סטיל זין.

מיט דער דאָזיקער אָנמעכטיקייט האָט מען זיך ביסלעכווייז געמוזט איבערבעטן: מיט אַן אומפאַרמיידלעכער זאַך מוז מען דאָך סוף כּל סוף שלום מאַכן. פונדעסטוועגן גיט דאָך אונדז די וויסנשאַפט אַ סך כּוח און מיטן דאָזיקן כּוח קען מען אַ סך אויפטון.

אָבער מיט איין זאַך איז אוממעגלעך געווען שלום צו מאַכן, דאָס איז דער באַוווסטזיין, אַז דער כּוח, וועלכן מיר באַזיצן שוין יאָ, ווייזט זיך אַרויס אין דער פּראַקטיק צו זיין זייער אַ נישטיקער, און דאָס האָט אין מיר אונטערגעגראָבן די צופרידנקייט מיט מיין אַרבעט.

די מעדיצין איז אַ וויסנשאַפט וועגן היילן מענטשן. דאָס האָבן מיר געאורטיילט לויט די ביכער, דאָס האָט מען אויך געאורטיילט דערפון, וואָס מיר האָבן געזען אין די אוניווערסיטעטס-קליניקעס.

אין דער פּראַקטיק האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די מע-דיצין איז אַ וויסנשאַפט וועגן היילן נאָר בלויז רייכע און פרייע מענטשן. בנוגע די רעשט מענטשן איז זי גאָר אַ טעאָרעטישע וויסנשאַפט וועגן דעם, ווי אַזוי מען וואָלט זיי געקענט אויסהיילן, ווען זיי זאָלן אַלע זיין רייך און פריי; און אויב ס'איז נישט אַזוי, האָט מען זיי געמוזט געבן אין דערווירקלעכקייט אַזעל-כעס, וואָס איז נישט מער ווי אַן אומפאַרשעמטע לעסטערונג פון דער מעדיצין.

טיילמאָל, יום-טוב-צייט, קומט צו מיר אויף וויזיטן אַ שוסטער-יינגל פון דעם שכנישן שוסטער-וואַרשטאַט. זיין פּנים איז בלאַס-גרין ווי אַ פאַרשימלטע שטוקאַטורקע. עס מישט זיך אים אָפט אין קאָפּ און ער פאַלט אָפט אין חלשות.

מיר קומט אָפטמאָל אויס דורכצוגן פאַרביי דעם וואַרשטאַט, ווו ער אַרבעט, — די פענסטער פונם וואַרשטאַט גייען אַרויס אויף דער גאַס אַרויס.

זעקס אינדערפרי אין עלף באַנאַכט זע איך אין פענסטער וואָסקעס אָפּגעשוירענעם קאָפּ איבערגעבויגן איבער אַ שטיקל און לעבן אים נאָך אַזעלכע גרינע און אויסגעדאַרטע לערנייִנגלעך און אַרבעטערס; אַ קליין נאַפט-לעמפעלע ברענט טונקל איבער זייערע קעפּ, פון פענסטער אַרויס פילט זיך אַזש אויף דער גאַס אַ געדיכטער, מיאוסער געשטאַנק, פון וועלכן עס פאַרגייט באַם האַרץ.

און אָט דאַרף איך היילן וואָסקען.

ווי אַזוי היילט מען אים?

מ'דאַרף קומען און אים אַרויסרייסן פון דעם פינסטערן, שטינקעדיקן ווינקל, לאָזן אים אַרומלויפן איבערן פעלד, אונטער דער הייסער זון, אויפן פרייען ווינט, און זיינע לונגען וועלן זיך אַנטוויקלען, דאָס האַרץ זיינס וועט שטאַרק ווערן, דאָס בלוט וועט ווערן רויט און הייס.

דערווייל אָבער זעט ער אַפילו די פעטערבורגער שטויביקע גאַסן נאָר דאַמאָלס, ווען דער מייסטער שיקט אים אָפּטראָגן אַ שטיקל אַרבעט; אַפילו יום-טוב קען ער זיך נישט אויסגלייכן די ביינער, ווייל דער מייסטער פאַרשליסט די לערן-ייִנגלעך אויף אַ גאַנצן טאָג אין קאַמער אַריין, כדי זיי זאָלן נישט אַרומוואַלגערן...

און דאָס איינציקע וואָס איך קען טון פאַר וואָסקען איז דאָס, אים איינצוגעבן אייזן און אַרשעניק און טרייסטן זיך מיטן געדאַנק, אַז איך טו פאַר אים פאָרט כאָטש עפּעס!

עס קומט צו מיר אַ וועשין מיט אַן עקזעמע אויף די הענט, אַ לאַסט-טרעגער מיט אַ קילע, אַ וועבער מיט שווינדזוכט; איך פאַרשרייב זיי שמירעכצן, ברוכבענדער, פּראָשקעס — און מיט אַ נישט זיכערער שטימע זאָג איך זיי, שעמענדיק זיך אַליין מיט דער קאָמעדיע, וועלכע איך שפּיל, אַז דער וויכטיקסטער באַדינג פאַר זייער געזונט איז דאָס, אַז די וועשין זאָל נישט נעצן די הענט,

דער לאַסט־טרעגער זאָל נישט האָבן קיין משאות, און דער וועבער זאָל אויסמיידן שטויביקע צימערן.

זיי ענטפערן מיט אַ זיפץ, דאַנקען פאַר די שמירעכצן מיט די פּראָשקעס און גיבן מיר צו פאַרשטיין, אַז זיי קענען נישט אַוועקוואַרפן די באַשעפטיקונגען זייערע, דערפאַר ווייל זיי דאַרפן דאָך עסן.

אין אַזעלכע מינוטן כאַפּט מיך אָן אַ בושה פאַר זיך אַליין און פאַר דער וויסנשאַפט, צו וועלכער איך דין, פאַר דער נישטיקייט און אָרימקייט, מיט וועלכער זי איז פאַראַורטיילט אַרויסצווייזן זיך אין לעבן.

אין דאָרף האָט זיך צו מיר איינמאָל געווענדט נאָך הילף אַ פויער מיט אַ שווערן אָטעם. די גאַנצע לינקע לונג איז בא אים איינגאַנצן פאַרכאַפּט געווען פון אַ קרופּ־אָנצינדונג.

איך האָב מיך שטאַרק געוווּנדערט, ווי אַזוי ער האָט גאָר געקענט קומען צו מיר און האָב אים געהייסן, ווי באַלד ער וועט גאָר קומען אַהיים, זאָל ער זיך תיכף לייגן אין בעט אַריין און נישט אַרויסגיין.

— וואָס רעדסטו, פריץ? ווי קען מען דאָס? — האָט ער זיך פאַרוווּנדערט אויף מיינע רייד. — צי ווייסטו נישט, וואָס פאַר אַ צייט עס איז היינט? אַ היץ, מ׳דאַרף אַרבעטן. דער ליבער גאָט האָט צוגעשיקט אַ גוט וועטער, און איך וועל גאָר ליגן! וואָס רעדסטו אַזוינס, גאָט זאָל אָפּהיטן! זיי בעסער אויף אַזוי פיל ליבלעך, און גיב מיר עפּעס אַ שטיקל רעצעפּטל, פאַרגרינגער מיר דעם אָטעם.

— קיין שום רעצעפּטן וועלן אָבער נישט העלפן, אויב דו וועסט גיין צו דער אַרבעט! עס איז קיין שפּילעכל נישט, — קענסט נאָך שטאַרבן!

— נו, גאָט וועט העלפן, — אַזוי גיך שטאַרבט מען? איך

וועל איבערקומען ווי עס איז, אָבער ליגן — דאָס איז אוממע־גלעך: פון די איצטיקע דריי וואָכן זענען מיר אַ גאַנץ יאָר זאַט.

מיט דער רפואה מיינער אין קעשענע און מיט דער קאָסע אויפן אַקסל איז ער אַוועק אויפן פעלד און געשניטן דאָס קאָרן ביזן אָוונט און פאַרנאַכט האָט ער זיך אַנידערגעלייגט אויפן פעלד און געשטאָרבן פון דער לונגען־אָנצינדונג.

דאָס האַרטע, ריזיקע און מעכטיקע לעבן טוט זיך אָן אויפ־הער זיין בלינדע, גרויזאַמע אַרבעט, און ערגעץ דאָרט צופוסנס וואַלגערט זיך די שוואַכענקע מעדיצין, איינשטעלנדיק אירע היגיע־נישע און טעראַפּישע „באַרמעס".

אָט איז דער מענטשלעכער אָרגאַניזם מיט זיין גאַנצן אוצר פון פאַרשידנסטע אברים, וועלכע האָבן זייערע פולסטע און ברייט־סטע פונקציעס. און ווי דאָס לעבן וואָלט זיך אַ שטייגער געשטעלט פאַר אַ ציל אַ קוק צו טון, וואָס וועט פונם דאָזיקן אָרגאַניזם ווערן, אויב מ'זאָל אים שטעלן אין די סאַמע אוממעגלעכסטע לאַגעס און באַדינגונגען.

טייל מענטשן זאָלן נאָר שטיין און גיין און זיך אַפילו נישט אַנידערזעצן, און זאָלן זייערע פיס ווערן פלאַך, דאָס פלייש פון די פיס אָנגעשוואָלן, די אָדערן אויף די פיס אויסגעצויגן און פאַר־וואַנדלט ווערן אין אייביקע קרעץ.

טייל מענטשן ווידער זאָלן אייביק זיצן און זיך נישט אויפ־שטעלן; און די פלייצע זאָל באַ זיי ווערן אויסגעקרומט, די לונג־און־לעבער אַריינגעקוועטשט, די אויסגאַנגס־קישקע באַדעקט מיט בלוטיקע שטיקלעך.

די שליטל־פירערס אין די קוילנס־גרובנס לויפן אָן אויפהער אַרום איבער די קאָרידאָרן מיט די שליטעלעך אויף אַלע פיר;

די בלאָזערס אין די גלאָז-הוטעס אַרבעטן בלויז מיט די לונגען און מאַכן זיך פון זיי בלאָזזעק...

עס זענען גאָר נישט פאַרהאַן אַזעלכע אומנאַטירלעכע לאַגעס און באַוועגונגען, אין וועלכע דאָס לעבן זאָל נישט בויטן קיין מענטשן צו פאַרברענגען די גאַנצע צייט זייערע, עס זענען נישט פאַר-האַן אַזעלכע סמען, מיט וועלכע זיי זאָלן נישט מוזן אָטעמען, נישטאָ אַזאַ מין לאַגע, אין וועלכע מענטשן זאָלן נישט געצוווּנגען זיין צו לעבן.

ערשט איצט בין איך געקומען פון אַ קראַנקער פּאַפּיראָסן-מאַכערין; זי באַוווינט אַ ווינקל צוזאַמען מיט אירע צוויי קינדער. די שטוב איז נידעריק אין האָט זיבן טריט אין דער לענג און זעקס אין דער ברייט, זעכצען מענטשן וווינען אין דער דאָזיקער שטוב.

פאַר מיר איז בשום אופן נישט מעגלעך צו בלייבן אין דער דאָזיקער שטוב קיין צען-פופצען מינוט: אין דער שטוב איז נישטאָ קיין לופט, נישטאָ — אין בוכשטעבלעכן זין פונם דאָזיקן וואָרט. אַ לאָמפּ, אַז מ'לאַדעוועט אים אָן ווי עס געהערט צו זיין און מ'דרייט אים אַרויס, שטינקט ער און צאַנקט, ווייל עס פאַרפעלט אים זויערשטאָף, מוז מען אים צוריק אַריינדרייען; די שווערע פייכטע קלעבעדיקע לופט איז אָנגעפולט מיט אַ זויערן ריח פון קינדערישער ציאה, מאַכאָרקע און נאַפט. פון אַלע ווינקעלעך אַרויס קוקן אויף מיר וואַקסענע, מאָדנע-אומבאַוועגלעכע, קינדערישע פּנימ-לעך מיט קרומע ציין, איינגעפאַלענע ברוסטן און אויסגעקרומטע גלידער; אין די גרויסע אויגן זייערע איז נישט צו באַמערקן קיין שום סימן פון יענער לעבעדיקייט און פרייִלעכקייט, וועלכער איז דאָך פאַר קינדער „נאַטירלעך".

בכלל, האָב איך, ווערנדיק אַ דאָקטאָר, פאַרגעסן, וואָס אַ־זוינס עס איז פאַר אַ מענטש נאַטירלעך! אַ באַרמהערציקע שוועסטער-

אַ לערערין, אַ זשורנאַליסט, ווען זיי זענען אָפּגעמאַטערט און דערשעפּט, קענען נישט אַנטשלאָפן ווערן אָן אַ פּראָשעק בראָם.

ציִ איז נאַטירלעך, אַז אַ מענטש וואָס האָט לאַנג נישט געגעסן זאָל זיין הונגעריק? — ניין עס איז נישט נאַטירלעך? ער מוז אָננעמען קינסטלעכע מיטלען צום דערוועקן דעם אַפּעטיט פּונקט ווי אַן איבערגעזעטיקטער פרעסער.

דאָס דאָזיקע טאַקע האָט מיך שטאַרק געוווּנדערט באַם רוב פאַבריק-אַרבעטער און בעל-מלאכות.

— אַרבעטסט אַ גאַנצן טאָג, — דער מאַשין קלאַפּט, אונטער דיר טרייסלט זיך די פּאָדלאָגע, גייסט אַרום ווי אַן אומרו, ווערסט מיד פון דער אַרבעט ערגער ווי אַ הונט, אָבער וועגן קיין עסן טראַכסטו גאָר נישט. וואָלסט נאָר געטרונקען קוואַס. ווי נעמט מען אָבער כוח פון טרינקען קוואַס? מ'גיסט זיך נאָר אָן אַ בויך און מער גאָרנישט. נאָר דער בראָנפן ראַטעוועט: טרינקסט אויס אַ גלעזעלע, — נו, גליסט זיך דיר טאַקע עסן.

שוין עטלעכע יאָר בין איך דאָקטאָר אין איין דרוקעריי, — און פאַר דער גאַנצער צייט האָב איך נאָך נישט געזען קיין איין זעצער קיין אַלטן מאַן! נישטאָ קיין עלטער, נישטאָ קיין גרויע האָר, — די מענטשן לייגן זיך אין קבר אַריין פאַר דער צייט אויפגעגעסענע פונם צינערנעם שטויב.

דאָס לעבן מאַכט דורך איבער'ן מענטש פאַרשידענע עקספּערימענטן, און שפּאַסנדיק גיט עס איבער פאַר אונדזערטוועגן אויסצופאָרשן די רעזולטאַטן פון די דאָזיקע עקספּערימענטן.

מיר דערלערנען און באַקומען אַ קלאָרן באַגריף וועגן דעם ווי אַזוי עס ווירקט אויף אַ מענטש דאָס כראָנישע אָפּסמען זיך מיט צין, קוועקזילבער, פאָספאָר, ווי אַזוי עס ווירקט אויף דער אַנטוויקלונג פון קינדער דער מאַנגל אין ליכט, לופט און באַוועגונג.

מיר דערגייען, אַז פון הונדערט וועבערס וועלן עלטער פון פערציק יאָר קוים ניין מאַן, אַז פון פרויען, וועלכע זענען באַשעפטיקט בײַ טעקסטיל־אַרבעט לעבן לענגער ווי פערציק יאָר נאָר זעקס פּראָצענט...

מיר דערוויסן זיך, אַז צוליב דער אומגעהייערער אַרבעט פאַרלירן די פּויערטעס אויפן גאַנצן זומער זייער אייגנאַרטיק פּיזיאָלאָגיש פרויען־לעבן, אַז נייטאָרינס און שטודירנדיקע מיידלעך ווערן במשך פון עטלעכע יאָר אַנעמישע, קראַנקע קאַלעקעס. און נאָך אַ סך ווערן מיר געוווּיר.

וואָס קומט אַרויס דערפון, וואָס אונדזער מעדיצין קען צו דעם אַלעמען העלפן? וואָס פאַר אַ ווערט האָבן די גיבעכדיקע מיטלען, מיט וועלכע זי פּרוווט צו פאַריכטן דאָס, וואָס דאָס לעבן מאַכט קאַליע אַזוי בגריש?

דער גרויסער מענטש הענגט אויף אַ צלם, זיינע הענט מיט די פיס זענען צוגעקלאַפּט מיט טשוועקעס, און די מעדיצין וואַשט אָפּ די בלוטיקע וווּנדן מיט אַרניקע און בינדט זיי אַרום מיט שמעקעדיקע קאָמפּרעסן.

זי קען אָבער מער גאָרנישט אויפטון. עס קען נישט עקזיס־טירן אַזאַ וויסנשאַפט, וועלכע זאָל אויסלערנען פאַרהיילן וווּנדן מיט די טשוועקעס, וואָס שטעקן אין זיי; די וויסנשאַפט קען נאָר אָנווייזן דערויף, אַז די געזעלשאַפט טאָר אַזוי נישט לעבן, אַז מען מוז אַרויסרייסן די טשוועקעס פון די וווּנדן.

אין די צוואַנציקער יאָרן זענען בײַ די מילהויזענער וועבע־רינס אויסגעשטאָרבן לויט ווילערמעס נאָכפאָרשונגען אַ העלפט קינדער, נישט אויסלעבנדיק קיין גאַנצע פופצן חדשים. ווילערמע האָט געפּועלט בײַם פאַבריקאַנט דאָלפוס, ער זאָל דערלויבן זיינע אַרבעטערינס צו פאַרבלייבן אין דערהיים זעקס וואָכן נאָכן געבוירן און זיי באַצאָלן די שכירות פאַר דער גאַנצער צייט; און דאָס

דאָזיקע איז שוין געגוג געווען, אַז די שטערבלעכקייט צווישן די זייג־קינדער זאָל אָן יעדער הילף מצד דער מעדיצין אויף אַ העלפט פאַרקלענערט ווערן.

פאַר מיר איז אַלץ קלערער געוואָרן איין זאַך, אַז די מע־דיצין קען עפּעס אַנדערש נישט אויפטון, ווי אָנווייזן נאָר אויף די באַדינגונגען, אין וועלכע עס איז מעגלעך אויסצוהיילן און געזונט צו מאַכן מענטשן: אָבער אַ דאָקטאָר, אויב ער איז טאַקע אַ דאָק־טאָר און נישט קיין באַאַמטער פון מעדיציניש ן באַרוף, מוז פאַר אַלעם קעמפן דערפאַר, אַז עס זאָלן באַזייטיקט ווערן די באַדינגונ־גען, וואָס מאַכן פון זיין טעטיקייט אַן אומזיניקע און אומזיסטע אַר־בעט: ער דאַרף זיין אַ געזעלשאַפטלעכער טוער אין פולסטן זין פונם דאָזיקן וואָרט, ער דאַרף נישט בלויז אָנווייזן, ער דאַרף קעמפן און זוכן די וועגן, ווי אַזוי דורכצופירן זיינע אָנווייזונגען אין לעבן.

און דאָס דאָזיקע איז נאָך מער נויטווענדיק, ווייל די צייט שטייט נישט און דאָס לעבן פאַרשלעפט די מענטשהייט אין עפּעס אַ גרויזאַמען אָפּגרונט אַריין. עס פאַרגרעסערט זיך אַלץ מער די צאָל „באַגרענעצטע“, „אומנאָרמאַלע“ און אַלקאָהאָליקער, עס ווערט פאַר־גרעסערט די צאָל בלינדע, טויבע, שטומע.

דער בעסטער באַווייז פאַר דעם פיזישן באַשטאַנד פון אַ באַפעלקערונג איז דער פּראָצענט פון די פעיקע צו מיליטער־דינסט, — ער פאַרקלענערט זיך פון יאָר צו יאָר מיט דער שנעל־קייט פונם באַראָמעטערס פאַלן פאַר אַ שטורם.

אין עסטרייך צום ביישפּיל איז דער פּראָצענט דינסט־פעיקע געווען אין יאָר 1870 — 26 פּראָצענט, אין 1875 — 18 פּראָצענט, אין 1880 — 14 פּראָצענט. דאָס איז דאָך אַזאַ דעגענערירונג, וועלכע מ׳קען כמעט אָנטאַפּן מיט דער האַנט!

און עס שמעקט נישט מיט קיין פאַנטאַזיע נאָר מיטן נאַקעטן

אמת די פאָלגנדיקע נביאות פון איין אַנטראָפּאָלאָג (אַ געלערנטער וואָס שטודירט די אָפּשטאַמונג און אַנטוויקלונג פון דעם מין מענטש):

„דער אידעאַל פון אַ האַרמאָנישער און סאָלידאַרישער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג קען נישט מקוים ווערן צוליב דער דעגענערירונג פון דער מענטשהייט. אין דער צוקונפט וועט איינגעפירט ווערן אַזאַ מין צענטראַליזירטע פעאָדאַל-אינדוסטריעלע אָרדנונג, ווו די פאָלקסמאַסן וועלן אין אַביסל אַ פאַרענדערטער פאָרם זיך געפינען אין דער לאַגע פון די ספּאַרטאַנישע אילאָטן, ווייל צוליב זייער פיזישער שוואַכקייט וועלן זיי קענען פאַרנעמען נאָר אַזאַ אָרט אין דער געזעלשאַפט."

## XIV

לאָמיר זיך אָבער פאָרשטעלן, אז די געזעלשאַפטלעכע לאַגע האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט. יעדער מענטש האָט די מעגלעכ־קייט אויסצופירן אַלע היגיענישע פאָרשריפטן, יעדן קראַנקן האָבן מיר די מעגלעכקייט צו געבן יעדער זאַך, וואָס די מעדיצינישע וויסנשאַפט קען נאָר פאַרלאַנגען. צי וועט כאָטש דאַמאָלס אונדזער אַרבעט זיין פרוכטבאַר און פריי פון סתירות?

שוין איצט אַפילו לאָזן זיך הערן מיינונגען פון אַנטראָפּאָלאָגן און דאָקטוירים, וועלכע ווייזן אָן אויף דער געפערלעכער איינ־זייטיקייט פון דער מעדיצין און אויף די גאַנץ צווייפלהאַפטע נוצן אירע פאַר דער מענטשהייט.

„די מעדיצין העלפט באמת דעם יחיד, זי העלפט אים אָבער אויפן חשבון פונם מין" ...

די נאַטור איז אויסבערענגעריש, נישט אויסגערעכנט: זי וואַרפט אַרויס אויף דער וועלט אַ סך באַשעפענישן און זאָרגט נישט וועגן דער פולקאָמענהייט פון יעדער באַשעפעניש באַזונדער; איבערקלייבן און אומברענגען דאָס נישט געלונגענע — דאָס לאָזט זי איבער פאַרן אומבארחמנותדיקן לעבן.

און אָט קומט די מעדיצין און שטרענגט אָן אַלע כּוחות צו שטערן דעם לעבן אין דער דאָזיקער אַרבעט.

אַ געווינערן האָט אַ שמאָלן געזעס-ביין, זי קען נישט האָבן דאָס קינד; זי מיטן קינד צוזאַמען מוזן שטאַרבן; די מעדיצין ראַטעוועט די מוטער מיטן קינד און שאַפט אַזוי אַרום די מעגלעכקייט, אַז עס זאָלן זיך פאַרמערן מענטשן מיט שמאָלע געזעס-ביינער, וועלכע טויגן נישט צום קינדער-האָבן.

וואָס מער עס פאַרשטאַרקט זיך די שטערבלעכקייט פון קינדער, מיט וועלכער די מעדיצין קעמפט אַזוי ענערגיש, אַלץ מער רייניקט זיך דאָס דור פון שוואַכע און קרענקלעכע אָרגאַניזמען.

די סיפיליטיקער, די שווינדזיכטיקע, די פסיכיש און נערוון-קראַנקע, וואָס די מעדיצין האָט מיט אירע באַמיִונגען אויסגעהיילט, פאַרמערן זיך און ברענגען אויף די וועלט אַ קראַנקן, אַ נערוועזן, דעגענערירטן דור.

די אַלע אָפּגעראַטעוועטע, נאָר דורך און דורך דעגענערירטע מענטשן מישן זיך צונויף און פּאָרן זיך מיט די געזונטע און רופן אַזוי אַרום אַרויס אַ שנעלע אַלגעמיינע דעגענערירונג פון דער ראַסע. און וואָס די מעדיצין וועט אַלץ מער אויפטון, אַלץ גרעסער וועט זיין די דעגענערירונג.

נישט אומזיסט האָט דאַרווין פּאָרן טויט אַרויסגעזאָגט פאַר אויסלעסן זייער אַ האָפנונגסלאָזע מיינונג וועגן דער צוקונפט פון דער מענטשהייט, דערפאַר וייל אין דער היינטיקער ציוויליזאַציע האָט נישט קיין אָרט דער נאַטירלעכער אויסוואַל און דאָס אויסלעבן זיך נאָר פון די סאַמע פעיִקסטע.

דאָס דאָזיקע געשעענסט פון אַלגעמיינער דעגענערירונג וואַרפט זיך אַזוי בולט אין די אויגן, אַז מען מוז זיך דעריבער טיף פאַרטראַכטן. און מ'פאַרטראַכט זיך טאַקע איבער דעם, און

מ׳קלערט אויס פארשידענע רעפארמען, כּדי דאָס אומגליק אויסצו־מיידן, מ׳לייגט פאר אויסצוראָטן יעדער מין „פּילאַנטראָפּיע" פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און צו פאַרוואַנדלען די מענטשהייט אין אַ ראַסאָווע פערד־שטאַל אונטער דער אויבערשטער לייטונג פון דאָקטוירים אַנטראָפּאָטעכניקער (אַנטראָפּאָטעכניק איז אַ שפּאָטישער אויסדרוק — אַ טעכניק פון מאַכן לייטישע, געזונטע מענטשן).

אויסקלערן אין די קאַבינעטן אַזעלכע פּראָיעקטן איז גאַנץ גרינג, ווייל דאָס „מענטשלעכע גליק" איז, אין קאַבינעט זיצנדיק, אַזוי הערלעך און רעאַל און מיט די לעבעדיקע יחידים ווען מ׳גיט זיי נאָר אַ באַהאַלט אונטער די טויטע ציפערן, איז אַזוי גרינג צו מאַכן אַ חיבור און אַ חיסור!

אין לעבן איז דאָך סוף כּל סוף פאַרט נישטאָ מער ווי דאָס באַשעפעניש, וואָס ווייסט גאָר פון זיך אַליין, און יעדער באַשעפעניש באַזונדער איז דאָך דער צענטער פון אַלץ און אַלעם

צום כּבוד פון דער מענטשהייט מוז מען זאָגן, אַז זי ווייזט אַרויס אַלעמאָל אַ גרעסערע שטרעבונג צו צעשמעטערן די מויערן פון די שוין עקזיסטירנדיקע שטאַלן און נישט אַריינצוקריכן אין נייע שטאַלן אַריין . . .

פונדעסטוועגן בלייבט פאָרט איבער דער זעלבער פאַקט, אַז דער נאַטירלעכער אויסוואַל הערט ביסלעכווייז אויף צו עקזיסטירן, די מעדיצין העלפט אַלעמאָל מער צו דערצו, און זי גיט דערפאַר גאָרנישט.

דערווייל אָבער גיט זיך צו פילן דאָס אויסלאָזן זיך פונם נאַטירלעכן אויסוואַל נישט נאָר אין די אָנגעוויזענע איינפאַכע רעזולטאַטן. די פאָלגן דערפון דרינגען אַריין אַ סך ווייטער און טיפער.

דער טיף פונם היינטיקן מענטש האָט זיך אויסגעאַרבעט דורך

אַ לאַנגן, שווערן וועג, וועלכער האָט דעם מענטש מער־ווייניקער צוגעפּאַסט צו דער אַרומיקער סביבה.

די סביבה גופא בלייבט אויך נישט אויף איין אָרט, מיט דער צייט הייבט זי זיך אָן אַלץ שנעלער און שטאַרקער צו ענדערן; נאָר דער מענטשלעכער אָרגאַניזם הערט איר אויף נאָכצופאָלגן און דווקא אין דעם זין, וואָס דער אָרגאַניזם הערט אויף צוצוקריגן נייע, גוטע מעלות.

אַמאָליקע צייטן האָבן די ציין גענוצט דעם מענטש צום צעבייסן, צערייסן און איבערקייען האַ־טע שפּייזן, וואָס האָבן געהאַט אַ מיטלמעסיקע טעמפּעראַטור, איצט עסט דער מענטש ווייכע שפּייזן, אָדער גאָר הייסע, אָדער גאָר קאַלטע; פאַר אַזעלכע שפּייזן דאַרף מען האָבן אינגאַנצן אַנדערע ציין, די פריִערדיקע טויגן נישט צו זיי. דאָס באַווייזט אונדז די שרעקלעכע צאָל פאַרפוילטע ציין, וועלכע מיר זען בײַ די קולטורעלע פעלקער.

די ווילדע שבטים, וועלכע שטייען אויסערהאַלב יעדער קולטור, האָבן גוט אַנטוויקלטע קינבאַקן און שטאַרקע, געזונטע ציין; בײַ די האַלב־ציוויליזירטע פעלקער איז פאַראַן פון 5 ביז 25 פּראָצענט מענטשן מיט פאַרפוילטע ציין, אָבער בײַ די הויך־ציוויליזירטע פעלקער זענען די ציין קאַליע בײַ 80 פּראָצענט מענטשן און בײַ נאָך מער.

דאָס באַטראַכטן די ציין בײַ די שילערינס פון די שולן בײַ דער קייזערלעכער הומאַניטאַרישער געזעלשאַפט אין פּעטערבורג באַווייזט, מיט אַ וואַסער שנעלקייט די ציין ווערן קאַליע גלייכצייטיק מיט דער עלטער. די שילערינס זענען איינגעטיילט געוואָרן אין דריי גרופּעס, לויט דער עלטער: פון 8 ביז 21 יאָר, פון 12 ביז 16 און פון 16 ביז 20. אין דער ערשטער גרופּע האָבן 79 פּראָצענט שילערינס געהאַט פאַרפוילטע ציין, דורכשניטלעך צו דריי שלעכטע ציין אויף אַ שילערין, אין דער צווייטער גרופּע — 87

פראָצענט און אויף יעדער שילערין איז אויסגעקומען 45 קאָליע-דיקע ציין. אין דער דריטער גרופּע — 62 פּראָצענט, אין יעדערע האָט דורכשניטלעך געהאַט 59 קאָליעדיקע ציין.

„וואָס איז דאָס אַזוינס? בײַ לעבעדיקע מענטשן זאָל זיך געפינען אַ לעבעדיקער אבר, וואָס פוילט און צעפאַלט זיך.

און דאָס איז נישט בײַ קיין אויסנאַמען, נאָר בײַ יעדן איינעם, אויסער בײַ גאָר ווייניקע אויסנאַמען. איינס פון דיביידע: אָדער דער מענטש דאַרף צוריקקערן צו זיינע פריערדיקע שפּייזן, אָדער זיך אויסאַרבעטן אַנדערע ציין.

וואָס טוט אָבער די מעדיצין? זי ריייניקט, פּלאָמבירט און האַלט אונטער מיט אַלע מיטלען די ציין, וואָס מיר האָבן, וועלכע ווערן קאָליע דעריבער, ווייל זיי מוזן קאָליע ווערן...“

אין אָנהייב האָט דאָס אויג געדינט דעם מענטש צום מיינסטן נאָר צו קוקן פונדערווייטנס און עס איז אים געווען פולקאָם געניגנד. די אומשטענדן האָבן זיך געענדערט, דאָס אויג דאַרף איצט מערסטנטייל קוקן פונדערנאָענט; דאַרף-זשע זיך אויסאַרבעטן אַזאַ אויג, וואָס זאָל גלייכצייטיק טויגן צו קוקן פונדערווייטנס און עס זאָל זיך קענען קאָנצענטרירן אויף זאַכן פונדערנאָענט.

אָבער די מעדיצין טראָגט אונטער דעם קורצזיכטיקן אויג אַ פּאָר ברילן און פּאַסט צו דאָס אויג צו די נייע באַדינגונגען מיט ריין-אויסערלעכע מיטלען; מיט יעדער צענדליק יאָרן פאַרגרע-סערט זיך די צאָל קורצזיכטיקע, און עס בלייבט איבער זיך צו

באַפרידיקן מיטן געדאַנק, אַז מיט גאָטס הילף וועט קלעקן גלאַז פאַר אַלעמענס וועגן.

קיין פּאָזיטיווע אייגנשאַפטן, וואָס זענען נייטיק פאַר די נייע אומשטענדן, באַקומט נישט דער מענטשלעכער אָרגאַניזם: דאַקעגן ווייזט ער אַרויס אַ נייגונג צו פאַרלירן די גוטע אייגנשאַפטן, וועלכע ער פאַרמאָגט שוין. די מעדיצין, שטרעבנדיק צו אירע צילן, דראָט אין דער הינזיכט אויך צו טון דער מענטשהייט זייער אַ שלעכטע טובה.

אין וואָס זעט די מעדיצין איר אידעאַל?

אין דעם, אַז אין דעם מענטשלעכן אָרגאַניזם זאָלן די קראַנקהייטן פאַרניכטעט ווערן באַלד ווי זיי ווערן נאָר געבוירן, אָדער נאָך בעסער, באַלד זיי נישט צוצולאָזן צום מענטש.

די כירורגיע, צום ביישפּיל, פאָדערט, אַז יעדער וווּנד, יעדער מינדסטער שניט זאָל תיכף געמאַכט ווערן לגמרי אומשעדלעך.

אין יעדן באַזונדערן פאַל איז דאָס דאָזיקע זייער צוועקמעסיק, דער אָרגאַניזם וועט זיך אָבער אַזוי אַרום אינגאַנצן אָפּגעוווינען פון קעמפן מיט דער געפאַר זעלבסטשטענדיק!

שוין איצט אפילו האָבן אָן אַ שיעור באַאָבאַכטער פעסטגעשטעלט, אַז די ווילדע מענטשן היילן זיך לייכט אויס אָן שום רפואות פון אַזעלכע וווּנדן, פון וועלכע די אייראָפּעער שטאַרבן בײַ דער זאָרגפעלטיקסטער היילונג.

לאָמיר נעמען אין אַלגעמיין אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן, דער מענטשלעכער אָרגאַניזם איז בכלל בנוגע צו די קרענק, וועלכע זענען אייגן דעם געגעבענעם פאָלק און דעם געגעבענעם אָרט, מער אויסהאַלטעוודיק, ווי בנוגע אַזעלכע קרענק, וועלכע זענען אים פרעמד געווען ביז יענער צייט.

שקאַרלאַטינע צווישן ווילדע מענטשן טראָגט אַוועק אין קבר אַריין מיט איין מאָל אַ האַלבע באַפעלקערונג. אין פּאָלינעזיע זענען

א סך מענטשן אויסגעהרגעט געוואָרן פון מלחמות, נאָר נאָך מער פון „דער ווייסער קרענק" — (שווינדזוכט).

— ווער האָט דערהרגעט דיין פאָטער? ווער האט דערהרגעט דיין מוטער?

— די ווייסע קרענק!

א פּאָלינעזישע פרוי, וועלכע קומט אין באַציונגען מיט א ווייסן מאַנספּערשוין, ווערט שטענדיק קראַנק אויף שווינדזוכט; דאָס איז נאָך ווייניק, זי שטעקט אָן אירע געליבטע ווילדע מענטשן. אויב אַן אויסטראַליער פארברענגט עטלעכע טעג אין אַן אייראָפּעיש שטעטל פון ניי-האָלאַנד (אויסטראַליע), ווערט ער אָנגע-שטעקט מיט שווינדזוכט (קאָשיוויצקי).

אויף די אייראָפּעער ווירקט אין דער זעלבער מאָס מאַלאַריע, דאָס געלע פיבער, די טראָפּישע דיזענטעריע.

וואָס וועט-זשע זיין, אויב יעדער אָנטשטעקנדיקע קראַנקהייט וועט באַלד בא איר געבורט ווערן פאַרניכטעט דורך דער מעדיצין? וועט יעדער קרענק ווערן דעם מענטש אינגאַנצן פרעמד און אָן דער הילף פון דער מעדיצין וועט זי אים כמעט זיכער מאַכן דעם טויט.

און דער רעזולטאַט דערפון וועט זיין — מענטשן וועלן פולשטענדיק אָפּהענגיק זיין פון דער מעדיצין און אָן איר וועלן זיי נישט קענען מאַכן קיין טריט.

ערשט נישט לאַנג האָב איך אין אַן אַרטיקל וועגן די אויפ-גאַבן פון דער מעדיצין אין דער צוקונפט באַגעגנט פאָלגנדיקע השערות:

„אָפּהיטן דעם מענטשלעכן אָרגאַניזם פון די פאַרשידענע סמען, וועלכע די מיקראָבן ברענגען אין אים אריין, וואָלט נאָר דאַן מעגלעך געווען, ווען עס זאָל אַנטדעקט ווערן איין אַלגעמיינער אַנטיטאָקסין קעגן די סמען, וואָס אַלע פאַרשידנסטע מיקראָבן ברענגען

אריין. בײַ אַזעלכע אומשטענדן וואָלטן מיר יעדן טאָג געקענט איינגעבן דעם אָרגאַניזם אַ געוויסע מאָס קעגן־סם און דערמיט אויסהיטן אים פאַר דער שעדלעכער ווירקונג פון די סמען, וועלכע די מיקראָבן ברענגען אין אים טאָג־טעגלעך אַריין, דערווייל איז אָבער צום באַדויערן נישטאָ קיין שום גרונט פאַר אַזעלכע ליכטיקע האָפענונגען...

דאָס איז דאָך אָבער״ שרעקלעך! יעדן טאָג מוזסטו דיר אַרייַנשפּריצן אונטער דער הויט אַ פּאָרציע פון אוניווערסאַלן אַנטיטאָקסין, און האָסטו עס פאַרגעסן צו טון, — שטאַרב־זשע אַוועק, ווייל מיטן אָרגאַניזם דיינעם, וואָס איז אָפּגעוואוינט פון זעלבסט־שטיקייט, וועט זיך לייכט אַן עצה געבן די ערשטע בעסטע באַקטעריע.

די היגיענע וואָרנט, מען זאָל נישט אַנידערשעלן אין שלאָפצימער קיין בעט צווישן דעם פענסטער און דעם אויוון, ווייל אין אַזאַ פאַל געפינט זיך דער שלאָפנדיקער מענטש אין דעם שטראָם פון דער לופט, וועלכע גייט פון די קאַלטע שויבן צום וואַרעמען אויוון און דאָס קען ברענגען צו אַ פאַרקילונג. די זעלבע היגיענע עצהט נישט צו אַרבעטן אָנגעשטרענגט ווינטערצייט אויף דער קאַלטער לופט, ווייל בײַם טיפן אַרייַנאָטעמען די לופט קילן זיך שטאַרק אָפּ די לונגען, וואָס קען אויך ברענגען צו אַ פאַרקילונג.

פאַרוואָס־זשע פאַרקילט זיך נישט די קראָ, וואָס שלאָפט אויפן קאַלטן האַרבסטיקן ווינט, פאַרוואָס פאַרקילט זיך נישט דער הירש, וואָס פליט פייל פון בויגן איבער דער טונדרע אין אַ דרייסיק־גראַדיקן פראָסט?

די קראָען מיט די הירשן, וואָס האָבן זיך פאַרקילט, זענען אומגעקומען און אַזוי אַרום ריין געמאַכט די מינים זייערע פון די שוואַכע יחידים, מיר אָבער האָבן נישט קיין רעכט מקריב צו זיין די שוואַכע מענטשן פאַרן נאַטירלעכן אויסוואַל.

גאנץ געדעכט, נאָר אין דעם באַשטייט דאָך די אויפגאַבע פון דער מעדיצין צו מאַכן פון שוואַכע מענטשן געזונטע; אַנשטאָט דעם אָבער מאַכט זי די שטאַרקע אויך שוואַך און שטרעבט צו פאַרוואַנדלען אַלע מענטשן אין נעבעכדיקע, הילפלאָזע באַשעפענישן, וואָס זאָלן לעבן אין זכות פון דער מעדיצין.

צום גליק אָבער, הייבן זיך שוין לעצטנס אָן אָנצומערקן אין דער וויסנשאַפט נייע וועגן, וועלכע זאָגן צו אין דער צוקונפט א סך הערלעכע מאָמענטן. אין דעם פרט פאַרדינען א באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט די פּרוּוון פון קינסטלעכער אימוניזאַציע פונם מענטש (פאַרהיטן דעם מענטשלעכן קערפּער קעגן מיקראָבן און סמען).

עס איז נאָך נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן, נאָר עס אין העכסט וואַרשיינלעך, אַז דער תמצות פון דער ווי־קונג באַשטייט אין דעם, צוצוגעוווינען די כוחות פונם אָרגאַניזם צו קעמפן זעלבסט־שטענדיק קעגן די מיקראָבן און די סמען, וואָס רייסן זיך אין אים אַריין.

אויב עס איז אַזוי, האָבן מיר דאָ צו טון מיט א געוואַלטיקער איבערקערעניש אין די יסודות פון דער מעדיצין גופא; אַנשטאָט אַרויסצוטרייבן פונם מענטש די קראַנקהייטן, וואָס האָבן זיך אין אים באַזעצט, וועט די מעדיצין מאַכן אים פאַר א קעמפער. וואָס וועט זיך אַליין קענען אַן עצה געבן מיט די דראָענדיקע גע־פאַרן.

אָט איז אגב א ביישפּיל, ווי אַזוי די מעדיצין קען אָן שום קרבנות דערפירן דעם קולטור־מענטש צו דעם. צו וואָס דער באַטירלעכער אויסוואַל דערפירט די ווילדע מענטשן דורך ריזיקע קרבנות.

וואָס איז היינט נישטאָ, דאָס וועט זיין מאָרגן; די וויסנשאַפט אַנטהאַלט אין זיך א סך נישט אַנטפּלעקטע כוחות, וועלכע זײַנען

נאָך פאַר איר אַליין אַפילו אומבאַוווסט; און מיר האָבן פולקאָמע רעכט צו דערוואַרטן, אַז די וויסנשאַפט וועט אין דער צוקונפט נאָך אויסגעפינען נישט איין מיטל אַזעלכעס, דורך וועלכן זי וועט באַוויזן צו דערגרייכן דאָס זעלבע, וואָס ווערט אין דער נאַטור דערגרייכט דורכן נאַטירלעכן אויסוואַל, — נאָר דערגרייכן אַזוי אַז די אינטערעסן פון יחיד און פון כלל זאָלן זיך לחלוטין נישט ווידערשפּרעכן.

ביז וועלכע גרענעצן און אויף וויפל דאָס דאַזיקע וועט זיך איר איינגעבן, — דאָס איז נישט מעגלעך פאָרויסצוזאָגן, נאָר די דאַזיקע ווירקלעכע אַנטראָפּאָטעכניק האָט אָן אַ שיעור אויפגאַבן, שווערע, ברייטע אויפגאַבן, עס קען זיין אַזעלכע אויפגאַבן, וועלכע ס'איז אוממעגלעך אויסצופירן, וועלכע פאָדערן אָבער אומבדינגט אַן אַנטשיידונג.

„אַלץ וואָס גייט אַרויס פון דער נאַטורס האַנט איז פולקום", די דאָזיקע באַהויפּטונג פון זשאַן־זשאַק רוסאָ איז שוין לאַנג לחלוטין אָפּגעלייקנט געוואָרן, פאַרשטייט זיך, אַז אויך בנוגע דעם מענטש.

דער מענטש געפינט זיך איצט אין אַ געוויסער מדרגה פון זיין אַנטוויקלונג, ער האָט אָן אַ שיעור פאַרשידענע פעלערן, אומפולקאָמענהייטן און איבערבלייבעכצן: ער איז ווי אַרויסגעכאַפּט געוואָרן פון דער נאַטורס לאַבאָראַטאָריע אין סאַמע ברען פון געשטאַלטונגס־פּראָצעס, נישט פאַרענדיקט, נישט פאַרפולקאָמט.

אַזוי אַ שטייגער הייבט זיך בא אונדז אָן די דיקע קישקע מיט אַ קורצער „בלינדער קישקע", אַמאָל איז זי פאַר אונדזערע עלטער עלטער־זיידעס געווען אַ גרויסער נוצלעכער אבר, ווי בא די הייבטיקע חיות, וואָס עסן געוויקסן.

איצט איז אונדז דער דאָזיקער אבר לחלוטין נישט נייטיק; ער איז אָבער נישט פאַרשוווּנדן, נאָר זיך איבערגעשטאַלטיקט

אין אַ לאַנג, שמאָל קישקעלע, וואָס הענגט ווי אַ צולאָג בײַ דער דיקער קישקע. לײַ די וואָס עס איז אונדז נישט נײטיק, ברענגט עס אונדז נאָך שאָדן: די ביינדעלעך און קערנדלעך, וועלכע געפינען זיך אין די שפּײַזן, בלײַבן דערין לײַכט שטעקן און ברענגען צו אַ שווערער אָנצינדונג פון דער בלינדער קישקע, וועלכע איז אָפטמאָל שטערבלעך פאַרן מענטש.

אַחוץ דעם, האָבן די מענטשלעכע אברים, די גרופּירונג זײַערע נאָך ביז איצט זיך נישט צוגעפּאַסט צו דער ווערטיקאַלער לאַגע פונם מענטש. מען דאַרף זיך פאָרשטעלן, ווי שאַרף עס האָבן זיך געדאַרפט איבעראַנדערשן בײַ דער דאָזיקער לאַגע די פּאָזיציעס און די דריקונגס-קראַפט פון די פאַרשידענע אברים, דאַמאָלס וועט ערשט ווערן פאַרשטענדלעך, אַז נישט אַזוי לײַכט איז פאַר זיי זיך צוצופּאַסן צו זייער נײַער לאַגע.

איך וועל נישט אויסרעכנען אַלע אומ־ולקאָמענהייטן, וואָס זענען צוליב דעם דאָזיקן פאַראורזאַכט געוואָרן, איך וועל אָנווײַזן אויף דער סאַמע וויכטיקסטער, כמעט אין אַ העלפט פרויען-קראַנקהייטן איז שולדיק דאָס פאַרשידנאַרטיקע איבערויקן זיך פון דער הויבמוטער; אַ סך פון אַזעלכע פאַלן וואָלטן אָבער בשום אופן נישט געקענט פאָרקומען, און אַ סך פון זיי וואָלטן זיך גאָר לײַכט אויסגעהיילט, ווען פרויען זאָלן גיין אויף אַלע פיר.

דאָס מיטל, וואָס מאַריאָן-סימס האָט פאָרגעלייגט, צו לייגן די קראַנקע פרויען מיטן פּנים אַראָפּ, שטייענדיק אויף אַלע פיר אויף די עלנבויגנס און אויף די קניען, שפּילט אין דער גינעקאָלאָגיע און אין דער אַקושעריע אַ וויכטיקע ראָל, אייניקע גינעקאָלאָגן האַלטן אַפילו מאַריאָן-סימס אַנטדעקונג פאַר אַ ווענדונגס-פּונקט אין דער געשיכטע פון דער גינעקאָלאָגיע.

איבערגייענדיק באַזונדערס צו דער פרוי, זען מיר אין איר אָרגאַניזם אָן אַ שיעור אַזעלכע שווערע פיזיאָלאָגישע ווידערשפּרע-

שוגען און אומפולקאָמענהייטן, אַז דער שכל וויל זיי בשום אופן נישט אָנערקענען פאַר „נאָרמאַלע" און געזעצלעכע.

עס איז שרעקלעך, אָבער גלייכצייטיק פולקאָם גערעכט די באַהויפּטונג, אַז די פרוי איז „פון דער נאַטור אַ שוואַך, אַ קרענ־קלעך באַשעפעניש, וואָס איז אייביק אָן אויפהער קראַנק און האָט נאָר אייניקע געזונטע מאָמענטן אין לעבן".

די געזונטסטע פרוי איז פעריאָדיש קראַנק — דאָס איז בולט דערוויזן געוואָרן. און עס איז אוממעגלעך די דאָזיקע לאַגע צו באַטראַכטן ווי עפּעס אַנדערש, נאָר ווי אַן איבערגאַנגס־שטופּע צו אַ מער פולקאָמענער לאַגע.

דאָס זעלבע איז אויך מיט דער מוטערשאַפט: די פרוי הערט בּיסלעכווייז אויף צו זיין אַ „ווייב", און דאָס איז לחלוטין נישט „קעגן דער נאַטור", דערפאַר ווייל זי האָט געהירן, וועלכע האָבן ברייטע, מוכטיקע השגות. זי קען זיך אָבער בשום אופן נישט אָפּזאָגן פון דער ליבע און פון כסדרדיקער מוטערשאַפט (טראָגן, געבוירן, זייגן), וואָס ציט אַרויס פון דער פרוי אַלע כוחות בײַ דער גאַנצער צייט פון איר בלִיונג.

דאָ שטויסן זיך צונויף צוויי גלייכע, מעכטיקע און געזעצלעכע באַדערפעונישן און קיין אויסגאַנג דערפון איז בײַ דער איצטיקער לאַגע נישטאָ.

מעטשניקאָוו האָט אָנגעוויזן נאָך אויף איין געוואַלטיקן ווידערשפרוך אינם מענטשלעכן אָרגאַניזם, — נעמלעך, אויפן געביט פון דעם געשלעכטלעכן געפיל.

דאָס קינד איז נאָך לחלוטין נישט צוגעגרייט צום פאַרמערן זיך, און דאָך איז שוין בײַ אים דאָס געשלעכטלעכע געפיל אַזוי אַנטוויקלט, אַז עס האָט די מעגלעכקייט דערמיט צו מיסברויכן. אַ מיידל ווערט רייף צו מוטערשאַפט צו צוואַנציק יאָר, ערשט

דאַמאָלס, ווען דער וווקס פון די געזעס-ביינער פאַרענדיקט זיך בײַ איר, אָבער געשלעכטלעך ווערט זי רײַף בײַ זעכצען.

(די דאָזיקע אָנווייזונג מעטשניקאָווס ווערט פולשטענדיק באַשטעטיקט פון דער סטאַטיסטיק: לויט בערטיליאָן באַטרעפט די שטערבלעכקייט צווישן מיידלעך פון 15 ביז 20 יאָר 70 פּראָצענט, צווישן פרויען פון דער זעלבער עלטער — 50 פּראָצענט).

וואָס קומט אַרויס דערפון? דריי מאָמענטן, וועלכע דאַרפן אויספאַלן גלייכצייטיק, — די געשלעכטלעכע שטרעבונג, די געשלעכטלעכע באַפרידיקונג און די פאַרמערונג, — טיילן זיך אָפּ איינס פונעם אַנדערן מיט אַ משך פון עטלעכע יאָר.

אַ מיידעלע איז פעיִק צו צען יאָר צו שטרעבן אַ פרוי צו ווערן, ווערן אַ פרוי קען זיך ערשט צו זעכצען יאָר, און אַ מוטער ווערן איז זי פעיִק ערשט צו צוואַנציק!

„עס איז אויך מערקווירדיק דאָס, — זאָגט מעטשניקאָוו — וואָס אַזעלכע פאַרקריפּלונגען פון די נאַטירלעכע אינסטינקטן ווי זעלבסטמאָרד, קינדערמאָרד א. ד. גל. — דאָס הייסט דווקא די „אומנאַטירלעכע" טאַטן, זענען די סאַמע כאַראַקטעריסטישסטע אייגנשאַפטן פונם מענטש. צי איז דאָס נישט קיין באַווייז, אַז די דאָזיקע טאַטן גייען אַריין אינם צוזאַמענשטעל פון אונזער נאַטור, און פאַרדינען דעריבער אַ זייער ערנסטע אויפמערקזאַמקייט? מ'קען באַהויפּטן, אַז דער מין Homo sapiens*) געהערט צו דער קאַטעגאָריע פון די נאָך נישט פולשטענדיק אַנטוויקלטע מינים און נאָך נישט אינגאַנצן צוגעפּאַסטע צו די באַדינגונגען פון לעבן".

צום בולטסטן ווייזט זיך אַרויס די דאָזיקע נישט צוגעפּאַסט-

---

*) האָמאָ סאַפּיענס: „פאַרשטענדיקער מענטש" — דער וויסנשאַפטלעכער טערמין פונם זאָאָלאָגישן מין מענטש.

קייט פונם מענטש צו די לעבנס-באַדינגונגען אין דער שוואַכקייט פון זיין נערוון-סיסטעם. אין דעם פּרט איז דער מענטש שרעקלעך אָפּגעשטאַנען פונם לעבן.

דאָס לעבן פאָדערט פון אים אַלעמאָל אַ גרעסערע נערוון-ענערגיע, אַלמאָל מער גייסטיקע אָנשטרענגונג; זיינע נערוון זענען אָבער נישט פעיק צו אַזאַ אינטענסיווער אַרבעט, — נעמט זיך טאַקע דער מענטש צו אויפרעגונגס-מיטלען, כדי קינסטלעך צו פאַרגרעסערן זיין נערוון-ענערגיע.

די מאָראַליסטן מעגן דערפאַר פאַרשעמען די מענטשהייט, די מעדיצין מעג אויפווייזן, ווי „אומנאַטירלעך" עס איז אַריינצופירן אין אָרגאַניזם אַזעלכע סמען ווי ניקאָטין, טעין, אַלקאָהאָל א. ד. גל. נאָר דער באַגריף אומנאַטירלעכקייט איז זייער רעלאַטיוו. אַ סך פון די אויפרעגנדיקע מיטלען, אַ שטייגער טאַבאַק, בראָנפן, ביר האָבן דאָך אַן עקלהאַפטן טעם און ווירקן אויפן אומגעוווינטן מענטש זייער שרעקלעך; פאַרוואָס-זשע פאַרשפּרייטן זיך די דאָזיקע אויפרעגנדיקע מיטלען אַזוי שנעל, אַזוי זיגרייך פון זייער היימלאַנד איבער דער גאַנצער וועלט און באַזיגן אַזוי שנעל די „נאַטירלעכע" טבע פונם מענטש?

אומנאַטירלעך איז דער געבוי פונם מענטש, וואָס איז אָפּגעשטאַנען פון די אַנטוויקלטע לעבנס-באַדינגונגען, אומנאַטירלעך איז דאָס, וואָס דער מענטש מוז ערגעץ אַנדערש זוכן די כוחות, וועלכע ער וואָלט געדאַרפט האָבן אין זיך אַליין.

אַזוי צי אַזוי, פריער צי שפּעטער, נאָר דער מענטשלעכער אָרגאַניזם מוז נאָרמאַל ווערן, ער מוז אין זיך אויסאַרבעטן אַ נאַטירלעכן צוזאַמענהאַנג צווישן זיינע באַדערפענישן און זיינע פונקציעס. דאָס דאָזיקע מוז ווערן העכסטע און וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דער מעדיצין, ווייל אין דעם שטעקט דער יסוד פונם מענטשלעכן גליק.

עס מוז זיך דאָס סוף־כּל־סוף ענדיקן דאָס אייביקע קאַליע מאַכן זיך, דאָס אייגענע ברעכן זיך זעלבסט, די מענטשהייט מוז דאָך אַ מאָל שוין אויפלעבן פריי, מיט דער גאַנצער ברייטקייט פון אירע באַדערפענישן און שוין איינמאָל פאַר אַלמאָל פאַרגעסן וועגן דער מעגלעכקייט פון אַזאַ אומזין ווי „אַן אומנאַטירלעכע באַדער־פעניש".

# XV

דער מענטשלעכער אָרגאַניזם מוז זיך נאָרמאַליזירן און זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל צופּאַסן צו די לעבנס־באַדינגונגען. נאָר אין וואָס פאַר אַ ריכטונג זאָל גיין טאַקע די דאָזיקע צופּאַסונג.

דער גייער, וואָס דערקענט מיטן אויג פון אַ גע־וואַלטיקער הויך אַ פייגעלע, וואָס האָט זיך צוגעטוליעט צו דער ערד, צוגע־פּאַסט איז צו די לעבנס־באַדינגונגען; עס איז אָבער אויך צוגעפּאַסט דער בלינדער מוילוואָרף, וואָס גראָבט זיך אונטער דער ערד.

צו וואָס־ושע וועט זיך דער מענטש צופּאַסן, — צי צום גייערס פרייהייט, צי צום מוילוואָרפס קנעכטשאַפט? צי וועלן זיך זיינע איצטיקע אייגנשאַפטן פאַרבעסערן און פאַרפולקאָמען, צי וועט ער זיי אויך פאַרלירן?

מיטן כוח פון זיין פאַרשטאַנד וואַרפט דער מענטש אַלעמאָל מער פון זיך אַראָפּ דעם עול פון דער אויסערלעכער נאַטור און ווערט פון איר וואָס אַ מאָל מער אומאָפּהענגיק און שטאַרקער איבער קאַמף מיט איר.

ער ראַטעוועט זיך פון דער קעלט דורך מלבושים און וווינונג, די שווערע שפּייזן, וואָס די נאַטור שטעלט אים צו, פאַרוואַנדלט ער אין לייכטע צום פאַרדייען, זיינע אייגענע מוסקולן פאַרבייט ער

מיט די שטאַרקע מוסקולן פון די שטוב-חיות מיט די ריזיקע כוחות פון דאַמף און עלעקטריק.

די קולטור פאַרבעסערט און פאַרפולקאָמט שנעל אונדזער לעבן און גיט אונדז אַזעלכע עקזיסטענץ-באַדינגונגען, וועגן וועלכע מען קען אונטער דער מאַכט פון דער נאַטור נישט טרוימען: די זעלבע קולטור טראָגט אין איר אַנטוויקלונג גופא אַ צוזאָג, אַז די באַוועמלעכקייטן אירע, וועלכע זענען איצט דערווייל נאָר פאַר גליקלעכע יחידים, וועלן אין דער נאָענטסטער צוקונפט ווערן דאָס אייגנטום פון אַלעמען.

עס נעמט אַן עק צו דער הערשאַפט פון דער אויסערלעכער נאַטור איבערן מענטש...

נאָר צי דאַרף מען זיך טאַקע אַזוי שטאַרק פרייען דערמיט?

די קולטור האָט אונדז אַרויפגעכאַפּט אויף אירע באַקוועמע כוואַליעס און טראָגט אונדז פאָרויס, נישט געבנדיק אונדז קיין צייט זיך אומצוקוקן: מיר גיבן זיך אָפּ אירע כוואַליעס און באַמערקן נישט, ווי מיר פאַרלירן איינס נאָכן אַנדערן די רייכטימער, וואָס מיר פאַרמאָגן; מיר באַמערקן עס נישט — מיר ווילן עס אפילו נישט באַמערקן: אונדזער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געווענדט אויסשליסלעך אויף אונדזער ווערטפולסטן רייכטום — דעם פאַרשטאַנד, וואָס טראָגט אונדז אַלץ פאָרויס, אין דער הערלעכער מלוכה פון קולטור.

ווען מען ציט אָבער אונטער דעם סך הכול פון דעם, וואָס מיר האָבן שוין צוגעווירן און וואָס מיר זענען גרייט מיט אַזאַ לייכט געוויסן אָנצווערן, ווערט נישט היימלעך און אין דער ווייטער הערלעכער מלוכה דערבליקן מיר דאָס פינסטערע געשטאַלט פון אַ נייער פאַרקנעכטשאַפט פונם מענטש.

די אויסמעסטונגען פון פראָפ. גרובער האָבן דערוויזן, אַז די לענג פון די קישקעס איז גרעסער בײַ די צפון-מזרחדיקע איירא-

פעער ווי בא די דרום-מערבדיקע. די לענגסטע קישקעס טרעפן זיך בא מענטשן פיינסטנטיילס אין צפון-דייטשלאַנד און צום מיינסטן אין רוסלאַנד.

דאָס איז דעריבער, ווייל די איינוווינער פון צפון-מזרחדיקער אייראָפּע שפּייזן זיך מיט ערגער-פאַרדייענדיקע מאכלים ווי די איינוווינער פון דרום-מערב.

אַזעלכע באָאַבאַכטונגען גיבן די מעגלעכקייט די פיזיאָלאָגן אַרומצוטראָגן זיך מיט „ליכטיקע האָפנונגען”, אַז דער מענטשלעכער קערפּער בויט זיך איבער און „פאַרפולקאָמט זיך” אונטער דער ווירקונג פון דער ראַציאָנעלער שפּייז.

שפּייזנדיק זיך במשך לאַנגע דורות מיט אַזעלכע קאָנצענטרירטע כעמישע מאַטעריאַלן, וועלכע גייען אינגאַנצן אַריבער אין בלוט אַריין אָן אַ פרי:ערדיקער איבעראַרבעטונג דורך די פאַרדייונגס-פליסיקייטן, וואָלט זיך דער מענטשלעכער קערפּער געקענט אין אַ געוויסער מאָס באַפרייען פון דער איבעריקער משא פאַרדייונגס-אָרגאַנען, דערביי וואָלט דאָס בוי-מאַטעריאַל און דאָס מאַטעריאַל צום דערהאַלטן די לעבנס-טעטיקייט זייערע געקענט פאַרנוצט ווערן אויפן פאַרשטאַרקן די איידעלערע העכערע אָרגאַנען (סעטשענאָוו).

צוליב די זעלבע „העכערע אָרגאַנען” באַשטייט מען לגמרי צו נישט צו מאַכן דעם גאַנצן ווּקס-אַפּאַראַט פון מענטשלעכן קערפּער.

ספּענסער גייט נאָך ווייטער, ער באַגריסט דעם פאַקט, וואָס דער ציוויליזירטער מענטש פאַרלירט די אייגנשאַפטן, וועלכע עס פאַרמאָגן די ווילדע מענטשן, אַ שטייגער די פיינקייט פון די חושים, די בילדלעכע באָאַבאַכטונגס-פעיִקייט, די געשיקטקייט באַם באַנוצן זיך מיט געווער א. ד. גל.

„אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַנטאַגאָניזם צווישן דער טעטיקייט פון די איינפאַכע און קאָמפּליצירטע פעיִקייטן — פאַרזיכערט ספּענסער — קען מען אורטיילן, אַז די דאָזיקע איבערגעוויכט פון דער נידעריקער גייסטיקער קולטור איז אַ שטערונג פאַר דער העכערער גייסטיקער אַנטוויקלונג. וואָס מער ענערגיע ער פאַרנוצט אויף אומרויִקע, פאַרשידנאַרטיקע טעטיקייטן, אַלץ וויניקער ענערגיע בלייבט אויף דעם רויִקן פאַרטראַכטן זיך".

דאָס קולטורעלע לעבן גייט שנעל און ענערגיש אַקעגן די אידעאַלן. אונדזער שמעק־אָרגאַן האָט שוין באַקומען אַ פולשטענדיק עמבריאָנאַלן אויסזען, עס איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן די פעיִקייט פון אונדזערע הויט־נערוון צו רעאַגירן אויף די טעמפּעראַטור־וואַקלענישן און צו רעגולירן דאָס שאַפן זיך פון דער וואַרימקייט אינעם אָרגאַניזם.

דאָס דריזן־מאַטעריאַל פון דער פרויען־ברוסט ווערט אַטראָפירט; עס איז צו באַמערקן אַ גרויסע אָפּשוואַכונג פון דער געשלעכטלעכער ענערגיע; די ביינער ווערן דינער, די ערשטע ריפּ און די צוויי לעצטע ריפּן ווייזן אַרויס אַ נייגונג פאַרשווינדן צו ווערן, די ציין פון חכמה זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עמבריאָנאַלע אָרגאַנען און בײַ 42 פּראָצענט אייראָפּעער זענען זיי אינגאַנצן נישטאָ: מ׳זאָגט נביאות׳ אַז באַלד נאָך די חכמה־ציין וועלן פאַרשווינדן ווערן די שכנותדיקע ציין, די פערטע באַק־ציין; די קישקעס פאַרקירצן זיך, די צאָל פליכיקע פאַרגרעסערט זיך.

ווען איך לייען וועגן די ווילדע מענטשן, וועגן זייער אויסדויער, וועגן דער פיינקייט פון זייערע חושים, כאַפּט מיך אַרום אַ שטאַרקע קנאה, און איך קען נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, — צי האָבן מיר באמת דאָס אַלץ געמוזט אומבאַדינגט אָנווערן?

אַ גוויִאַנער וועט אייך זאָגן, וויפיל מאַנספּערשוינען, וויפיל פרויען און וויפיל קינדער עס זענען דורכגעגאַנגען, ווו אַן אייראָפּעער קען

נאָר אונטערשיידן קיים אָנזעעוודיקע, פאַרפּלאָנטערטע טריט אויף וועג.

ווען דער נאַטוראַליסט קאָמערסאָן איז געקומען מיט זיין דינער קיין טאַיטי, האָבן די טאַיטאַנער אַ צי געטון מיט די נאָז ארומגעשמעקט דעם דינער און דערקלערט, אַז ער איז נישט קיין מאַנספּערשוין, נאָר אַ פרוי. דאָס איז טאַקע געווען קאָמערסאָנס געליבטע, זשאַן באַרע, וועלכע האָט אים באַגלייט אויף זיין רייזע ארום דער וועלט אין אַ קאָסטיום פון אַ דינער אַ מאַנספּערשוין.

אַ בושמענער איז פעיִק עטלעכע טעג כסדר גאָרנישט צו עסן, פון דער צווייטער זייט איז ער אָבער פעיִק צו געפינען דאָרט עסנוואַרג, ווו אַן אייראָפּעער וואָלט געשטאָרבן פון הונגער.

אַ בעדויִנער קען דערהאַלטן זיין לעבן אין דער מדבר אַ גאַנצן טאָג מיט צוויי שלוק וואַסער און מיט אַ ביסעלע געבראָטן מעל אין דער מילך.

בשעת אַלע ציטערן פון קעלט, שלאָפט אַן אראַבער באָרוועס־סגרהייט אין אָפענעם געצעלט, און בשעת דער מיטבטאָגעדיקער היץ דרעמלט ער זיך רויִק אויפן אָנגעגליטן זאַמד אונטער די זון־שטראַלן.

אין פייערלאַנד האָט דאַרווין, זיצנדיק אויף דער שיף, געזען אַ פרוי, וואָס האָט געזייגט אַ קינד; זי איז צוגעגאַנגען צו דער שיף פשוט אויס נייגעריקייט, בשעת מעשה איז געפאַלן אַ נאַסער שניי און צעגאַנגען אויף איר נאַקעטער ברוסט און אויפן קערפּער פון איר נאַקעטן קינד.

דאַרווין און זיינע באַגלייטערס, זייענדיק אין פייערלאַנד, האָבן זיך צוזאַמענגעקוועטשט אָנגעפעלצטערהייט באַם פלאַקערדיקן פייער און פונדעסטוועגן געפרוירן געוואָרן פון קעלט, בשעת די

ווילדע מענטשן זענען געזעסן גאַנץ ווייט פונם פייער נאַקעטערהייט און זיך באַגאָסן מיט שווייס.

צוליב זייער אויסהאַלטעוודיקייט צו דער קעלט ווערן די יאַקוטן אָנגערופן „אייזערנע מענטשן" די עסקימאָסנס און די טשוקטשעס קינדער גיין אַרויס נאַקעטערהייט פון דער וואַרעמער שטוב באַ אַ דרייסיקגראַדיקן פראָסט . . .

פאַר אונדז זענען זיי דאָך מענטשן פון אַן אַנדערער פּלאַנעט, מיט וועלכע מיר האָבן קיין שום געמיינזאַמס נישט אין באַגריף פון געזונט!

אונדזערס אַ קולטור-מענטש גייט אַרויס באָרוועס אויף גראָז, וואָס איז באַדעקט מיט טוי, פאַרקילט ער זיך, ער שלאָפט דורך אַ נאַכט אויף דער גאָלער ערד, איז ער אַ קאַליעקע אויף זיין גאַנץ לעבן. און נאָך צאָלעמען האַלטן מיר זיך דאָך פאַר געזונטע מענטשן!

דורך די הענטשקעס וועלן אונדזערע הענט אין קורצן ווערן פונקט אַזוי פעיִק צו פאַרקילן זיך ווי די פיס, און „צוקילן זיך די הענט" וואַט באַ אונדז זיין פונקט דאָס זעלבע וואָס איצט הייסט „צוקילן זיך די פיס".

און איין גאָט ווייסט, וואָס מיר קענען נאָך דערוואַרטן אין דער צוקונפט, וואָס פאַר אַ מתּנות און באַקוועמלעכקייטן די וואַקסנדיקע קולטור גרייט אונדז נאָך צו!

פונקט ווי דאָס געוויינטלעכע עסן וועט פאַר אונדז זיין „נישט ראַציאָנעל", אַזוי וועט פאַר אונדז „נישט ראַציאָנעל" ווערן די געוויינטלעכע לופט: זי וועט זיין צו שיטער און אומריין פאַר אונדזערע קליינשטיקע, אײדעלע לונגען; און מענטשן וועלן האַלטן באַ זיך אַפּאַראַטן מיט ריינעם, געפּרעסטן זויערשטאָף און אָטעמען דורך רערלעך; און טאָמער וועט דער אַפּאַראַט פּלוצלינג קאַליע

זערן, וועט דער מענטש דערשטיקט ווערן אויף דער פרייער לופט ווי אַ פיש אָן וואַסער.

דאָס מענטשלעכע אויג וועט, אַ דאַנק די פאַרפולקאָמטע גלעזלעך, קענען דערזען אַ קאָמאַר צען וויאָרסט פונדערווייטנס, קוקן דורך די ווענט, דורך דער ערד און אַליין וועט עס פאַרוואַנדלט ווערן, פונקט ווי די שמעק-טייל פון אונדזער איצטיקער נאָז, אין אַן אָנגעשוואָלן אבר, וועלכעס מען וועט מוזן יעדן טאָג אויסשפריצן, אויסרייניקן, דורכוואַשן.

שוין איצט לעבן מיר אין אַ כסדרדיקן שיכורן צושטאַנד; מיט דער צייט וועלן וויין, טאַבאַק און טיי ווערן פאַר אונדזשוואַכע אויפרעגנדיקע מיטלען און די מענטשהייט וועט זיך נעמען צו שטאַרקע סמען.

די באַפרוכפערונג וועט פאַרקומען אויף אַ קינסטלעכן אופן זי וועט זיין פאַרן מענטש צו שווער, און דאָס ליבעס-געפיל וועט מען באַפרידיקן מיט ליידנשאַפטלעכע צערטלעכקייטן און אויפרייצונגען אָן קיין שום „שמוץ“, ווי גיו:סמאַנס מאָלט אין „La bas“ און אפשר וועט עס דערגיין נאָך ווייטער

דער פּראָפעסאָר איילענבורג ציטירט איינעם פון די נייסטע דייטשע שריפטשטעלער הערמאַן באַר, וועלכער טרוימט וועגן „ווי ערגעשלעכטלעכער ליידנשאַפט“, און וועגן „פאַ־בייטן די נידעריקע עראָטישע אברים מיט די מער דעליקאַטע נערוון“.

לויט באַרס מיינונג דאַרף דאָס צוואַנציקסטע יאָרהונדערט ברענגען צו „דער גרויסער אַנטדעקונג פונם דריטן געשלעכט צווישן מאַן און פרוי, וואָס זיך שוין מער נישט נייטיקן אין מענערישן און ווייבערישן אָרגאַן, ווייל דאָס דאָזיקע געשלעכט פאַרייניקט אין זיינע געהירן(!) אַלע אייגנשאַפטן פון די צוויי באַזונדערע געשלעכטער און עס האָט זיך נאָך אַ לאַנגער איבונג אויסגעלערנט פאַרבייטן דאָסווירקלעכע מיטן אויסגעטראַכטן“. אָט אַזוי

זען זיי אויס, די אידעאַלע געהירן וועלכע האָבן זיך באַפרייט פון אַלע וואַקסנדיקע און חיהשע פונקציעס פונם קערפּער!

אועלס האָט אין זיין באַרימטן ראָמאַן „דער קאַמף פון די וועלטן" מיט צו בלאַסע פאַרבן אָפּגעמאָלט דאָס בילד פון אַ מאַרס-מענטש. אין דערווירקלעכקייט איז ער אַ סך מעכטיקער, הילפ-לאָזער און עקלהאַפטער ווי אין אועלסעס בילד.

עס איז אוממעגלעך, אַז די וויסנשאַפט זאָל נישט זען, ווי דאָס פּרעכטיקע געשטאַלט פונם מענטש, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך אַ לאַנגן און שווערן אַנטוויקלונגס-פּראָצעס, רעגרעסירט צו-זאַמען מיטן וווקס פון דער קולטור. זי טרייסט זיך אָבער מיטן געדאַנק, אַז אַנדערש וואָלט דער מענטש נישט געקענט אַנטוויק-לען זיין פאַרשטאַנד ביז דער געהעריקער הייך.

ווי מיר האָבן שוין געזען, איז ספּענסער אפילו צופרידן, וואָס דער דאָזיקער פאַרשטאַנד ווערט האַלב-בלינד, האַלב-טויב און פאַרלירט די מעגלעכקייט צו פאַרנעמען זיך מיט „באַאומרויקנדע אויפפאַכונגען".

און אָט וואָס עס זאָגט דער באַוווסטער פאַרגלייכונגס-אַנאַ-טאָם ווידערסהיים:

„אַנטוויקלענדיק די געהירן זיינע, האָט זיך דער מענטש פולשטענדיק אומגעקערט דעם פאַרלוסט פון אַ גאַנצער ריי נוצלעכע אייגנשאַפטן פון זיין אָרגאַניזם. זיי האָט מען געמוזט מקרב זיין, כדי די געהירן זאָלן זיך קענען אַנטוויקלען מיט דערפאָלג און מאַכן פונם מענטש דאָס, וואָס ער איז איצט, — אַ „Homo sapiens"

נאָר דאָס דאַרף מען דאָך ערשט אויפווייזן! מען דאַרף ערשט אויפווייזן, צי די אָנגעוויזענע קרבנות האָט מען ווירקלעך געדאַרפט ברענגען און דער עיקר, צי דאַרף מען זיי ברענגען אויך ווייטער!

אויב ביז איצט האָבן זיך די גוהירן אַנטוויקלט, אויפּעסנ־
דיק דעם קערפּער, הייסט עס נאָך נישט, אַז אַנדערש אַנטוויקלען
קענען זיי זיך גאָרנישט.

צו די פאַרלוסטן, מיט וועלכע מיר זענען שוין געוווינט גע־
וואָרן, באַציִען מיר זיך מיט אַ גרויסער גלייכגילטיקייט: וואָס אַרט
אונדז, אַז מיר קענען עסן נאָר לייכטע, ווייכע מאכלים, אַז מיר
הילן אַרום אונדזערע דעליקאַטע לאַבעריקע לייבער מיט מלבושים,
האָבן מורא פאַר אַ פאַרקילונג, טראָגן ברילן, רייניקן די ציין און
שווענקען דאָס מויל צוליבן שלעכטן ריח.

דעם מענטשס קישקעס זענען זעקס מאָל לענגער פון זיין
גאַנצן קערפּער; וואָס־זשע פאַר אַ מציאה וואָלטן מיר געהאַט, ווען
זיי זאָלן זיין אַכט און צוואַנציק מאָל לענגער, ווי בײַ אַ שעפּס,
ווען אַ מענטש זאָל אָנשטאָט איין מאָגן האָבן פיר, ווי די מעלה־
גרהדיקע בהמות?

סוף כל סוף, der Mensch ist was er isst דער מענטש
איז, וואָס ער עסט — און עס איז נישט פאַראַן קיין שום נחת
אין דעם, אַז דער מענטש זאָל ווערן אַ מעלה־גרהדיקע בהמה, וואָס
די גאַנצע ענערגיע אירע ווערט פאַרווענדט אויף פאַרדייען דאָס
עסן.

אויב דער מענטש וועט פון זיך אַראָפּוואַרפן די מלבושים,
וועט דער אָרגאַניזם מוזן פאַרווענדן ריזיקע זאַפּאַסן ענערגיע אויף
צו פאַרשטאַרקן די פּראָדוקציע פון וואַרעמקייט, און עס לוינט גאָר
נישט מקנה צו זיין אַ שטייגער די אייז־פלוי, וועלכע לעבט און
מערט זיך אויפן אייז.

עס איז נישטאָ וואָס צו זאָגן עפּעס אַ קעגן דעם. פאַרשטייט
זיך, אַז עס איז גאָר נישט געוווּנטשן, אַז פונם מענטש זאָל ווערן אַ
מעלה־גרהדיקע בהמה אָדער אַן אייז־פלוי. נאָר דערפון דרינגט
אָבער נישט אַרויס, אַז עס דאַרף פון אים ווערן אַ לעבעדיקער־

געהירן-פּרעפּאַראַט, װעלכער קען נאָר עקזיסטירן אין אַ הערמעטיש-פּאַרמאַכטן סלאָי!

דער קולטור-מענטש הענגט זיך גלייכגילטיק אָן אויף דער נאָז אַ פּאָר ברילן, פאַרלירט די מוסקולן און זאָגט זיך אָפּ פון יעדער „שווערן" מאכל; צי ווערט ער אָבער נישט דערציטערט באַם געדאַנק, אַז ער וועט זיך מוזן אַ מאָל אַרומטראָגן מיט אַ פלאַש געפּרעסטן זויערשטאָף, איינהילן זיך אין שטוב דאָס פּנים מיט די הענט, אַריינשטעלן אין דער נאָז אַריין שמעק-טעוועלעך און אין די אויערן אַריין — הער-הערן?

די גאַנצע זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס אָננעמענדיק דער קולטורס באַקוועמלעכקייטן, טאָר מען נישט איבעררייסן די ענגסטע פאַרבינדונגען מיט דער נאַטור; אַנטוויקלענדיק אין אונדזער אָרגאַניזם די נייע פּאָזיטיווע אייגנשאַפטן, וואָס די קולטורעלע לעבנס-באַדינגונגען גיבן אונדז, דאַרף מען גלייכצייטיק אויפהאַלטן אונדזערע אַלטע פּאָזיטיווע אייגנשאַפטן; זיי האָבן אונדז צו טייער געקאָסט, און פאַרלירן זיי איז גאַנץ גרינג.

זאָלן זיך די געהירן וואָס מער אַנטוויקלען, נאָר זאָלן באַ אונדז בלייבן די פעסטע מוסקולן, די פיינע חושים, דער פלינקער, געהאַרטעוועטער קערפּער, וואָס גיט די מעגלעכקייט טאַקע באמת צו לעבן איין לעבן מיט דער נאַטור, און נישט רוען אויף איר שויס ווי אַן אויסגעבאַלעוועטער דאַטשע-גאַסט.

נאָר אַ ברייט אַלזייטיק לעבן פונם קערפּער אין דער גאַנצער פאַרשידן-אַרטיקייט פון זיינע פונקציעס, אין דער גאַנצער פאַרשידנ-פאַרביקייט פון די עמפּפינדונגען, וואָס די געהירן גיבן אים, וועט קענען געבן די געהירן גופא אַ ברייט און אַן ענערגיש לעבן.

„דער קערפּער דאָס איז ד ע ר ג ר ױ ס ע ר פ אַ ר ש ט אַ נ ד, דאָס איז די פילאַרטיקייט, וואָס איז פאַרייניקט דורך איין באַוווסטזיין

ד ע ר ק ל י י נ ע ר פ א ר ש ט א נ ד ד י י נ ע ר , ד י י ן „ש כ ל“ ווי דו רופסט אים, אָ, ברודער מיינער, איז נאָר אַ װערקצייג פון דעם קערפער דיינעם, ער איז אַ פשוט ווערקצייג אַ פשוט שפּילעכל אין די הענט פון דיין גרויסן פאַרשטאַנד“.

אזוי האָט געזאָגט זאַראַטוסטראַ צו די, „וועלכע זענען מבזה דעם קערפער“...

וואָס נעמער דו באַקענסט דיך מיט דער נשמה פונם מענטש וועלכער רופט זיך אָן „אינטעליגענט“, אַלס ווייניקער אָנציִענדיק, אַלס ווייניקער באַפרידנדיק איז דאָס בילד פון דעם דאָזיקן קליינעם פאַרשטאַנד, וועלכער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין גרויסן פאַרשטאַנד.

גלייכציטיק איז אָבער בולט, אז אַ דאַנק דער אַנטוויקלונג פון די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטעניסן ווערט דער „גרויסער פאַרשטאַנד“ פאַרמשפּט אויף אונטערגאַנג, אַלנפאַלס איז נישט פאַרויסצוזען, אַז אין דער נאָנטער צוקונפט זאָל ער מער אויפבליִען.

די הויפּט-געוויכט און דער מיטלפּונקט פון געזעלשאַפטלעכער באַפרייונג פונם מענטש ליגט אין דער גרויסער שטאָט; אַ רעאַלן באָדן האָבן נאָר די טרוימען וועגן דעם צוקונפט אויף בעלאַמיס שניט די דאָזיקע צוקונפט אָבער, ווי הערלעך זי זאָל נישט זיין בנוגע דער גאַנצער געזעלשאַפט, איז אין באַצוג צום לעבן פונם אָרגאַניזם גופא האָפנונגסלאָזע-וויסט און טרויעריק; נישט נייטיקייט פון פיזישער אַרבעט, קעפּערלעכע אויסגעבאַלעוועטקייט, פעטע אָנשטאָט מוסקולן, אַ בלינד, קורצזיכטיק לעבן, אָן נאַטור, אָן אַ ברייטן האָריזאָנט...

מעג די מעדיצין אַלץ אינאיינעם אויפווייזן דעם מענטש, ווי נייטיק עס איז אַן אַלזייטיקע פיזישע אַנטוויקלונג, אירע אַלע

פאָדערונגען װעלן און באַצוג צו דערװאַקסענע מענטשן זיך אָנשלאָגן
ן די לעבנס-באַציִונגען, װי זיי שלאָגן זיך שוין אָן איצט אין
באַצוג צו אינטעליגענטן. כּדי זיך פיזיש צו אַנטװיקלען, מוז יע־
דער דערװאַקסענער מענטש אַ ר ב ע ט ן פיזיש, נישט „איבן
זיך".

כּדי אונטערצוהאַלטן דאָס געזונט, מעג מען אַ שטייגער אַ
דריי מינוט אין טאָג אָפּטרן אויף רייניקן די ציין, עס איז אָבער
עקלהאַפט און מיאוס צו פאַרנעמען זיך עטלעכע שעה אין טאָג
מיט נאַרישע און אומנוצלעכע פיזישע איבונגען.

אין דער אומנוצלעכקייט זייערער ליגט דער ריכטיקער יסוד
פונם אינטעליגענטס קערפּערלעכער שוואַכקייט און בשום אופן נישט
אין דעם, וואָס ער פאַרשטייט נישט דעם נוצן פון פיזישער אַנט־
וויקלונג. אין דעם האָב איך מיך איבערגעצייגט אויף מיר
אַליין.

איך בין אויפגעוואַקסן אין אַזעלכע באַדינגונגען, וועלכע
זענען אויסטערליש גינסטיק פאַר אַ גוטער פיזישער אַנטוויקלונג.
ביזן ענדיקן דעם אוניווערסיטעט האָב איך יעדן זומער געלעבט
אין דאָרף ווי אַ פּשוטער אַרבעטער, — איך האָב געאַקערט, גע־
שניטן, געפירט די תּבואה, געהאַקט האָלץ פון דערפרי ביזן אָוונט.
און איך ווייס גאַנץ גוט, וואָס עס הייסט אַזויגס גליק פון מונטע־
רער, שטאַרקער מידקייט אין אַלע מוסקולן, אויסלאַכן זיך פון פאַר־
שידענע פאַרקילעכצן, אַ הונטישער אַפּעטיט און אַ געזונטער שלאָף.

נאָך איצט, ווען מיר געלונגט אַ מאָל זיך אַרויסצורייסן אין
דאָרף אַריין, געם איך מיך ווידער צו דער קאָסע און צו דער
האַק, איך קום צוריק קיין פּעטערבורג מיט מאַזאָליעס אויף די
הענט, מיט אַ באַנייטן קערפּער און מיט אַ שטאַרקער, פרייליכער
ליבשאַפט צום לעבן.

נישט טעאָרעטיש, נאָר מיט מיין גאַנצן מהות באַגרייף איך די נויטווענדיקייט פון אַן ענערגיש לעבן פאַרן קערפּער, און אַז איך האָב דאָס נישט, ווירקט עס אויף מיר אויסטערליש שלעכט, כמעט ביז לעכערלעכקייט.

פאַראיאָרן בין איך אַ גאַנצן זומער אָפּגעווען אין דאָרף; אין אַ וואָך צוויי אַרום נאָך מיין צוריקקומען קיין פּעטערבורג האָב איך מיך אויפגעכאַפּט אינמיטן דער נאַכט פון מיין אייגענעם געוויין: עס האָט זיך מיר עפּעס געחלומט, און אויף דער נשמה איז מיר געלעגן עפּעס אַ שווערער אומעט. איך האָב מיך אָנגעהויבן דערמאַנען — וואָס־זשע האָט זיך מיר געחלומט?

און איך האָב מיך דערמאַנט: איך שטיי אַזוי אין עק וואַלד אין אַ רוסיש העמדל מיט אַ האַק אין דער האַנט, בײַ מײַנע פיס ליגן צוויי אָפּגעהאַקטע בעריאָזקעלעך, דער הימל איז באַדעקט מיט גרויע וואָלקנס און אַ פרישער, לייכטער ווינט בלאָזט מיר אין פּנים אַריין.

דאָס איז אַלץ. אין דער נשמה איז אָבער פאַרבליבן דער אומעט, פּונקט ווי איך וואָלט געזען אין חלום דעם גן־עדן און דאָס אַלץ איז שוין פאַרביי... דורך די מוסקולן לויפט אַדורך אַזאַ מין אָנגענעמער, פאַרדריסלעכער ציטער, וואָס פאָדערט אַרבעט, אויפן סופּיט שלאָגט זיך אָפּ דאָס צאַנקעדיקע ליכט פון די לאָמטערן, פון דער גאַס דערטראָגט זיך אַ טעמפּער גערויש און אַ געררודער.

און דאָך לעב איך ווי אין שטאָט ווי אַן אינטעליגענט און אַרבעט נאָר מיט די געהירן. די ערשטע צייט פּרוּוו איך קעמפן דערמיט, — איך מאַך איבונגען מיט געוויכטן, איך מאַך גימנאַסטיק, איך שפּאַציר צופוס; דאָס געדולד קלעקט אָבער נישט אויף לאַנג, אַזוי אומזיניק, אַזוי אומעטיק איז דאָס אַלץ.

און אויב אין דער צוקונפט וועט פיזישע אַרבעט באַשטיין נאָר פון ספּאָרט, לאַון־טעניס, גימנאַסטיק א. ד. גל., וועלן אָנמעכ־טיק זיין קעגן דער עקלהאַפטיקייט פון אַזאַ מין „אַרבעט" סיי ר־מעדיצין מיט אַלע אירע אַרגומענטן, סיי דער פאַרשטאַנד פונם מענטש גופא.

אָט האָבן מיר אַ ביישפּיל:

אין די „זכרונות פון טויטן הויז" דערציילט דאָסטאָיעווסקי וועגן דער אַרבעט פון די קאַטאָרגע־אַרעסטאַנטן און ער זאָגט: „ווען מען וואָלט געוואָלט אַ מענטש אינגאַנצן אונטערדריקן, צונישט מאַכן, באַשטראָפן אים אויפן שרעקלעכסטן אופן אַזוי, אַז דער געפערלעכסטער מערדער אפילו זאָל דערציטערט ווערן פון דער דאָזיקער שטראָף און זאָל זיך פאַר איר פאָרויס שרעקן, זאָל מען זיין אַרבעט צוגעבן אַ נאַרישן, אומנייטיקן, לגמרי אומניצלעכן זין.

ווען מ׳זאָל אַ שטייגער נייטן אַ קאַטאָרגע־אַרעסטאַנט איבער־צוגיסן וואַסער פון איין שעפל אין צווייטן אַריין און צוריק פון צווייטן אין ערשטן אַריין, שטויסן זאַמד א. ד. גל., — גלייב איך, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וואָלט דער אַרעסטאַנט זיך אויפגעהאָנ־גען, אָדער ער וואָלט אָפּגעטון טויזנטער פאַרברעכנס, כדי צו שטאַרבן און פּטור צו ווערן פון דער דאָזיקער דערנידעריקונג, באַליידיקונג און פּיין".

עס וועט דעריבער גאָרנישט זיין קיין וווּנדער, אויב דער צוקונפטיקער מענטש וועט אַוועקשליידערן די אַלע אומגעלומפּער־טע שפּילעך.

און אָט זאָגט דאָס לעבן: „דו, געזונטער מענטש מיט די שטאַרקע מוסקולן, מיטן שאַרפן אויג, מיטן פיינעם אויער, מיט דיין געדולדיקייט, מיט דער אומאָפּהענגיקייט דיינער, — דו

ביסט מיר נישט נייטיק און ביסט פֿאַרמשפּט צום אונטער־גאַנג״...

אָבער וואָס פֿאַר אַ גליקן ברענגט דען דער נייער מענטש, וואָס קומט אָן אָנשטאָט דעם איצטיקן?

## XVI

איינמאָל אין דאָרן איז צו מיר אַריינגעקומען אַ פויערטע מיט אַ ביטע אַריינצוגיין צו איר קראַנקער טאָכטער.

אַזוי ווי איך בין נאָר אַריינגעגאַנגען צו איר אין שטוב, האָב איך דערפילט זויערן, און אויסערגעוויינטלעך־עקלדיקן ריח, אַזאַ ריח פילט מען נאָר אין די גריבער, ווהין מען וואַרפט אַריין געפגרטע הינט.

אויף אַ נידעריקן טאַפטשאַן איז געלעגן די קראַנקע צוגע־דעקט מיט אַ פעלצל — דאָס איז געווען אַ זיבעצניעריק מיידל מיט אַ בלייך, אויסגעמוטשעט פנים.

— וואָס טוט אייך וויי? — האָב איך זי געפרעגט.

זי האָט אויף מיר אַ קוק געטון שווייגנדיק, דערשראָקן און איז רויט געוואָרן.

— פאָטערל־דאָקטאָרלעבן, זי האָט אַזאַ מין קרענק, — דאָס מיידל שעמט זיך צו ווייזן, — האָט די אַלטע רחמנותדיק אַרויס־גערעדט.

— נו, נארישקייטן! וואָס רעדט איר, פאַר אַ דאָקטאָר שעמט מען זיך דען? ווייזט נאָר.

איך בין צוגעגאַנגען צום מיידל.

איר פּנים האָט פּלוצלינג באַקומען אַ הילצערנעם, הכנעהדיקן אויסדרוק, און פון דעם דאָזיקן פּנים האָבן אומבאַוועגלעך געקוקט אויף מיר אַ פּאָר פאַרנעפּלטע, צעמישטע אויגן.

— דריי דיך איבער, טאַניושע, ווייז! — האָט איר די אַל-טע איינגערעדט, אַראָפּנעמענדיק פון דער קראַנקער דאָס פעלצל — דער דאָקטאָר וועט נאָר אַ קוק טון, — וועט ער דיר, מיט גאָטס הילף, העלפן, וועסטו געזונט ווערן.

מיט דעם זעלבן פאַרנעפּלטן בליק און מיט אַ גלייכגילטי-קער, דערשראָקענער הכנעה האָט זיך דאָס מיידל איבערגעדרייט אויף אַ זייט און אויפגעהויבן דאָס גראָבע, לייוונטענע העמד, וואָס האָט זיך נישט געקענט איינבייגן ווי אַ שטיק קאָרע פון דער צו-געטרוקנטער מאַטעריע.

עס האָט מיר אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן פון דעם שרעקלעכן געשטאַנק און פון דעם, וואָס איך האָב דערזען.

די גאַנצע לינקע זייט, פון גאַרטל ביז צו דער קני, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט איין גרויס ברוין-און-בלוי געשווילעכץ, צע-פרעסן פון קרעץ און מכּות אין דער גרויס פון אַ פויסט, און אין באַדעקט געווען מיט פאַרכוילטער, שטינקעדיקער מאַטעריע.

— פאַרוואָס זענט איר צו מיר פריער נישט געקומען?! איך בין דאָך שוין דאָ אַנדערהאַלבן חדשים! — האָב איך אויסגע-שריגן.

— פאָטערל-דאָקטאָרלעבן, דאָס מיידל האָט זיך אַלץ גע-שעמט, — האָט די אַלטע אַ זיפץ געטון — שוין אַ גאַנצן חודש קרענקט זי אַזוי, איך האָב אַלץ געמיינט, גאָט וועט העלפן, עס וועט דורכגיין: אין אָנהייב איז עס דאָך געווען קוים אַזאַ קליין בלעטערל... איך האָב איר אָבער געזאָגט: טאַניושע, אָט וווינט איצט דאָ אַ דאָקטאָר. בעטן אַלע פאַר זיין געזונט, פאַרן העלפן וואָס ער העלפט; ביי אַריין צו אים. — מאַמע, זאָגט זי, איך שעם

מיך... פאַרשטייט זיך, אַ נאַריש מיידל... אָט איז זי זיך איצט איסגעלעגן!

איך בין אַהיימגעגאַנגען נאָך אינסטרומענטן און באַנדאַזש...

גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ נאַרישקייט! אַ גאַנצן חודש האָט זי געהאַט די הילף נאָנט בא זיך, — און עפּעס אַ מין ווילד, פאַרקריפּלט געפיל האָט איר פאַרצוימט דעם וועג צו דער הילף, און קוים איצט האָט זי זיך אונטערגעשטעלט אַריבעצושפּרייזן איבער דער דאָזיקער צוים, — איצט, ווען עס איז שוין אפשר צו שפּעט...

אַזעלכע פאַלן קומט אויס צו טרעפן גאָר אָפט וויפיל קראַנקע ווערן פאַרלאָזט דורך פרויען צוליב דער דאָזיקער בושה, וויפיל שטערונגען מאַכט זי דעם דאָקטאָר באַם שטעלן דעם דיאַגנאָז און באַם היילן! און וויפיל אינערלעכע יסורים ליידט איבער די פרוי, ווען זי מוז שוין אַריבערשפּייזן איבער דער דאָזיקער בושה!

עס שטייט נאָך איצט פאַר מיר ווי לעבעדיק דעם מיידלס צעמישטע, הילצערנע פנים מיט די אָנגעשטרענגט-הכנעהדיקע אויגן; זי האָט געמוזט אַ סך דורכליידן, ביז זי האָט ענדלעך געפועלט בא זיך און געשיקט נאָך מיר.

צו איינדרוקן, וועלכע חזרן זיך אָפט מאָל איבער, ווערט מען צוגעוווינט. פונדעסטוועגן, ווען אַ קראַנקע טוט זיך אויס אין מיין קעגנוואַרט מיט אַ פאַרשעמטער רויטקייט אויפן פנים און מיט אַ קוים באַמערקלערן ציטער איבערן גאַנצן לייב, שווימט בא מיר אויף אַ געדאַנק: האָב איך דען אַ באַגריף, וואָס בא איר טוט זיך אַצינד אין האַרץ?

אין „אַנאַ קערעני נאַ" איז דאָ זייער אַ שווערע סצענע:

„אַ באַרימטער דאָקטאָר, — דערציילט טאָלסטאָי — נאָך נישט קיין אַלטער, אַ גאַנץ שיינער מאַנספּערשוין, האָט געוואָלט באַטראַכטן די קראַנקע קיטי. ער האָט, ווייזט אויס, מיט אַ באַזונדער פאַרגעניגן זיך געהאַלטן בא דער מיינונג, אַז די מיידלערישע שעמעוודיקייט

איז נישט מער ווי אַ ירושה פון די באַרבאַרישע צייטן און אַז עס איז נישט פאַרהאַן קיין נאַטירלעכערע זאַך, ווי אַ מאַנספּערשוין, נאָך נישט קיין אַלטער, זאָל באַטאַפּן אַ יונג, נאַקעטיק מיידל. מען האָט זיך געמוזט אונטערגעבן... נאָך אַ געניטעם באַטראַכטן און אַרומקלאַפּן די צעמישטע און טיף־פאַרשעמטע קראַנקע, האָט דער באַרימטער דאָקטאָר זיך גוט אָפּגעוואַשן די הענט און אַנידערגע־שטעלט זיך אויסשמועסן מיטן פירשט... די מוטער איז אַריינגע־גאַנגען אין גאַסט־צימער אַריין צו קיטין. אַן אויסגעבלייכטע און אַ פאַרויטלטע, מיט אַ מאָדנעם גלאַנץ אין די אויגן פון דער דורכ־געלעבטער בושה, איז קיטי געשטאַנען אין מיטן שטוב. ווען דער דאָקטאָר איז אַריינגעקומען, איז זי שטאַרק רויט געוואָרן און די אויגן האָבן זיך איר אָנגעגאָסן מיט טרערן".

באַ קראַנקע אַרבעט זיך ביסלעכווייז אויס אַ געוווינהייט צו אַזעלכע באַטראַכטונגען; זי ווערט אָבער געשאַפן אַ דאַנק דעם, וואָס עס ווערט חרוב געמאַכט דער אינערלעכער נשמה־סדר, וועל־כער האָט זיך אויסגעאַרבעט פון קינדווייז אָן. באַ אַ סך מענטשן לאָזט דאָס איבער גאָר טיפע שפּורן.

איינמאָל, געדענק איך, בין איך פּשוט מבולבל געוואָרן; זעענדיק די פאָלגן פון אַזאַ מין חרוב מאַכן אַ פּרויען־נשמה. איך בין נאָך דאַמאָלס געווען אַ סטודענט און געפאָרן אין דער יעקאַ־טערינאָסלאַווער גובערניע אַריין אויף דער כאָליערע.

אין כאַרקאָוו איז אַרום צען אַ זייגער איינגעשטיגן אין אונ־דזער וואַגאָן אַ יונגע דאַמע; זי האָט געהאַט אַ ליבלעך, שיין פּנים מיט ליכטיקע עטוואָס נאַיווע אויגן.

מיר האָבן זיך צערעדט. געוויר וועלנדיק, אַז איך בין אַ סטודענט — אַ מעדיק, האָט זי מיר דערציילט, אַז זי איז געווען אין כאַרקאָוו באַ אַ דאָקטאָר און מיר אָנגעהויבן אויסצודערציילן וועגן איר קרענק: שוין פיר יאָר קרענקט זי אויף דיסמענאָריי

און הײלט זיך בײַ פֿאַרשידענע פּראָפֿעסאָרן; אײנער פֿון זײ האָט פֿעסטגעשטעלט, אַז די הױבמוטער איז בײַ איר אױסגעקרומט, אַ צװײטער, — אַז דאָס העלדזעלע פֿון דער הױבמוטער איז צו שמאָל. מיט אַ חודש צוריק האָט מען איר געמאַכט אַן אָפּעראַציע אױפֿן העלדזעלע.

קוקנדיק אױף מיר אין דער טונקלקײט פֿון װאַגאָן מיט אירע ליכטיקע רױיקע אױגן, האָט זי מיר דערצײלט װעגן די סימפּטאָמען פֿון איר קרענק, װעגן דעם אָנהײב אירן. זי האָט מיר אױסדערצײלט װעגן אַלע אײנצלהײטן פֿון איר געשלעכטלעך און פֿאַרהײראַטעט לעבן, פֿאַר קײן שום אײנצלהײט האָט זי זיך נישט אָפּגעשטעלט, און דאָס אַלץ האָט זי מיר דערצײלט אָן שום נוצן, אָן אַ שום ציל, איך האָב זי אפֿילו נישט געפֿרעגט!

איך האָב געהערט און געשטױנט; װיפֿיל עקלהאַפֿטע מאָמענטן און פֿראַגעס האָט זי געמוזט דורכלעבן, װי לאַנג האָט זי מסתּמא געמוזט סיסטעמאַטיש אױפֿגעבן איר געפֿיל פֿון בושה, ביז זי איז געקומען צו איר איצטיקער מדרגה, צו קענען אָן שום ציל אַנטבלױזן זיך פֿאַר דעם ערשטן בעסטן מענטש!

װאָלט אָבער די פֿרױען־צניעות געטראָגן אַן אַנדערן כאַראַקטער, װאָלט נישט געדאַרפֿט געמאַכט װערן אַזאַ תּל פֿון אַ פֿרױ, װעלכער׳ס צניעות־געפֿיל װערט פֿאַרשיעכט.

אײנמאָל בין איך אין פּעטערבורג געװען אױף אַ װיזיט בײַ אַ קראַנקער קורסיסטין. לױט אַלע סמנים האָט זי געהאַט אַ בױךטיפֿוס; די גאַל איז נאָך מעגלעך געװען דורכצוטאַפּן דורכן העמד, נאָר כּדי אָנצוקוקן דעם אױסשלאָג (די ראָזעאָלן) איז נײטיק געװען אױפֿצודעקן דעם בױך. איך בין מבולבל געװאָרן אױף אײן רגע. — מיר איז ביז איצט נאָך שװער און אומבאַקװעם צו הײסן אַזעלכעס טאָן.

— מען דאַרף אויפהייבן דאָס העמד? — האָט דאָס מיידל פּשוט אַ פרעג געטון, אָנשטויסנדיק זיך וואָס איך דאַרף.

זי האָט אויפגעהויבן דאָס העמד און דאָס גאַנצע פּיינלעכע, בושהדיקע, שווערע איז אויסגעקומען אַזוי איינפאַך, אַזוי גרינג! און מיר איז סימפּאַטיש געוואָרן דאָס דאָזיקע מיידל מיטן ערנסטן פּנים און מיט די קלוגע, רויקע אויגן...

איך האָב געזען, אַז פאַר איר איז אין דעם נישטאָ קיין שום באַליידיקונג, קיין שום פּיין, ווייל דאָ האָב איך געהאַט צו טון מיט אמתער קולטורעלקייט.

יאָ, זי האָט זיך פאַר מיר אַזוי איינפאַך, אַזוי פּשוט אַנט־בלויזט, — אָבער באַגעגענענדיק זיך צופעליק מיט עמעצן אין אַ וואַגאָן, וועט זי זיכער נישט דערציילן דאָס, וואָס יענע האָט דערציילט...

וואָס איז פאַר אַ מענטש אַ בושה און וואָס נישט?

עס זענען פאַראַן שבטים, וואָס שעמען זיך אָנצוטון. ווען די מיסיאָנערן האָבן אײַנגעטיילט טיכער צווישן די אינדיאַנער פון אָרינאָקאָ, אָנזאָגנדיק זיי, אַז זיי זאָלן זיך מיט זיי פאַרדעקן דעם קערפּער, האָבן די פרויען אַוועקגעוואָרפן אָדער באַהאַלטן די טיכער, זאָגנדיק: „מיר פאַרדעקן נישט די נאַקעטקייט, ווייל מיר שעמען זיך“.

אוּאָלעס האָט אין בראַזיליע אין איין שטיבל געטראָפן אין־גאַנצן נאַקעטע פרויען, וועלכע האָבן זיך דערמיט לגמרי נישט געשעמט; איינע פון זיי האָט אָבער געהאַט אַ „סייע“, ד. ה. אַזאַ מין האַלקעלע, וועלכעס זי פלעגט אַמאָל אָנטון, זי האָט זיך אָבער דערביי געפלעגט שעמען, זאָגט אואָלעס, פּונקט אַזוי כמעט ווי אַ ציוויליזירטע פרוי אַ שטייגער, ווען מיר וואָלטן זי געטראָפן אָן דער האַלקע.

וואָס הייסט שעמען זיך?

מיר אורטיילן, ארויסגייענדיק פון אונדזער שטאַנדפּונקט, וועלכן מיר האָבן באַקומען אַ דאַנק דער ווירקונג פון די פאַרשידנאַרטיקסטע, גאַנץ צופעליקע סיבות. די מענטשן, וועלכע זענען שעמעוודיקער פאַר אונדז אַליין, און די, וועלכע זענען ווייניקער שעמעוודיק פון אונדז, רופן בא אונדז אַרויס אַ שמייכעלע פון מיטלייד צוליב זייער „קולטורלאָזיקייט".

אַן אָריענטאַלישע פרוי שעמט זיך אויפצודעקן פאַר אַ מאַנספּערשוין דאָס פּנים, אַ רוסישע באָבע האַלט פאַר אַ חרפּה צו קומען צווישן מענטשן אין די בלויזע האָר (דערמאַנט אייך דעם יידישן ווייבערישן פּאַרוק! — דער איבערז.); גאַנצע דאַמען האָבן געהאַלטן פּבר אומאָנשטענדיק צו זאָגן „איך האָב מיר אויסגעשנייצט די נאָז", נאָר „איך האָב מיר פאַרגרינגערט די נאָז, איך האָב מיך באַשעפטיקט מיט אַ נאָז-טיכל".

פאַר אונדז איז דאָס אַלץ לעכערלעך און מיר שטוינען גאַנץ ערנסט; וואָס האָט מען זיך צו שעמען מיט אַן אָפּגעדעקט פּנים, אָדער מיט אָפּגעדעקטע האָר, פאַרוואָס איז נישט אָנשטענדיק צו זאָגן „איך האָב מיר אויסגעשנייצט די נאָז"?

פאַרוואָס לאַכן מיר אָבער נישט פון אַ פרוי, וואָס שעמט זיך אויפצודעקן אַ נאַקעטע קני, אָדער דעם בויך, און פאַרוואָס שעמען זיך עפּעס נישט די צניעהדיקסטע מיידלעך צו קומען אויף אַ באַל מיט דער אייבערשטער טייל פון דער ברוסט אינגאַנצן נאַקעט, און ווען איינע וואָלט זיך אַ שטייגער אָפּגעדעקט די גאַנצע ברוסט ביז דער טאַליע, פאַרוואָס־זשע וואָלט זי געהייסן אַ חצופה?

פאַרוואָס אַרט אונדז נישט דאָס, וואָס אַ מאַנספּערשוין קומט אין דער געזעלשאַפט פון פרויען מיט אָפּגעדעקטע באָרד און וואָנסעס, וועלכע זענען דאָך די צווייטע בולטע סימנים פון אַ מאַנספּערשוין?

זאָגן „איך האָב מיך אויסגעשנייצט" איז נישט קיין בושה,

און דערמאָנען וועגן אַנדערע פיזיאָלאָגישע פונקציעס, וועלכע זענען אויך פונקט אַזוי נישט עסטעטיש, נאָר אויך פונקט אַזוי נאַטירלעך — איז נישט דערלאָזבאַר.

אַזוי אַ שטייגער ליידן אַמאָל מענטשן יסורים אין דער געזעלשאַפט פון פערזאָנען פון אַ צווייטן געשלעכט, זיי שטרענגען זיך טיילמאָל אָן ביז צו אַ געפאַר ערנסט קראַנק צו ווערן, נאָר זיי דערוועגן זיך אפילו נישט אַרויסצוווייזן, אַז זיי דאַרפן טון דאָס, אָן וועלכן קיין שום מענטש קען זיך בשום אופן נישט באַגיין.

אונדזער גאַנצע דערציִונג פירט אונדז דערצו, אַז דער קערפער זאָל פאַר אונדז ווערן מיאוס און עקלהאַפט; אויף אַ גאַנצער ריי נאַטירלעכע פונקציעס פונם קערפער זענען מיר געוווינט געוואָרן צו קוקן נישט אַנדערש ווי מיט בושה; obscoenum est dicere, facere non obscoenum (צו רעדן איז אַ בושה, צו טון איז קיין בושה נישט) — כאַראַקטעריזירט ציצעראָ די דאָזיקע פונקציעס.

באַם ערשטן אויפשיינען פון באַוווסטזיין הייבט מען באַלד אָן צו געבן דעם קינד קאַטעגאָרישע אָנווייזונגען, אַז עס דאַרף זיך שעמען מיט די און די טיילן פונם קערפער זיינעם; די פשוטע באַטור פונם קינד קען לאַנג נישט פאַרשטיין, וואָס מען מיינט דערמיט; די דערציִערס זיינע ווערן אָבער נישט מיד און ביסלעכווייז ווערט דאָס קינד ענדלעך דורכגעדרונגען מיטן באַוווסטזיין, אַז אַ טייל פונם לעבן פון זיין קערפער איז אַ בושה פאַר אים. און וואָס ווייטער — אַלץ מער.

עס קומט די צייט, און דער יונגער מענטש ווערט געוווּיר דעם סוד פון זיין אָפּשטאַמונג; דער דאָזיקער סוד איז פאַר אים אַ דאַנק זיין גאַנצער דערציִונג, אַ שרעקלעכער שמוץ און אַ בושה. באַ אייניקע רופט דער געדאַנק וועגן דער נאַטירלעכקייט פון דער דאָזיקער אומדערהערטער אומפאַרשעמטקייט אַרויס אַזאַ שטאַרק

געפיל פון ליידנשאַפט, וואָס וואָלט בא אַנדערע באַדינגונגען נישט מעגלעך געווען, בא טייל ווידער רופט דער געדאַנק אַרויס אַ פאַר־צווייפלונג.

די געוויינען פונם מיידל, וואָס בלייבט שטיין אין שרעק אַנטקעגן דער שמוץ פונם לעבן, וועלכע טוט אַ נדר קיינמאָל נישט חתונה צו האָבן, איר באַשפּיגענע, באַשמוצט געוואָרענע ליבע, — דאָס אַלץ איז אַ שווערע, ערנסטע דראַמע, זי איז אָבער גלייכצייטיק אומנאַטירלעך. אָבער ווי אַזוי זאָל די דראַמע נישט פאָרקומען?

רוסאָ האָט געפאָדערט, אַז די עלטערן און דערציִערס זאָלן דעם קינד אַליין אַלץ דערציילן, זיי זאָלן עס נישט איבער־לאָזן פאַר די מיאוסע מיילער פון דער דינערשאַפט און די חברים.

עס איז אָבער דאָ נישט פאַרהאַן קיין שום אונטערשיד: די דערציִונג פונם קינד ווערט אַזוי געפירט, אַז ווי „ריין" מען זאָל אים די זאַך נישט אויסטייטשן, וועט ער פאָרט אין דעם זען די שרעקלעכסטע און אומפאַרשעמטסטע שמוץ.

דאָס אַלץ הייסט אָבער בשום אופן נישט, אַז בושה איז באמת טאַקע נאָר אַ ירושה פון די באַרבאַרישע צייטן, ווי עס פאַר־זיכערט אונדז טאָלסטאָיס „באַרימטער דאָקטאָר".

בושה, אַלס אַ מיטל צו באַהאַלטן פאַר פרעמדע אויגן דאָס אייגענע אינטימע לעבן, אַלס אַ געפיל, וואָס מאַכט פאַרן מענטש אוממעגלעך זיך אָפּצוגעבן דעם ערשטן בעסטן, ווי די חיות טוען עס, איז נישט קיין ירושה פון די באַרבאַרישע צייטן, נאָר אַ ווערטפולע מתנה פון דער קולטור. די דאָזיקע בושה שליסט אָבער בשום אופן נישט אויס די מעגלעכקייט, אַז אַ מענטש זאָל זיך נישט דאַרפן שעמען מיט זיין אייגענעם קערפּער און מיטן לעבן זיי־נעם.

אין בורזשעס „Pro fils perdus" איז דאָ איין מערקווירדיקע באַשרייבונג, ווי ער שטעלט אונז פאַר אַן אינטעליגענט רוסיש מיידל; דער באַנאַלער ליבהאָבער פון „דער תורה פון צערטלעכער ליידנשאַפט" בלייבט שטיין פאַר דעם דאָזיקן מיידל אינגאַנצן דערשטוינט: זי רעדט מיט אים גאַנץ פריי און אָן שום בושה וועגן געשלעכטלעכן מאַטעריאַליזם", — „און דערווייל אָבער האָט זיך נאָך קיין שום מאַנספּערשוין נישט צוגערירט מיט די ליפּן אַפילו צו איר האַנט!"...

די שטרענגסטע און צניעהדיקסטע שעמעוודיקייט שליסט אַפילו נישט אויס קיין נאַקעטקייט. ביופאָן זאָגט: „מיר זענען נישט אויף אַזוי פיל פרעך און נישט אויף אַזוי פיל נאַיוו, אַז מיר זאָלן גיין נאַקעט".

צי איז דאָס טאַקע אַזוי? די ווילדע מענטשן זענען נישט פרעכער ווי מיר, די מעשיות וועגן זייער אומשולדיקייט זענען שוין לאַנג אָפּגעלייקנט געוואָרן; פונדעסטוועגן גייען אַ סך פון זיי אַרום אינגאַנצן נאַקעט, און צוליב זייער נאַקעטקייט ווערן זיי גאָר נישט נאָך פרעכער; זיי זענען פשוט געוווינט דערמיט.

דאָס איז נאָך ווייניק, ווי מיר האָבן שוין געזען, זענען פאַראַן אַזעלכע שבטים, וועלכע שעמען זיך גאָר אָנצוטון. פונקט ווי דער מנהג צו פאַרדעקן דעם קערפער קען גיין האַנט בא האַנט מיט דער גרעסטער פרעכקייט, אַזוי קען זיך אויך פאָרן די צוגעוווינטע נאַקעטקייט מיט דער שטרענגסטער צניעות.

די איינוווינערינס פון פייערלאַנד גייען אַרום נאַקעט און שעמען זיך גאָרנישט; באַמערקנדיק אָבער אויף זיך די תאווהדיקע בליקן פון די אייראָפּעיִשע מאַטראָסן, ווערן זיי רויט און באַהאַלטן זיך ווי צום שנעלסטן; עס קען זיין, אַז אַן אָנגעטוענע אייראָפּעיִשע פרוי וואָלט פונקט אַזוי רויט געוואָרן, ווען זי וואָלט באַמערקט

אויף זיך די בליקן פון אַ בראַזיליאַנער אָדער אַן אינדיאַנער פון אָרינאָקאָ.

דאָס אַלץ איז נישט מער ווי אַ געוווינהייט. ווען מען זאָל האַלטן פאַר אַ בושה אויפצודעקן דאָס מינדסטע פינגערל פון דער האַנט, וואָלט דאָס אויפדעקן דאָס פינגערל דווקא אַרויסגערופן אַ תאווה־געפיל באַם צווייטן געשלעכט.

כמעט דעם גאַנצן קערפּער פאַרדעקן מיר זאָרגפעלטיק מיט מלבושים. און פונם מענטשלעכן, ריינעם, איידעלן, הערלעכן קערפּער ווערט געמאַכט אַ פולאַפּקע, וואָס איז אויפגעשטעלט מיט אַ גאַנץ קלאָרן ציל:

דער פאַרבאָטענער, באַהאַלטענער קערפּער פון איין געשלעכט דעקט זיך אויף פאַרן מענטש פון צווייטן געשלעכט נאָר אין באַזונדערע מאָמענטן, פאַרגרעסערנדיק דאָס תאווה־געפיל פון די דאָזיקע מאָמענטן און צוגעבנדיק זיי אַ באַזונדערן רייץ. און דווקא פאַר די בעלי־תאווהניקעס וואָלט די צוגעוווינטע באַקאַנטקייט געווען אַ גרויסער קלאַפּ.

אויף די „קלאַסישע וואָלפּורגיען־נעכט" פילט זיך מעפיסטאָפעל איינגאַנצן פרעמד.

„כמעט אַלע זענען נאַקעטע, — ברומט ער אומצופרידן, — נאָר ווי נישט ווי זעט מען אַ מלבוש. אין דער נשמה בין איך אויך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, נישט קיין קעגנער פון פרעכקייט, אָבער די אַלטערטימלעכע נאַקעטקייט איז עפּעס שוין צו בולט פאַר מיר"...

דער געניטער קענער פון דער ליידנשאַפט מאָפאַסאַן שטעלט זיך געהיימלעך אָפּ מיט אַ באַזונדערער ליבשאַפט דווקא אויף יענע מאָמענטן, בשעת מען טוט זיך אויס.

מיר קענען קוקן אָן אַ שום באַזונדער תאווה־געפיל אויף אַן אַנגעטוענער שיינקייט, אָבער צום לעבעדיקן, נאַקעטן פרויען־קער־

פער, זאָל ער אפילו זיין אַזוי שיין ווי ווענוס, קענען מיר זיך א דאַנק אונדזער דערציִונג גישט באַציִען מיט קיין ריין געפיל.

מיר שעמען זיך מיט אונדזער קערפּער, מיר אַכטן אים נישט, דעריבער זאָרגן מיר נישט וועגן אים. מיר זאָרגן בלויז וועגן דעם באַשיינען אים, זאָל ער אפילו צוליב דעם ווערן אינגאַנצן פאַרקריפּלט.

אין פּאַריז דערשיינט יעדעס יאָר אַ ספּעציעלער אַלבאָם „Le nu", דאָרט ווערן געבּרענגט פאָטאָגראַפיעס פון אַלע בילדער פון פאַרגאַנגענעם יאָר, ווו עס איז נאָר אויסגעמאָלט געוואָרן דער נאַקעטער מענטשלעכער קערפּער.

בשעת מען קוקט דורך אַזאַ אַלבאָם, דערשרעקט מען זיך פאַר דעם גורל פונם מענטש, אַזעלכע ווייכלייביקע, לאַבעריקע פרויען-פיגורן, מיט ריזיקע, פעטע הינטנס, מיט אַריינגעקוועטשטע זייטן, מיט קליינטשיקע, נאָכהענגעדיקע ברוסטן.

וואָס פאַר אַ וויסטער כּישוף-מאַכער
האָט די ליאַלקעס צו אונדז פאַרשלעפּט?...

עס איז זיך אוממעגלעך פאָרצושטעלן, ווו און אויף וואָס עס וועלן אין דער צוקונפט פעסטגעשטעלט ווערן די גרענעצן פון בושה. איין זאַך איז אָבער זיכער, אַז די מענטשן וועלן זיך וואָס אַמאָל מיט אַ גרעסערער ערנסטקייט און אַכטונג אָנהייבן באַציִען צו דער נאַטור און אירע געזעצן, און וועלן גלייכצייטיק אויפהערן צו שעמען זיך דערמיט, וואָס זיי האָבן אַ קערפּער און דער קערפּער זייערער לעבט לויט די געזעצן פון דער נאַטור.

דאָס וועט אָבער ערשט זיין אַמאָל. דערווייל אָבער מוז די מעדיצין, האַנדלדיק צו טון מיט דער פרוי, זיך שטאַרק רעכענען מיט איר בושה.

ביז דער לעצטער צייט האָבן די מאַנספּערשוינען געהאַלטן דעם מאָנאָפּאָל איבער דער מעדיצינישער וויסנשאַפט אין זייער הענט און פרויען האָבן זיך מיט זייערע אינטימסטע קרענק גע־מוזט ווענדן צו דער הילף פון מאַנספּעשוינען.

ווער קען גאָר אויסרעכענען, וויפיל נשמה־איבערברוכן עס זענען דעריבער פאָרגעקומען, וויפיל פרוי־ען עס זענען אומגעקומען, נישט קענענדיק זיך באַשליסן אויפצודעקן פאַר אַ מאַנספּערשוין זייערע קרענק? אונדז, מאַנספּערשוינען, קומט קיינמאָל נישט אויס אַזוינס דורכצולעבן, אַ חוץ דעם זענען מיר אין דעם פּרט נישט אַזוי פילנדיק.

נאָר אָט האָבן צבשפּ. צוויי ראַטמענער אַריינגעטראָגן אין יאָר 1883 אַ פּראָיעקט אין דער אָפּאָטשעצער קרייז־פאַרזאַמלונג, אַז פרויען־דאָקטוירים זאָלן נישט צוגעלאָזט ווערן צו פאַרנעמען קיין פּאָסטנס פון קרייז־דאָקטוירים, ווייל, „קראַנקע מאַנספּערשוינען — האָבן זיי דערקלערט — שעמען זיך צו היילן באַ פרויען־דאָקטוירים פון סיפיליס".

דאָס איז פאַר אונדז פאַרשטענדלעך: קיינער פון אונדז וועט נישט וועלן אָנקומען צו אַ פרוי־אַ דאָקטאָרין מיט קיין אינטימער קראַנקהייט. נו, און די פרויען? — צי האָלטן זיך די אָפּאָטשעצער ראַטמענער אונטערגענומען צו פאַרזיכערן, אַז פרויען שעמען זיך נישט צו היילן באַ מאַנספּערשוינען פון סיפיליס? דאָס וואָלט גע־ווען אַ גרויסע ליגנט. די באַריכטן פון די קרייז־דאָקטוירים זענען פול מיט אָנווייזונגען אויף דעם, ווי אומגערן די פויערטעס, מערסטנ־טייל די פויערישע מיידלעך, ווענדן זיך נאָך מעדיצינישער הילף, צוליב דעם זעלבן טעם.

צום גליק איז שוין היינט דאָס מעדיצינישע שטודים אָפן פאַר פרויען; דאָס איז אַ געוואַלטיקע טובה פאַר אַלע פרויען, — פאַר אַלע אָן אונטערשיד, נישט נאָר פאַר די מוסולמענישע, אויף וואָס

עס ווייזן צום מיינסטן אָן די פּאַרטיידיקער פון דעם, אַז פרויען זאָלן האָבן רעכט צו שטודירן מעדיצין.

דאָס איז אויך אַ ריזיקע טובה פאַר דער מעדיצין גופא: נאָר דער פרוי וועט געלונגען צו פאַרשטיין און דערלערנען דאָס טיפסטע, שטאַרק קאָמפּליצירטע לעבן פונם פרויען-אָרגאַניזם, זיין גאַנצן פיזישן און פסיכישן פאַרנעם; פאַרן מאַנספערשוין וועט דאָס דערלערנען דעם פרויען-אָרגאַניזם שטענדיק בלייבן נעפּלהאַפט און נישט פולשטענדיק.

# XVII

אין אַ יאָר אַנדערהאַלבן אַרום נאָך מיין קומען קיין פּעטערבורג האָט מיך אַ באַן-מאַשיניסט איינגעלאַדן צו זיינס אַ קראַנק קינד. ער האָט געוווינט אין אַ שטוב אויפן פינפטן שטאָק מיטן צוגאַנג דורך שמוציקע, שטינקעדיקע טרעפּ.

דעם מאַשיניסטס יינגעלע האָט געהאַט מאַטעריע אין די מאַנדלען (די דריזן אונטער דער גאָמבע); דאָס קינד איז געווען אַ ראַכיטישס, אַ דאַרס און אַ בלייכס, עס האָט זיך געוואָרפן און געביסן דאָס לעפעלע, אַזוי אַז מיר איז קוים מיט צרות געלונגען אים אַריינצוקוקן אין האַלדז אַריין.

איך האָב פאַרשריבן אַ רעצעפּט. דער פאָטער, אַ הויכער מענטש מיט אַ צעשויבערטער, געלער באָרד, האָט מיר באַם אַוועקגיין דערלאַנגט געלט פאַרן וויזיט; די שטוב האָט געהאַט אַ נעבעכדיקן, אַן אָרימען אויסזען, אַ סטאַדע קינדערלעך — און איך האָב מיך אָפּגעזאָגט פון געלט. ער האָט מיך אַרויסבאַגלייט מיט דאַנקבאַרקייט און כבוד.

די ווייטערדיקע צוויי טעג האָט דאָס קינד אַלץ אינאיינעם געפיבערט, דער האַלדז איז אינעווייניק נאָך מער געשוואָלן געוואָרן, דעם קינד איז שווער געוואָרן צו אָטעמען. איך האָב געזאָגט

די עלטערן, אין וואָס דאָ גייט און האָב פאַרגעלייגט אויפצושניידן
די מכה.

— וואָס הייסט? אין מויל, אינעווייניק שניידן? — האָט די
מוטער אַ פרעג געטון, אויפהייבנדיק די ברעמען.

איך האָב איר אויפגעקלערט, אַז די דאָזיקע אָפּעראַציע איז
לגמרי אומשעדלעך.

— ניין, ניין! דערויף באַשטיי איך נישט! — האָט די מו-
טער שנעל און אַנטשלאָסן געענטפערט.

מיינע אַלע אויפקלערונגען און פאַרזיכערונגען האָבן נישט
געהאַט קיין דערפאָלג.

— און איך מיין, אַז אַלץ איז אַ גאָט-זאַך, — האָט דער
פאָטער אַ זאָג געטון — אויב גאָט וועט נישט וועלן, וועט סיי ווי-
שטאַרבן, כאָטש מען וועט מאַכן די אָפּעראַציע. ער איז דאָך אַזוי-
אויך שוואַך, ווי וועט ער-זשע אויסהאַלטן די אָפּעראַציע?

איך האָב אָנגעהויבן אויסשפּריצן דעם קינד דעם האַלדז.

— ער עפנט שוין אפילו אַליין דאָס מויל, — האָט דער
פאָטער טרויעריק באַמערקט.

— היינט וועט זיך געוויס די מכה עפענען, — האָב איך
זיי געזאָגט. — טוט אַכטונג, אַז דאָס קינד זאָל אינמיטן שלאָף
נישט דערשטיקט ווערן מיט דער מאַטעריע. אויב עס וועט זיין
שלעכט, שיקט נאָך מיר.

איך בין אַרויסגעגאַנגען דורך דער קיך. דער פאָטער האָט
זיך געאײַלט מיר צו דערלאַנגען דעם פאַלטאָ.

— איך ווייס אייך גאָרנישט ווי צו דאַנקען, ה' דאָקטאָר, —
האָט ער אַרויסגערעדט. — מ'קען זאָגן, אַז מיר וועלן אייך איי-
ביק דאַנקבאַר זיין.

דעם צווייטן טאָג קום איך צו גיין, קלינג אָן; עפנט מיר
די מוטער, אַ בלאַסע, אַ פאַרוויינטע, זי האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט

אַ בייזן בליק און צוריקגעגאַנגען צו דער קיך, אָן אַ וואָרט צו רעדן.

— נו, וואָס מאַכט אייער זונדל? — האָב איך אַ פרעג געטון.

זי האָט נישט געענטפערט, אפילו זיך נישט אויסגעדרייט.

— ער שטאַרבט. — האָט פון אַ ווינקל אַרויס אָפּגעענט־פערט עפּעס אַן אַלטע פרוי.

איך האָב מיך אויסגעטון און אַריין אין שטוב. דער פאָטער איז געזעסן אויפן בעט און אויף די קני איז בײַ אים געלעגן דאָס קראַנקע יינגעלע.

— וואָס, עס איז אים גאָר שלעכט? — האָב איך אַ פרעג געטון.

דער פאָטער האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט אַ קאַלטן, גלייכגילטיקן בליק.

— איך ווייס גאָרנישט, ווי אַזוי ער האָט גאָר דערלעבט ביז אינדערפרי, — האָט ער קוים אָפּגענטפערט, — ער וועט שטאַרבן ביז מיטאָג-צייט.

איך האָב גענומען דאָס קינד בײַם הענטל און געפּרוּווט דעם דופק.

— אַ גאַנצע נאַכט איז די מאַטעריע געגאַנגען דורך דער נאָז און דורכן מויל, — האָט דער פאָטער ווייטער גערעדט, — ווײַלמאָל פלעגט ער אינגאַנצן פאַרשטיקט ווערן, בלוי געוואָרן און פאַרגלייזט די אויגן, הייבט אָן מיין ווייב צו וויינען, נעמט אים טרייסלען, — דערוועקט זי אים אויף אַ ווײַלע.

— טראָגט אים מיר צו צום פענסטער. איך וועל אים אַרײַנקוקן אין האַלדז, — האָב איך אַ זאָג געטון.

— צו וואָס דאַרף מען אים נאָך מוטשען! — האָט בייז

אַ זאָג נעטון די מוטער אַריינקומענדיק — לאָזט אים שוין צורו!

— ווי שעמט איר זיך נישט! — האָב איך אויף איר אָנ-געשריגן. — קוים איז אים עטוואָס ערגער געוואָרן, — האָבן זיי שוין פאַרלוירן דעם קאָפּ: זאָל ער, הייסט עס, שטאַרבן! עס איז נאָך גאָרנישט אַזוי שלעכט.

דאָס געשווילעכץ פון דעם האַלדז איז אַ סך אָפּגעפאַלן, נאָר דאָס יינגל איז געווען זייער אָפּגעשוואַכט און אויסגעדאַרט. איך האָב געזאָגט די עלטערן, אַז אַלץ גייט אין אָרדנונג, און אַז דעם יינגל וועט איצט אין קורצן בעסער ווערן.

— הלוואי! — האָט דער פאָטער סקעפּטיש אַ שמייכל גע-טון. — איך מיין אָבער, אַז איר וועט אים שוין מאָרגן נישט זען קיין לעבעדיקן.

איך האָב פאַרשריבן אַ רעצעפּט, דערקלערט ווי אַזוי מ׳דאַרן איינגעבן די רפואה און מיך אויפגעשטעלט.

— צום ווידערזען!

דער פאָטער האָט מיר קוים באַוויליקט אָפּצוענטפערן. קיינער האָט זיך נישט אויפגעהויבן מיך צו באַגלייטן.

איך בין אַרויסגעגאַנגען אויפגערעגט. זייער אומגליק איז זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען גאַנץ פאַרשטענדלעך און באַטירלעך. נאָר מיט וואָס האָב איך פאַרדינט די דאָזיקע באַציִונג צו מיר? זיי האָבן געזען, ווי אייפמערקזאַם איך האָב מיך באַצויגן צו זיי — איך זאָל כאָטש זען אַ פונק דאַנקבאַרקייט.

אַמאָל פלעג איך טרוימען און מיר פאָרשטעלן אַזעלכע פאַלן אויף אַזאַ אופן: דער קראַנקער שטאַרבט, די קרובים זען אָבער ווי הייס, ווי געוויסנהאַפט איך האָב מיך צו אים באַצויגן און זיי באַגלייטן מיך מיט ליבשאַפט און דאַנקבאַרקייט.

— זיי ווילן נישט, דאַרף מען נישט! מער גיי איך צו זיי נישט! — האָב איך באַשלאָסן.

דעם אַנדערן טאָג האָב איך געמוזט מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונג, כּדי מיך אַליין צו נייטן אַהינצוגיין. אָנקלינגענדיק האָב איך געציטערט פון אויפרעגונג, איך בין צוגעגרייט געווען צו באַגעגענען נאַרישע, אומגערעכטע שׂנאה פון די מענטשן, פאַר וועלכע איך האָב געטון אַלץ, וואָס איך האָב נאָר געקענט.

געעפנט האָט מיר די מוטער. אַ שיינענדיקע, אַ גליקלעכע; זי האָט זיך אַ רגע געוואַקלט און פלוצלינג אָנגעכאַפּט מיין האַנט און זי פעסט אַ דריק געטון. און מיך האָט פאַרוואונדערט, וואָס פאַר אַ שיין, ליבלעך פּנים זי האָט, — פריער האָב איך עס לחלוטין נישט באַמערקט.

דאָס קינד האָט זיך זייער גוט געפילט, עס איז געווען פריילעך און געבעטן עסן... איך בין אַוועקגעגאַנגען באַגלייט פון די וואַרעמע דאַנקבאַרקייטס-אויסדריקן פונם פאָטער מיט דער מוטער.

דער דאָזיקער פאַל האָט מיר דאָס ערשטע מאָל קלאָר געמאַכט, אַז קיים דערוואַרט מען פון דיר, אַז דו וועסט ראַטעווען דעם קראַנקן און דו האָסט אים נישט געראַטעוועט, וועט מען עס דיר נישט מוחל זיין, ווי שטאַרק דו זאָלסט נישט וועלן און ווי שטאַרק דו זאָלסט דיך נישט באַמיען אים צו ראַטעווען.

איך האָב געהיילט פון דיפטעריט אַ יונגע סוחרטע מיטן נאָמען סטאַריקאָוואַ. איר מאַן, אַ דיק, רויט סוחרל מיט אַ גוטמוטיק פּנים און געלבלעכע וואָנסעלעך פלעגט אַליין נאָך מיר קומען צו פאָרן מיט זיין בריטשקע. ער פלעגט מיך קוועלן מיט זיין קאָמישער, משׂרתישער דינסטגרייטקייט: ווען איך פלעג מיך אריינזעצן אין שליטן אַריין, פלעגט ער מיך אונטערהאַלטן באַם עלנבויגן, צורעכט מאַכן די פאָלעס פון מיין פוטער און באַזעצנדיק מיך, פלעגט ער אַליין זיך זעצן אויף אַ שפּיץ געזעס.

די קראַנקע האָט געהאַט זייער אַ שווערן, לייכעצדיקן דיפ־טעריט און עטלעכע טעג איז זי געווען נאָנט צום טויט. דערנאָך האָט איר אָנגעהויבן בעסער ווערן. אָבער עס איז נאָך פאַרבליבן אין דער צוקונפט די סכנה פון די פּאַראַליזשן נאָכן דיפטעריט.

איינמאָל פיר אַ זייגער פאַרטאָג קלינגט בײַ מיר אָן דער קראַנקערס מאַן. ער האָט געמאָלדן, אַז די קראַנקע האָט פּלוצלינג באַקומען אַ שטאַרקע בויכווייטיק און זי ברעכט. איך בין תיכף גע־פאָרן מיט אים. עס איז געווען אַ שיין וועטער, דער שליטן איז שנעל געפלויגן איבער די ליידיקע גאַסן.

— ה׳ דאָקטאָר, וויפיל אומאָנגענעמלעכקייטן מאַכן מיר אייך אָן! — האָט מיין באַגלייטער געזאָגט מיט אַ הכנעהדיקער שטי־מע, — איר מוזט פאָרן אין אַזאַ וועטער!... איך האָב אייך גע־שטערט דעם שלאָף...

די קראַנקע האָט זיך געפילט זייער שלעכט; זי האָט זיך געקלאָגט אויף ציִענדיקע ווייען אין דער ברוסט און אין בויך, דאָס פּנים אירס איז געווען ווייס, און אויסגעזען אַזוי משונהדיק אום־באַשרייבלעך, אַז עס איז קלאָר געווען ווי דער טאָג, אַז עס דער־נענטערט זיך שנעל און אומפאַרמיידלעך אַ האַרץ־פּאַראַליזש.

איך האָב מודיע געווען דעם מאַן, אַז די געפאַר איז זייער גרויס.

אָפּזייענדיק בײַ דער קראַנקער דריי שעה צייט, בין איך אַוועקגעגאַנגען, ווייל איך האָב געהאַט נאָר איין געפערלעכן קראַנקן, בײַ וועלכן איך האָב געמוזט זיין. בײַ די סטאַריקאָווס האָב איך איבערגעלאָזט אַ געניטע פעלדשערין.

אין אַ שעה אַנדערהאַלבן אַרום בין איך ווידער געקומען. מיר איז אַקעגנגעקומען דער מאַן מיט אַ מאָדנעם אויסדרוק אויפן פּנים און מיט רויטע, געשוואָלענע אויגן. ער האָט זיך אַוועקגע־

שטעלט אין דער טיר פון זאַל מיט פאַרלייגטע הענט פון הינטן אונטערן רעקל.

— וואָס זאָגט איר עפּעס גוטס? — האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן מיט שפּאָט און פאַראַכטונג.

— דאָס מאַכט מאַריאַ איוואַנאָוונאַ?

— אַזוי, מאַריאַ איוואַנאָוונאַ? — האָט ער איבערגעחזרט, אויסציִענדיק די ווערטער.

— נו, יאָ!

ער איז שטיל געבליבן אַ ווײַלע.

— מיט אַ האַלבע שעה צוריק איז זי מיט גאָטס הילף געשטאָרבן! — האָט סטאַריקאָוו אַ שמייכל געטון, אָפּמעסטנדיק מיך מיט אַ בליק פול מיט האַס. — איך האָב דעם כבוד אייך צו געזעגענען, — צום ווידערזען!

און זיך אויסדרייענדיק האַסטיק, איז ער צוריק אַוועק אין זאַל אַריין, וועלכער איז פול געווען מיט די פאַרזאַמלטע קרובים.

בײַ מיר אין זכרון קען זיך איצט בשום אופן נישט צונויפפּאָרן יענץ טאָפּלטע געשטאַלט פון דעם סטאַריקאָוון; — איינס דאָס דינסטפאַרטיקע, דאָס אַרײַנבוקנדיקע אין די אויגן אַרײַן, דאָס ליבלעכע, דאָס פרײַנטלעכע, און דאָס צווייטע — דאָס פײַנטלעכע מיט דער חוצפּהדיק-באַליידיקנדיקער פאַראַכטונג, מיט די רויטע, ברענענדיקע אויגן, פול מיט האַס.

אָ, ווי גרויס די שנאה איז בײַ די דאָזיקע מענטשן! זי האָט גאָר קיין גרענעץ נישט! אין די אַמאָליקע צײַטן האָט מען אין אַזעלכע פאַלן נישט געמאַכט מיט די דאָקטוירים קיין לאַנגע צערעמאָניעס.

די רוסישע אַלטע מעמוארן דערציילן;

„איינער אַ דאָקטאָר עפּעס אַ דײַטשל מיטן נאָמען אַנטאָן האָט, היילנדיק דעם פירשט קאַראַקוטש, צולהכעיס אים געמאַכט

דעם טויט מיט פאַרסמטע קרייטעכצער. האָט אים דער גרויס־פירשט יאָהאַן III אַרויסגעגעבן קאַראַקוטשס זון, יענער האָט אים געפּייניקט און דערנאָך אים געוואָלט אָפּלאָזן פאַר אויסלייז־געלט. האָט אָבער דער גרויס־פירשט נישט געהייסן, נאָר אים באַפוילן צו דערהרגענען. האָט מען אים אַראָפּגעפירט צום מאָסקווע־טייך אונטער דער בריק אים ווינטער און אים דערשחטן מיט אַ מעסער ווי אַ שעפּס".

לויט די וועסטגאָטישע געזעצן ווערט דער דאָקטאָר, באַ וועלכן עס שטאַרבט אַ קראַנקער, תיכּף אַרויסגעגעבן דעם געשטאָרבענעמס קרובים, „כּדי זיי זאָלן קענען מיט אים טון, וואָס זיי ווילן".

איצט אַפילו וואָלטן אַ סך, אַ סך מענטשן געוואָלט אומקערן יענץ געזעץ. מען וואָלט אַזוי אַרום איינפאַך און זיכער געקענט דערגרייכן דאָס, צו וואָס מען קען היינט בלויז שטרעבן.

מיט אַ יאָר פופצען צוריק איז באַ אַ טשיסטאָפּאָלער גוטבאַזיצער הערקען געשטאָרבן אַ טאָכטער, וועלכע עס האָט געהיילט דער דאָרטיקער קרייז־דאָקטאָר שווינטשיצקי. דער באַטריבטער פאָטער האָט, לויט די ידיעות פון די קאַזאַנער צייטונגען, איינגעגעבן אַן אָנקלאַגע אין קרייז, אַז דער דאָקטאָר שווינטשיצקי קען ווייניקער ווי אַ פעלדשער און אַז די גאַנצע באַהאַנדלונג איז פון אים אומצופרידן „צוליב זיינע נישטיקע קענטענישן און זיין שלעכטער באַציונג".

די קרייז־פאַרזאַמלונג האָט באַשטימט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אויסצופאָרשן דעם ענין. ה' הערקענס אָנקלאַגע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ פולשטענדיקע רכילות און די קרייז־פאַרזאַמלונג האָט איינשטימיק באַשלאָסן אויסצודריקן אָנערקענונג דעם דאָקטאָר שווינטשיצקי „פאַר זיין ערלעכער און ניצלעכער טעטיקייט".

אין סוף פון יאָר 1883 האָט זיך אין דער אָדעסער צייטונג

„נאָוואָראָסיסקי טעלעגראַף“ באַווייזן אַן אָפּענער בריוו פון איינעם אַ ביעליאַקאָוו אונטער אַזאַ מין שרייענדיק קעפּל:

## מיין זון האָט מען געשחטן!

(אַן אומגעוויינלעכער געקראָכץ פון אַ פאָטער נאָך זיין זון).

יאָ, העד רעדאַקטאָר! — שרייבט ה׳ ביעליאַקאָוו — מיין איינציקער זון סאָקראַט איז געשחטן געוואָרן אין כער־סאָן, אַ דאַנק דער וויסנשאַפט, פּונקט 10 אַ זייגער באַ־נאַכט דעם 28-טן נאָוועמבער. די טובה האָט מיר געטון אונדזער שטאָטישער אָפּעראַטאָר פּעטראָוווסקי...

ווייטער דערציילט דער ה׳ ביעליאַקאָוו אויף אַ שטח אַ גאַנצן פעליעטאָן מיט אַלע פּרטים, ווי אַזוי זיין קינד איז קראַנק געוואָרן אויף דיפטעריט, ווי שלעכט די דאָקטוירים האָבן עס געהיילט, ווי אַזוי די קרענק האָט זיך אַנטוויקלט אַ דאַנק דער שלעכטער היי־לונג. מיט דער פּינקטלעכקייט פון אַ געריכטס-אויספאָרשער ברענגט ער אַלס באַשולדיקונגס-מאַטעריאַל אַלע רעצעפּטן און רפואות פון די דאָקטוירים און דערמיט באַשטעטיקט ער פאַר יעדן, ווער עס איז אַ פאַכמאַן, אַז די היילונג פון די דאָקטוירים איז געווען אַ ריכטיקע.

דעם קינד איז געווען זייער שלעכט. איין דאָקטאָר האָט גע־זען, אַז דער קראַנקער איז האָפנונגסלאָז, איז ער אַוועקגעפאָרן. דער פאָטער האָט געבעטן צו ראַטעווען דאָס קינד. דאַמאָלס האָט דער דאָקטאָר הערשעלמאַן, וואָס איז געבליבן באַם קראַנקן, פאָרגעלייגט אויסצופּרוון דאָס לעצטע מיטל — אָפּערירן. בשעת דער אָפּעראַציע,

וועלכע איז געמאַכט געוואָרן דורכן דאָקטאָר פעטראָווסקי, איז דאָס קינד געשטאָרבן.

ווי עס איז צו זען פון דער באַשרייבונג פון ה׳ ביעליאַקאָוו גופא, איז די קרענק געווען זייער אַ שווערע און אַזאַ סוף האָט מען געקענט דערוואַרטן יעדער מינוט; אָבער ביעליאַקאָוו נישט פאַר-שטייענדיק דאָ גאָרנישט, טענהט, אַז דער אָפּעראַטאָר האָט גאַנץ פשוט „דערשחטן" זיין זון.

אויפן פאָטערס אָנקלאַגע האָט מען דאָס קינד אויסגעגראָבן פון קבר און געפּאַלמעסט אין דער קעגנוואַרט פונם געריכטס-אויס-פאָרשער און פיר עקספּערטן; ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דאָס קינד איז געשטאָרבן פון דערשטיקונג און אַז די אָפּעראַציע איז געמאַכט געוואָרן אָן אַ שום פגם.

ה׳ ביעליקאָווס בריוו ענדיקט זיך אַזוי:

„צי האָט מען געדאַרפט מאַכן די אָפּעראַציע, — פרעגט ביעליאַקאָוו, — אויב די קרענק האָט שוין גע-דויערט דעם זעקסטן טאָג? קאָמפּעטענטע מענטשן(?) זאָגן, אַז קוים דויערט דיפטעריט אַזאַ צייט און ווערט נישט קאָמפּליצירט און אויב דער קראַנקער אָטעמט נאָך, — דאַרף מען קיין אָפּעראַציע נישט האָבן. (דאָס איז אַ פול-שטענדיקע נאַרישקייט! — דער אויטאָר) אַ חוץ אַלעם, צי איז דר׳ הערשעלמאַנס היילונג געווען אַ ריכטיקע? צי האָט ער אָנגעווענדט אַלע מעגלעכע מיטלען צו ראַטעווען דעם קראַנקען?! לויט מיין מיינונג, האָט זיך דר׳ הער-שעלמאַן צו איבערפלעכליך באַצויגן צו דעם היילן...

ווכט עפּעס אויס אַ געהעריקן פּאַראַגראַף פון שטראַף-קאָדעקס, וועלכער זאָל קענען מיט זיין שרעקלעכער

שטראָף איבערן שולדיקן אין מיין זונס טויט אויסקויפן אונדזער אומגליק!״

פאַרשטייט זיך, אַז קיין שום פּאַראַגראַף פונם שטראָף-קאָדעקס האָלט דעם ה׳ ביעליאַקאָוו נישט באַפרידיקט. אָט, ווען עס וואָלטן בײַ אונדז עקזיסטירט די וועסטגאָטישע געזעצן, — אָי דאַמאָלס וואָלט דער ה׳ ביעליאַקאָוו זיך געקענט אויסטראַכטן אַ שטראָף, וואָס זאָל אויסקויפן זיין אומגליק!...

שטאַרק איז נאָך בײַם מענטש דער בלוטיקער דורשט אומבאַדינגט אויסצוגעפינען אַ שולדיקן קרבן, כדי אים מקריב צו זיין פאַר דער נשמה פונם געשטאָרבענעם נאָענטן זיינעם.

אין אָנהייב פלעגט מיך שטאַרק קוועלן די דאָזיקע שנאה צו מיר. איך פלעג רויט ווערן און זיך מוטשן בשעת איך פלעג צופעליק באַגעגענען אין גאַס אַ קרוב פון מיינס אַ געשטאָרבענעם פּאַציענט, און באַמערקן, אַז יענער דרייט זיך שנעל אַוועק, כדי מיך נישט אָנצוקוקן. דערנאָך בין איך ביסלעכווייז צוגעוווינט געוואָרן.

אַלס פועל-יוצא פון דער דאָזיקער געוווינהייט איז געקומען נאָך עפּעס, וואָס איז אַפילו פאַר מיר אַליין געווען אומדערוואַרטעט.

נישט ווייט פון מיר האָט געוווינט אַ פרוי, אַ קאַרעקטאָרין, מיטן נאָמען דעקאַנאָוואַ, בײַ איר איז קראַנק געוואָרן אַ זון אַ גימנאַזיסט. אויף דער רעקאָמענדאַציע פון מיינס אַ פּאַציענט האָט זי זיך געווענדט צו מיר.

— זי האָט געוווינט אין אַ קליין דירהלע מיט צוויי קינד׳ער, — דעם קראַנקן גימנאַזיסט און אַ טאָכטער מיטן נאָמען יעקאַטערינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, אַ מיידל מיט אַ פּיינעם, אינטעליגענטן אויסזען,

אַ צוהערעריִן פון קורסן פאַר געהילפס-דאָקטאָרינס. די מוטער מיט דער טאָכטער האָבן, ווייזט אויס, אויסערגעוויינטלעך ליב געהאַט דאָס יינגל.

ער האָט געהאַט אַ קרופּישע לונגען-אָנצינדונג. די מוטער, אַ דאַרע, אַ נערוועזע, מיט צוויי לויפנדיקע, פּסיכאָפּאַטישע אויגן איז שיער נישט געשטאָרבן פון שרעק.

— ה׳ דאָקטאָר, זאָגט מיר, דאָס איז זייער געפערלעך ? ער וועט נישט שטאַרבן ?

איך האָב איר געענטפערט, אַז דערווייל קען מען נאָך גאָרנישט וויסן אויף זיכער, אַז דער קריזיס וועט ערשט זיין אין אַ פינף-זעקס טעג אַרום.

עס האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע צייט. די מוטער און די טאָכטער האָבן גאָרנישט געקענט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז זייער יינגל זאָל קענען שטאַרבן ; כדי אים צו ראַטעווען, זענען זיי גרייט געווען אויף אַלץ.

איך האָב געמוזט באַזוכן דאָס קראַנקע יינגל אַמאָל דריי אַ טאָג ; דאָס איז געווען איבגאַנצן אומניצלעך, נאָר מיט זייער צודרינגלעכקייט האָבן זיי מיך געקענט צווינגען דאָס דאָזיקע צו טון.

— ה׳ דאָקטאָר, צי ער שטאַרבט נישט ? — פרעגט מיך די מוטער מיט אַ פאַרשטיקט קול פון פחד. — טייערער דאָקטאָר ! איך בין אַ משוגענע, זייט מיר מוחל... וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן ? אמת. איר וועט דאָך אַלץ טון ? איר וועט מיר ראַטעווען וואָלאָדיען ?

אויפן פערטן טאָג האָט יעקאַטערינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ געזאָגט צו מיר, נערוועז בייסנדיק די ליפּן :

— באַליידיקט אייך נישט, דערלויבט מיר איך צו זאָגן

אַזוי ווי אַ פּריוואַטע פּערזאָן... מיר דאַכט זיך, אַז אייער אַרט היילן איז עפּעס זייער שאַבלאָניש: וואַנעס, קאָדעין, באַנקעס, אייז צום קאָפּ... איצט האָט איר פאַרשריבן digitalis...

— אויב אַזוי, פּאַראָדנט-זשע איר וואָס צו טון און איך וועל אויספירן אייערע באַפעלן, — האָב איך איר קאַלט געענטפערט.

— אוי, ניין, איך ווייס גאָרנישט, — האָט זי גיך אַרויסגערעדט, — איך האָב נאָר געוואָלט, מען זאָל טון עפּעס אַזוינס אויסטערלישס, אַז וואָלאָדיע זאָל שוין אויף זיכער געראַטעוועט ווערן. די מאַמע וועט אַראָפּ פון זין, אויב ער וועט שטאַרבן.

— ווענדט אייך, צו אַ צווייטן דאָקטאָר; איך טו אַלץ, וואָס איך געפין פאַר נייטיק.

— ניין, איך מיין נישט דאָס... נו, זייט מיר מוחל, איך ווייס אַליין נישט, וואָס איך רעד! — האָט יעקאַטערינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ נערוועז אַ זאָג געטון.

כדי אַרומצוגיין אַרום דעם קראַנקן האָבן זיי צוגענומען אַ געניטע פלעגערין. פונדעסטוועגן פלעגט נישט פאַרבייגיין קיין איין נאַכט, אַז יעקאַטערינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ זאָל מיך נישט אויפוועקן. זי פלעגט אָנקלינגען און מיך אַרויסרופן דורכן דינסטמיידל.

— וואָלאָדיען איז ערגער געוואָרן, ער קרעכצט און רעדט פון היץ, — זאָגט זי, — קומט, זייט אַזוי גוט.

איך גיי אַן אַ וואָרט צו זאָגן. טיילמאָל אָבער פעלט מיר אויס געדולד.

— צי האָט אייך די פלעגערין געשיקט, צו איר אַליין דאַרפט מיך האָבן? — פרעג איך מיט אַ בייזער שטימע.

אירע טונקעלע אויגן צינדן זיך אָן פון אויפרעגונג; יעקאַ-

טערינאַ אַלעקסאַנדראָווגאַ האַלט זיך קוים איין, זעענדיק ווי טייער איך שאַץ אָפּ מיין שלאָף.

— איך מיין, אַז אַ קראַנקן-וועכטערין איז נישט קיין דאָק־טאָר, און זי קען דאָ נישט אורטיילן, — ענטפערט זי שאַרף.

איך גיי מיט איר. דאָס יינגל רעדט פון היץ, וואַרפט זיך, אָטעמט צו אָפט, נאָר דער פולס איז נאָרמאַל, און מען דאַרף נישט קיין דאָקטאָר. די אויפגערעגטע פלעגערין זיצט אויף אַ שטול באַם פענסטער. איך גיי שטילשווייגנדיק אַרויס אין פאָדערהויז אַריין.

— וואָס טוט מען איצט? — פרעגט מיך יעקאַטערינאַ אַלעק־סאַנדראָווגאַ. — דער דופק ווערט אים שוואַכער.

— איינגעבן דאָס זעלבע. דער דופק איז נאָרמאַל, — ענט־פער איך ברוגז און גיי אַרויס. און אויפן וועג קלער איך: ווען מען האָט איין פּאַציענט אַזעלכן אָן איבעררייס אַ גאַנץ יאָר, וואָלט דער געזונטסטער מענטש נישט אויסגעהאַלטן מער ווי אַ יאָר צייט.

צומאָרגנס, דאָס יינגל פילט זיך בעסער, — און יעקאַטע־רינאַ אַלעקסאַנדראָווגאַס אויגן קוקן אויף מיר מיט צערטלעכקייט און ליבשאַפט.

בכלל פלעג איך פינקטלעך טרעפן פון יעקאַטערינאַ אַלעק־סאַנדראָווגאַס אויגן, בשעת זי פלעגט מיר נאָר עפענען די טיר, וואָס דער קראַנקער מאַכט. נאָך נישט זעענדיק אים אפילו: איז דעם קראַנקן ערגער, — ברענט איר פּנים מיט אַ שנאה צו מיר, וועלכע זי קען קוים איינהאַלטן; — איז אים בעסער, — קוקן אירע אויגן מיט אַן אומענדלעכער צערטלעכקייט!

עס איז געווען זייער אַ שווערער קריזיס. צוויי טעג האָט זיך דאָס יינגל געפּייניקט צווישן לעבן און טויט. די גאַנצע צייט בין איך כמעט נישט אַרויסגעגאַנגען פון זייער שטוב. צוויי מאָל

איז געווען אַ קאָנסיליום (אַ באַראַטונג פון עטלעכע דאָקטוירים). די מוטער האָט אינגאַנצן אויסגעזען ווי אַ משוגענע.

— ה׳ דאָקטאָר, ראַטעוועט אים!... ה׳ דאָקטאָר!...

און שטאַרק דריקנדיק מיין עלנבויגן מיט אירע דאַרע פינגער, קוקט זי מיר דורכדרינגלעך אין די אויגן אַריין מיט אירע רחמנות־בעטנדיקע אויגן. גלייכצייטיק איז איר בליק געווען גרויזאַם, פיינטלעך, פונקט ווי זי וואָלט געוואָלט איבערגיסן אין מיר אַריין דעם באַוווסטזיין פון דער גאַנצער שרעק אירער, טאָמער חלילה שטאַרבט דאָס יינגל.

דאָס יינגל ליגט מיט אַ בלוי, אַן אומבאַוועגלעך פנים, ער אָטעמט צו אָפּט און הייזעריק, דער דופק איז זייער שוואַך. איך פאַרענדיק דאָס באַטראַכטן דעם קראַנקן, הייב אויף דעם קאָפּ, — און פון דער האַלב־טונקלקייט פון צימער קוקן אויף מיר דורכדרינגלעך אַרויס די זעלבע משוגענע, גרויזאַמע אויגן פון דער מוטער.

דער קראַנקער האָט אויסגעהאַלטן דעם קריזיס. עס איז אַדורך אַ טאָג, צוויי און ער איז געווען אויסער יעדער געפאַר.

די מוטער מיט דער טאָכטער זענען צו מיר געקומען אַהיים מיר דאַנקען. גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ דאַנקבאַרקייטן דאָס זענען געווען!

— טייערע דאָקטאָר! ליבענקער! — האָט די מוטער געהאַלטן אין איין איבערחזרן פול מיט עקסטראַז. — איר ווייסט דען, וואָס איר האָט געטון פאַר מיר?... ניין, איר וועט עס נישט פאַרשטיין! גאָט מיינער, ווי זאָל איך אייך זאָגן?... ווען איך וועל האַלטן אַ מינוט פאַרן טויט, וועל איך באָר אייך איינעם אַליין אין זין האָבן! איר ווייסט נישט, איך האָב אַ נדר געטון... ווי זאָל איך אייך אָפּדאַנקען, איך בין אויף אייביק אייער בעל־חוב! ה׳ דאָקטאָר!... זייט מיר מוחל...

און זי האָט אָנגעכאַפּט מיינע הענט און געוואָלט אַ קוש טון, יעקאַטערינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט געשמייכלט מיט אירע הערלעכע, כרויעריקע אויגן און מיר הייס געדריקט די האַנט מיט אירעביידע הענט.

און איך — איך האָב געקוקט ביידע פרויען אין די אויגן אריין, וואָס האָבן געשיינט מיט אַזאַ באַגייסטערטער דאַנקבאַרקייט, און געדאַכט האָט זיך מיר, אַז איך זע נאָך אין זיי דעם אָפּגלאַנץ פון יענער שנאה, מיט וועלכער די זעלבע אויגן האָבן געקוקט אויף מיר מיט דריי טעג צוריק.

זיי זענען אַוועקגעגאַנגען, איך האָב זיך צוריק גענומען צום לייענען. און פּלוצלינג האָב איך מיך אַליין פאַרוווּנדערט, ווי גלייכגילטיק איך בין געבליבן צו זייער דאַנקבאַרקייט; ווי איבער מיין נשמה וואָלט זיך אַ שטייגער פאַרבייגעטראָגן אַ שטראָם נאַרישע ווערטער, פּוסטע ווי שאָלעכץ, און קיין איינציקס איז אין דער נשמה נישט געבליבן.

און איך האָב אַ טראַכט געטון, אַז אַזעלכע מינוטן זענען דאָס די „באַלוינונג“, אַז דאָס זענען די „ליכטיקע שטראַלן“ אין דעם שווערן, פינסטערן לעבן פון אַ דאָקטאָר!

וואָס פאַר אַ ליכטיקע שטראַלן זענען דאָס? פאַר די זעלבע באַמיונגען, פאַר דעם זעלבן הייסן ווילן צו ראַטעווען דאָס יינגל וואָלט איך דאָך באַקומען אַלס באַלוינונג בלויז שנאה, אין פאַל ווען ער וואָלט געשטאָרבן.

צו דער דאָזיקער שנאה בין איך ביסלעכווייז צוגעוווינט און גלייכגילטיק געוואָרן. און אַלס פועל-יוצא דערפון בין איך זעלבסטפאַרשטענדלעך אינגאַנצן גלייכגילטיק געוואָרן צו דער דאַנקבאַרקייט אויך.

איך האָב מיך אַלעמאָל מער איבערצייגט, אַז מען דאַרף אין

זיך בכלל אויסאַרבעטן אַ פולשטענדיקע גלייכגילטיקייט צום פּאַ-
ציענטס געפילן. אַנדערש קען מען צוואַנציק מאָל משוגע ווערן פון
יאוש און פאַרצווייפלונג.

## XVIII

יאָ, מען דאַרף זיך גאַרנישט נעמען צום האַרץ, מען דאַרף שטיין העכער פון די ליידן, פאַרצווייפלונג און שנאה, קוקן אויף יעדן קראַנקן ווי אויף אַ מענטש, וואָס איז ניטש באַם ריינעם גע־דאַנק, פון וועלכן מען דאַרף זיך נישט באַליידיקן. וועט זיך אויס־אַרבעטן אַזאַ מין באַציִונג, — וועל איך גלייכגילטיק גיין צו יע־נעם מאַשיניסט, וועגן וועלכן איך האָב דערציילט אין פאָריקן קאַ־פיטל און בײַ דער שוועל וועט מיך נישט אָפּשטעלן דער געדאַנק וועגן דער נישט פאַרדינטער שנאה, וועלכע וואַרט אויף מיר דאָרט. און אָפט, גאָר אָפט קומט מיר אויס איינצוחזרן מיט זיך אַליין: „מ'דאַרף זיך אויסאַרבעטן אַ גלייכגילטיקן קוק"! דאָס איז אָבער אַזוי שווער...

ערשט נישט לאַנג האָב איך געהיילט אַ יונגע פרוי, אַ באַ־אַמטנס אַ ווייב. איר מאַן, אַ מענטש מיט אַ נערוועזן, אינטעליגענטן אויסזען, מיט אַ מאָדנע־דין שטימעלע, איז אַן איבערגעשראָקענער געקומען צו פאָרן נאָך מיר און געזאָגט, אַז זיין פרוי האָט דאַכט זיך דיפטעריט.

איך האָב באַטראַכט די קראַנקע. זי האָט געהאַט אַ פאָליק־לאַרע זשאַבע (אַזאַ מין קרענק איבעווייניק אין האַלדז).

— דאָס איז נישט געפערלעך? — האָט מיך דער מאַן אירער געפרעגט.

— ניין, עס וועט זיכער אין אַ צוויי-דריי טעג אַרום דורכ-גיין, אגב, קען זיך אַמאָל מאַכן אַ געשוויר.

אין צוויי טעג אַרום האָט טאַקע די לינקע מאַנדל (דריז אונטער דער גאָמבע) אָנגעהויבן געשוואָלן צו ווערן.

— פאַרוואָס איז דאָס עפּעס? פאַרוואָס האָט זיך פּלוצלינג אָנגעהויבן בויערן אַ געשוויר? — האָט זיך דער מאַן זייער גע-חידושט.

פאַרוואָס?.. פּונקט ווי עמעץ וואָלט געקענט ענטפערן אויף אַזאַ מין פראַגע!...

סיי דער מאַן, סיי די פרוי, ביידע האָבן זיך צו מיר באַ-צויגן מיט יענעם ליבלעכן צוטרוי, וועלכער איז אַזוי וויכטיק פאַרן דאָקטאָר, וועלכער שטאַרקט אַזוי זיין מוט; יעדער פאַרשריפט מיי-נע האָט מען איוסגעפירט מיט אַן ערנסטער, כמעט ערגפורכטיקער פּינקטלעכקייט און דייטלעכקייט.

די קראַנקע האָט פינף טעג שטאַרק געליטן, מיט גרויס מי האָט זי קוים געקענט עפענען דאָס מויל און שלינגען. נאָך דעם שניט וואָס איך האָב געמאַכט, איז דאָס געשווילעכץ אָפּגעפאַלן, די קראַנקע האָט שנעל אָנגעהויבן געזונט צו ווערן: עס איז נאָר געבליבן די ווייטיק אין די מוסקולן אויף ביידע זייטן האַלדז. איך האָב גענומען לייכט מאַסאַזשירן דעם האַלדז.

— ווי צאַרט, ווי איידל באַ אייך קומט אַלץ אַרויס! — האָט מיר די קראַנקע געזאָגט, רויט ווערנדיק און שמייכלענדיק. — איך וואָלט, כ׳לעבן, באַשטאַנען שטענדיק קראַנק צו זיין, אַבי נאָר איר זאָלט מיך היילן.

יעדן טאָג פלעגן זיי מיך נישט אָפּלאָזן און איך האָב גע-מוזט באַ זיי טרינקען קאַווע און אָפּזיצן אַ שעה-צוויי; דאָס איז

פאר מיר אויך געווען גאַנץ אָנגענעם, אַזוי פריינטלעך און ליב־לעך איז געווען זייער באַציִונג צו מיר.

אין אַ צוויי טעג אַרום האָט דער קראַנקער אָנגעהויבן ווי־צו טון די לינקע זייט פונם שלינג־אַפּאַראַט און די היץ האָט זיך ווידער פאַרגרעסערט.

— נו, וואָס? — האָט מיך דער מאַן געפרעגט זייער אומ־רויִק.

— עס מאַכט זיך מסתּם אין דער צווייטער מאַנדל אויך אַ געשוויר.

— גאָט מײַנער, נאָכאַמאָל. — האָט די קראַנקע אַרויסגע־רעדט, אַראָפּלאָזנדיק די הענט אויף די קני.

דער מאַן האָט ברייט געעפנט די אויגן.

— פאַרוואָס איז דאָס עפּעס? — האָט ער מיט גרויס פאַר־וואונדערונג געפרעגט. — דאַכט זיך, מ'האָט געטון אַלץ, וואָס עס איז נייטיק געווען!

איך האָב אים ערקלערט, אַז דאָס דאָזיקע איז אוממעגלעך געווען צו פאַרהיטן.

אַך, מײַן אָרימע שורענקאַ! — האָט ער אויסגעשריגן נער־וועז. — נאָך אַ מאָל וועלן מיר הייסט עס מוזן דורכמאַכן די גאַנ־צע מעשה פון אָנהייב אָן.

און אין זײַן קול האָט זיך דייטלעך געהערט אַ טאָן פון פיינטשאַפט צו מיר.

דער געשוויר איז זיך גאָר פאַמעלעך אויסגעשטאַנען, ניִשט קוקנדיק אויף די שניטן, וועלכע איך האָב צוויי מאָל געמאַכט. ווי־דער איז בײַ דער קראַנקער דער האַלדז אויפגעשוואָלן געוואָרן, ווידער האָט זי גאָרנישט געקענט שלינגען.

איך האָב אָנגעהויבן באַמערקן, אַז מיט יעדן טאָג האָט מען

מיך אָנגעהויבן אויפצונעמען קעלטער. ווי עס פאַרנעמט זיך אַרום מיר אַ שטיקנדיקע אַטמאָספערע פון עפעס אַ מין עקל צו מיין פערזאָן.

איצט איז מיר שוין שווער געווען צו גיין צו זיי, שווער צו באַטראַכטן די קראַנקע און באַפעלן דעם מאַן, וואָס צו טון; ער פלעגט מיך אויסהערן און זיך באַמיען נישט צו קוקן מיר אין די אויגן אַריין.

צוזאַמען דערמיט איז בײַ זיי אַנטשטאַנען און דער באַציִונג צו מיר אַזאַ מין איבערגעטריבענע, אויסטערלישע העפלעכקייט; עס האָט זיך בולט געפילט דער אומצוטרוי און דער עקל צו מיר, נאָר ביידע זאַכן זענען טיף באַהאַלטן געווען אונטער דער העפלעכקייט, וועלכע האָט מיר געשטערט צו מאַכן אַן עפענטלעכע אָנפראַגע און זיך אָפּצוזאָגן פונם ווייטערדיקן היילן.

דאָס איז אין תּוך גענומען גאָרנישט געווען קיין אומצוטרוי: איך בין בײַ זיי פּשוט געווען דער סימבאָל און דער באַגלייטער פון די צוגעגעסענע ליידן, וואָס האָט זיי שוין אַלעמען אויסגעמאַטערט, און אַלס פאַרקערפּערונג פון די זעלבע ליידן בין איך פאַר זיי נמאס געוואָרן.

די קראַנקע איז ענדלעך געזונט געוואָרן. אויסערלעך האָבן מיר זיך גאַנץ פיין אָפּגעזעגנט; נאָר אין אַ וואָך אַרום, ווען איך האָב מיך באַגעגנט מיט איר מאַן אין קאָרידאָר פון טעאַטער, האָט ער פלוצלינג געמאַכט אַ זויערע מינע און אַוועקדרייענדיק זיך, שנעל פאַרבײַגעגאַנגען, פונקט ווי ער וואָלט מיך נישט באַמערקט.

צו דעם אַלעם מוז מען זיך צוגעוווינען, מען דאַרף זיך נישט נעמען צום האַרץ אַזאַ מין באַציִונג, ווײַל דאָס דאָזיקע ליגט אינם תּוך פון דער זאַך.

נאָר אָפטמאָל, צום מיינסטן בײַ פאַרפאַלענע כראָנישע קרענק, קען מען נאָך אַלע אָנשטרענגונגען, נאָך דער גאַנצע געווינטקייט

נישט ביישטיין קעגן דער געוואלטיקע שנאה, וואָס דער פּאַרצוויפּל־טער קראַנקער באַקומט צום דאָקטאָר.

אַ דאָקטאָר, ווען עס געלונגט אים פּטור צו ווערן פון אַזאַ מין פּאַציענט, איז העכסט צופרידן. נישט קוקנדיק אָבער אויף זיין גאַנצער שנאה, וויל זיך גאַנץ אָפט דער קראַנקער בשום אופן נישט אָפּטשעפּען פון דעם דאָקטאָר זייבעם.

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז אין איטאַליע, לעבן מילאַן, פאָרגעקומען אַזאַ געשיכטע, דער דאָקטאָר פראַנטשעסקאָ בערטאָלאַ האָט געהיילט אַ שוסטער, וועלכער האָט געהאַט שווינדזוכט אין דער לעצטער מדרגה. דעם קראַנקן איז וואָס אַ מאָל ערגער געוואָרן.

פאַרלירנדיק דאָס געדולד, האָט ער אָנגעהויבן באַ יעדן וויזיט זידלען דעם דאָקטאָר, אַז ער איז אַ שווינדלער, אַן עם־הארץ א. ד. גל.

דר' בערטאָלאַ האָט זיך ענדלעך איבערצייגט, אַז דער קראַנ־קער האָט אים פיינט תכלית השנאה, האָט ער אים דערקלערט, אַז פון ווייטערדיקן היילן איז ער זיך געצוואונגען אָפּצוזאָגן. דער דאָזיקער באַשלוס האָט דעם קראַנקן אַרייגגעבראַכט אין דער רציחה. דעם אַנדערן טאָג האָט ער אָפּגעטשאַטעוועט דעם דאָקטאָר אויף דער גאַס.

— צי וועט איר מיך ווייטער היילן, צי ניין? — האָט דער שוסטער אַ פרעג געטון.

אָקומענדיק אַן ענטפער, אַז ניין, האָט ער אַריינגעזעצט דעם דאָקטאָר אין בויך אַריין אַ גרויס קיך־מעסער. דער דאָקטאָר איז אַנידערגעפאַלן מיט אַן אויפגעשאַרפטן בויך און דער קראַנ־קער מערדער, באַ וועלכן עס האָט זיך גלייכצייטיק אַ לאָז געטון דאָס בלוט פון האַלדז, איז אויך אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד.

ביידע האָט מען באַלד אויפגעהויבן און אַוועקגעפירט אין איין שפיטאָל אריין; דאָרט זענען זיי טאַקע ביידע געשטאָרבן.

דעם דאָקטאָרס גאַנצע טעטיקייט איז דורכויס איבערגעפולט מיט שרעקלעך־נערוועזע מאָמענטן, וועלכע ווירקן אויף אים אויסער־געוויינטלעך שלעכט. אַן אומגעריכטע פאַרערגערונג אינם קראַנקנס געזונט־צושטאַנד, אַ פאַרפאַלענער קראַנקער, וועלכער פאָדערט פון דיר הילף, די סכנה פון טויט בײַ אַ קראַנקן, די שטענדיקע מעגלעכ־קייט פון אַן אומגליקלעכן צופאַל אָדער אַ טעות, ענדלעך, די אַט־מאָספערע פון די ליידן און די ליידן גופא, וואָס רינגלען דיך ארום, — דאָס אַלץ האַלט די נשמה אין אַ צושטאַנד פון עפּעס אַ מין פאַרבאָרגענער, אומאויפערלעכער מורא.

דער דאָזיקער צושטאַנד איז אָבער נישט שטענדיק קיין באַ־וווּסטזיניקער.

נאָר אָט מאַכט זיך אַ טאָג, אַ זעלטנהייט, ווען אַלץ איז אין אָרדנונג: קיין געשטאָרבענער איז נישטאָ, אַלע קראַנקע ווערט בעסער, די באַציִונג צו דיר איז אַ גוטע, — ערשט דאַמאָלס באַמערקט מען, אַ דאַנק דעם געפיל פון פאַרלייכטערונג אין וואָס פאַר אַ נער־ווען, צערודערטן צושטאַנד מען לעבט די גאַנצע צייט.

עס מאַכט זיך אַמאָל, אַז מען פאַלט אינגאַנצן פון די כוחות, מען קען אַזוי לעבן נישט איבערטראָגן, עס נעמט דאַמאָלס אַרום אַזא יאוש, אַז עס ווילט זיך אַנטלויפן, אַנטלויפן ווייט, פטור ווערן פון אַלעמען, כאָטש אויף אַ קליינער צייט זיך דערפילן רויִק און פריי.

שטענדיק אַזוי צו לעבן איז אוממעגלעך.

און אָט הייבט זיך שוין אָן אין טייל הינזיכטן אויסצואַרבעטן בײַ מיר די נייטיקע געוווינהייט, איך ליידט שוין נישט אַזוי פיל ווי פריער פון דער שנאה און אומגערעכטיקייט פון די קראַנקע,

עס שניידן מיר שוין נישט אַזוי באַם האַרץ זייערע ליידן און זייער הילפלאָזיקייט.

שווערע קראַנקע זענען פאַרן דאָקטאָר צום מייסטן באַלערני-דיק, פריער האָב איך נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי מיינע חברים פון איין שפיטאָל קענען זיך אויסקלויבן דווקא די אָפּטיילונג, וווּ עס ליגן די „אינטערעסאַנטע" שווערע קראַנקע; איך האָב מיך דאַקעגן אַלץ באַמיט אָפּצוטשעפּען זיך פון אַזעלכע קראַנקע; מיר איז שווער געווען צו קוקן אויף זייערע אויסגעדאַרטע קערפּערס מיט דעם נאָכהענגעדיקן פלייש, מיטן פוילנדיקן בלוט, עס איז שווער געווען זיך צו באַגעגענען מיט זייערע בליקן פול מיט האָפּ-נונג צו דיר, בשעת דו קענסט אַזוי ווייניק העלפן.

ביסלעכקייט בין איך אָבער צו דעם געוווינט געוואָרן.

איך האָב מיך בכלל אָנגעהויבן צוגעוויינען צו דער אַטמאָס-פערע פון די שטענדיקע ליידן, אין וועלכער עס קומט אויס צו לעבן און צו אַרבעטן.

איך פיל, ווי באַ מיר הייבט זיך ביסלעכווייז אָן אויסצו-אַרבעטן אַ גאַנץ באַזונדערע באַציונג צו קראַנקע: איך באַצי מיך צו זיי דעליקאַט, אויפמערקזאַם, איך באַמי מי געוויסנהאַפט צו טון אַלץ, וואָס איך בין נאָר בכוח צו טון, — נאָר אַוועק פון די אויגן, איז אַוועק פון האַרץ אויך.

איך זיץ אינדערהיים אין דער געזעלשאַפט פון גוטע פריינט, איך שמועס און לאַך; דאַרף מען פאָרן צו אַ קראַנקן, פאָר איך, טו וואָס מען באַדאַרף, טרייסט די מוטער, וואָס וויינט באַ איר שטאַרבנדיקן זון; נאָר קוים קום איך צוריק אַהיים, באַקום איך באַלד די פריערדיקע שטימונג און אויף דער נשמה בלייבט נישט קיין שום שפור פון ווייטיק.

„דער קראַנקער", מיט וועלכן איך האָב צו טון אַלס דאָק-

טאָר, איז גאָר עפּעס אַנדערש ווי סתם אַ קראַנקער מענטש, אפילו נישט קיין נאָנטער, אַפילו אַ ווייטער באַקאַנטער, מיט אַזעלכן בין איך פעיִק צו האָבן מיטלייט, מיטצופילן מיט אים אין זיינע ליידן, בנוגע אָבער מיינע פּאַציִענטן פאַרליר איך וואָס אַ מאָל מער די דאָזיקע פעיִקייט; און איך בין פעיִק צו פאַרשטיין דעם פריינט מיינעם, אַ געוויסן כירורג, אַ מענטש זייער אַ גוטהערציקן, וועלכער פלעגט זיך גאַנץ תמימותדיק וווּנדערן, בשעת אַ קראַנקער פלעגט מאַכן געוואַלטן אונטער זיין מעסער און אים געוויינטלעך פרעגן:

— נאַרעלע, וואָס־זשע שרייסטו?

עס איז מיר גאַנץ פאַרשטענדלעך, ווי אַזוי פּיראָגאָוו, מיט זיין גוט, מיטפילנדיק האַרץ, האָט זיך געקענט דערלויבן יענעם עקלהאַפטן אַרויסטריט, וועגן וועלכן ער דערציילט אין זיינע זכרונות.

ער שרייבט:

„נאָר איין מאָל אין מיין לעבן האָב איך געהאַט אַזאַ גראָבן טעות בײַם באַטראַכטן אַ קראַנקן: איך האָב בײַ אים פעסטגעשטעלט אַ שטיין אין אורין־פּענכער און מאַכנדיק די אָפּעראַציע האָב איך קיין שטיין נישט געפונען.

„דאָס האָט זיך פּונקט געטראָפן מיט אַ רעליגיעזן, שרעקעוודיקן אַלטעשקן; איך בין אויפגערעגט געוואָרן צוליב מיין טעות און איך בין געווען אַזוי פיל נישט פיין, אַז איך האָב דעם אָפּגעמאַטערטן קראַנקן עטלעכע מאָל געשיקט צו אַלדע טייוול.

— ווי האָט איר קיין מורא נישט פאַר גאָט, — האָט דער אַלטער זיך אָפּגערופן מיט אַ שטיל, תחנונימדיק קול — און דערמאָנט דעם נאָמען פון שר של גיהנום, בשעת נאָר גאָטס נאָמען אַליין וואָלט מיר געקענט פאַרגרינגערן מיינע יסורים!"

דאָס איז אַ מערקווירדיקע אייגנשאַפט פון דער מענטשלעכער

בשמה פאַרטעמפּט צו ווערן פון רגילות אין איין הינזיכט און אין אַלע אַנדערע הינזיכטן צו בלייבן נישט פאַרענדערט.

פריִער האָב איך עס מיר גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן, איצט בין איך אָבער איבערצייגט, אַז אפילו אַ טורמע-וועכטער און אַ תלין קענען זיך הייס און ערנסט אַפּרופן אויף יעדער אומגליק אויב דאָס דאָזיקע ליגט נאָר אויסער דעם געביט פון זייערע באַשעפטיקונג.

איך באַמערק, ווי איך הייב אָן אַלעמאָל מער געוווינט צו ווערן מיט די ליידן פון די קראַנקע, ווי איך הייב מיך אָן צו ריכטן באַם היילן מיינע קראַנקע נישט מיטן אוממיטלבאַרן געפיל, נאָר מיטן מוח, מיטן פאַרשטאַנד, אַז מ'דאַרף זיך האַלטן אַזוי און אַזוי, די דאָזיקע געוווינהייט גיט מיר די מעגלעכקייט צו לעבן צו אָטעמען, נישט צו זיין אייביק אונטער דער ווירקונג פון שווערע איינדריקן: נאָר די דאָזיקע געוווינהייט פון די דאָקטוירים רעגט מיך אויף און שרעקט מיך, — צום מיינסטן דאַמאָלס, ווען איך באַמערק עס אין דער באַציִונג צו זיך זעלבסט.

צו מיר איז געקומען מיינס אַ שוועסטער פון דער פּראָווינץ; זי איז געווען אַ לערערין אין אַ שטאָטישער שול. נאָך מיט צוויי יאָר צוריק האָט זי געמוזט פאַרלאָזן די שטעלע צוליב איר קראַנקהייט: צוליב דער אויסגעמאַטערטקייט אירער האָט זיך באַ איר אַנטוויקלט אַ פולשטענדיקע נערוועזע אויסגעמאָגערטקייט; זי איז אַזוי שוואַך געוואָרן, אַז גאַנצע טעג און נעכט פלעגט זי ליגן און בעט, יעדער קלונג האָט באַ איר אַרויסגערופן נערוועזע אַטאַקן, שלאָפן האָט זי לחלוטין נישט געקענט, זי איז געוואָרן אַ בייזע, אַ קליינלעכע, אַן אויפגערעגטע. צוויי יאָר האָט זי זיך געהיילט און אַלץ איז געווען אומזיסט.

און אָט איז זי געקומען צו די רעזידענץ-דאָקטוירים.

איך האָב זי נישט דערקענט, אַזוי איז זי געוואָרן אויסגע-

דאָרט און בלייך; די אויגן אירע זענען עפּעס גרעסער געוואָרן, אַרומגעזוימט מיט אַ בלויער ראַנד און האָבן געהאַט עפּעס אַ מאָד־נע נערוועזן גלאַנץ; פריִער איז זי געווען אַן ענערגישע, פול מיט אַרבעטסט־לוסט, איצט איז זי געוואָרן פויל, גלייכגילטיק צו אַלעם.

איך בין מיט איר געפאָרן צו אַ באַוווּסטן נעווראָפּאַטאָ־לאָג. (אַ פּראָפעסאָר פון אומנאָרמאַלע נערוון־קראַנקהייטן).

לאַנג איז אונדז אויסגעקומען צו וואַרטן. אַ סך פּאַציענטן זענען געווען. ענדלעך זענען מיר אַריין אין קאַבינעט.

דער פּראָפעסאָר האָט מיט אַ פריילעכער, גלייכגילטיקער מינע אָנגעהויבן אויספרעגן די שוועסטער מיינע, צו איר יעדער ענטפער האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט: „זייער גוט” דער־נאָך האָט ער זיך געזעצט שרייבן אַ רעצעפּט.

— געוויס, געוויס! — האָט דער פּראָפעסאָר גוטמוטיק גע־ענטפערט. — טויזנטער מענטשן זענען קראַנק אויף דעם זעלבן וואָס איר, איר וועט געזונט ווערן! אָט וועלן מיר אייך פאַרשרייבן וואַנעס, צוויי מאָל אין דער וואָך, דערנאָך...

מיר איז אַלץ מער עקלהאַפט געוואָרן צו קוקן אויף דעם פריילעכן, גלייכגילטיקן פּנים, אויסצוהערן דעם דאָזיקן טאָן, אין וועלכן מען רעדט נאָר מיט קליינע קינדער.

דאָ האָט מען דאָך פאַר זיך געהאַט אַ גאַנצע טראַגעדיע: מיט אַ האַלב יאָר צוריק האָט מיין מוטער, אַריינקומענדיק גאַנץ צופעליק צו דער שוועסטער, אַרויסגעריסן בא איר פון דער האַנט די מאָרפינע, מיט וועלכער זי האָט זיך געוואָלט אָפּסמען, כּדי נישט צו פירן קיין לעבן פון אַ קראַנקן פּאַראַזיט... און אָט קומט ער מיט זיין עקלהאַפטן טאָן, מיט זיין גלייכגילטיקייט, און ווייזט, אַז קיינעם אינטערעסירט נישט די דאָזיקע טראַגעדיע.

מיין שוועסטער איז געשטאַנען שטילשווייגנדיק און פון אי־רע אויגן זענען אומבאַוווסטזיניק געפֿלאָסן גרויסע טרערן; זי איז אַ שטאָלצע און עס האָט זי געקרענקט, וואָס זי קען די טרערן נישט איינהאַלטן, זיי זענען געפֿלאָסן נאָך מער.

איר גרויס אומגליק איז באַנאַליזירט, אויסגעלאַכט געוואָרן, — אַזעלכע ווי זי זענען פּאַרהאַן טויזנטער, און אין איר אומגליק זעט גאָר קיינער נישט קיין שום שרעקלעכס... און זי האָט אַזוי גע־וואַרט אויף זיין עצה, אַזוי געהאָפֿט!

— נו, אָט! אָך, פֿריילין, דאָס טויג שוין צו גאָרנישט! — האָט דער דאָקטאָר אויסגעשריגן, דערזעענדיק בײַ איר טרערן — אײַ—אײַ—אײַ, אַ בושה און אַ חרפּה! וויינען, פֿע!... הערט שוין אויף, הערט אויף!...

און ווידער אַ מאָל האָט אַלץ אין זיין טאָן גערעדט וועגן דעם, אַז דער פּראָפֿעסאָר זעט יעדן טאָג אַזעלכע וויינענדיקע פֿריילינס, און אַז די טרערן זענען פֿאַר אים נישט מער ווי טראָפּנס געזאַלצן וואַסער, וואָס ווערן אַרויסגעבערענגט פֿון די טרערן־דריז־לעך דורך די צעטרייסלטע נערוון.

מיר זענען שטיל אַרויסגעגאַנגען, שטיל זיך אויפֿגעזעצט אויף דער דראָזשקע. מיין שוועסטער האָט זיך איינגעבויגן, צוגעדריקט די מופֿקע צו די ליפּן און זיך פֿלוצלינג צעוויינט, זי האָט אין זיך געשטיקט דאָס געוויין און דאָך — נישט בכּוח געווען זיך איינצוהאַלטן.

— איך וועל נישט איינעמען די נאַרישע רעצעפּטן! — האָט זי אויסגעשריגן און אַרויסכאַפּנדיק דעם רעצעפּט, אים צע־ריסן אויף פּיצלעך.

איך האָב מיך נישט קעגנגעשטעלט; איך האָב געהאַט פּונקט דאָס זעלבע געפֿיל, איך האָב אָנגעווירן דעם מינדסטן צוטרוי צו

די רפואות פון דעם דאָזיקן גלייכגילטיקן, עגאָיסטישן מענטש וועלכן, עס גייט אַזוי ווייניק אָן יענעמס אומגליק...

און באַלד דעם זעלבן אָוונט האָב איך מיר געטראַכט: ווו איז־זשע פאָרט פאַרהאַן די גרענעץ, אויף וועלכער עס דאַרף זיך האַלטן סיי דער דאָקטאָר, סיי דער קראַנקער, און צי וואָלט איך מיך שטענדיק געקענט האַלטן אויף דער דאָזיקער גרענעץ?...

XIX

איינמאָל באַנאַכט קלינגט מען בײַ מיר האַסטיק אָן. די דינסט איז מיר געקומען זאָגן, אַז מען רופט מיך צו אַ קראַנקן. אין פּאָ־דערהויז איז געשטאַנען אַ הויכער יונגערמאַן מיט פּרישטשעס אויפן פּנים אין אַ היטל פון אַ פּאַסט־באַאַמטן.

— ה׳ דאָקטאָר, זייט אַזוי גוט, אפשר וואָלט איר זיך צו־געאײַלט צו באַזוכן די קראַנקע! — האָט ער אַרויסגערעדט אָן אויפגערעגטער. — אַ פרוי שטאַרבט... דאָ נישט ווייט, באַלד אין ראָג...

איך האָב מיך אָנגעטון און אַרויסגעגאַנגען מיט אים.

— וואָס איז געשען מיט דער קראַנקער? זי איז שוין לאַנג קראַנק? — האָב איך געפרעגט מײַן באַגלייטער.

ער האָט געקנייטשט מיט די פּלייצעס.

— איך פאַרשטיי פּשוט נישט!... וואָס איז דאָס אַזוינס, מײַן גאָט!.. זי איז מײַן חברס ווײַב, איך בין בײַ זיי אויף קעסט און קוואַרטיר... אין אָוונט איז זי געקומען מיטן מאַן, זיי זענען געווען ביידע צוגאַסט, — זי האָט געלאַכט, געשפּאַסט. און פּלוצ־לינג וועקט מיך דער מאַן אויף און שיקט מיך נאָך אײַך, — דאָס

הייב זיינס שטאַרבט, זאָגט ער... פון וואָס דאָס איז געשען, ווייס איך בשום אופן נישט!

מיר זענען אַרויפגעגאַנגען אויפן פערטן שטאָק דורך קרומע, פינסטערע טרעפּ, צוגעלויכטן זיך אויפן וועג מיט שוועבעלעך. מיין באַגלייטער האָט האַסטיק אָנגעקלונגען.

אַ יונגער מענטש, אַ ברונעטער, מיט אַ שוואַרץ בערדעלע, אין בלויזן וועסטל האָט אונדז געעפנט די טיר.

— ה׳ דאָקטאָר, ווי גאָט איז אייך ליב, שנעלער! — האָט ער שיער נישט געוויינט.

ער האָט מיך אַריינגעפירט אין שלאָפצימער. אויף אַ ברייט, צווייפּאַכיק בעט איז אומבאַוועגלעך געלעגן אַ יונגע פרוי מיטן פנים צו דער וואַנט.

איך האָב זי אָנגענומען באַם דופק, — די האַנט איז געווען שווער און קאַלט, דער דופק האָט נישט געקלאַפּט; איך האָב זי איבערגעדרייט מיטן פנים אַרויף, אַריינגעקוקט אין אַן אויג אַריין, זיך צוגעהאָרכט צום האַרץ... זי איז שוין געווען טויט.

איך האָב מיך פּאַמעלעך אויסגעגלייכט.

— נו, וואָס? — האָט דער מאַן אַ פרעג געטון.

איך האָב מיט גרויס באַדויערונג אַ קנייטש געטון מיט די פּלייצעס.

— געשטאָרבן!? — האָט ער זיך געשטיקט פון געוויין — און פּלוצלינג, קוקנדיק אויף מיר מיט אומבאַוועגלעכע, אויסגעגלאָצטע אויגן, אָנגעהויבן יאָמערן, פּונקט ווי ער וואָלט געבילט; פּונקט ווי ער וואָלט נישט געקענט אַוועקרייסן זיין בליק פון מיינעם; ער האָט געציטערט און געהאַלטן אין איין יאָמערן מיט זיין מאָדנעם געוויין, וואָס איז ענלעך געווען צום בילן פון אַ הונט.

— באַרויקט אייך... נו, וואָס־זשע זאָל מען מאַכן! — האָב איך אים געזאָגט, אָנרירנדיק אים באַם אַרבל.

ער האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול און חיונ־דיק זיך אַהין און צוריק מיטן גאַנצן קערפּער, זיך אָנגעכאַפּט בײַם קאָפּ, דאָס מיידל אין דעם נאַכט־קליידל, וואָס איז געשטאַנען בײַ דער קאָמאָדע האָט זיך אויך הויך צעוויינט.

די טויטע איז אינגאַנצן שוין קאַלט געוואָרן. אַ יונגע, אַ שיינע, אין אַ העמד באַנייט מיט שפּיצן, איז זי געלעגן אויפן צע־קנוידערטן בעט, וואָס איז נאָך וואַרעם געווען.

— ווי אַזוי איז דאָס געשען? — האָב איך געפרעגט.

— זי איז אינגאַנצן געזונט געווען! — האָט דער מאַן אויס־געשריגן, — נעכטן זענען מיר געקומען פון באַקאַנטע. אינמיטן דערנאַכט כאַפּ איך מיך אויף. זע איך, זי ליגט עפּעס אויף אַ זייט. איך האָב זי אַ ריר געטון בײַ אַן אַקסל, — זי רירט זיך נישט, זי איז קאַלט... גאָט, גאָט, גאָט מייגער! האָט ער אויס־געשריגן, רייסנדיק זיך די האָר פון קאָפּ, — אָ־אָ־אָ־אָ!... וואַניאַ, וואָס איז דאָס אַזוינס?!

מיין באַגלייטער האָט מיטליידנדיק געפינטלט מיט די אויגן.

— נו, טייערער! סעריאָזשאַ! וואָס־זשע זאָל מען טון? — האָט ער זיך טרויעריק געבעטן — גאָטס ווילן איז אַזוי! דו ווייסט דאָך, אַז בײַ טשעפּ־אַקאָוון איז אויך געשען דאָס זעלבע, — וואָס קען מען־זשע טון קעגן גאָט?

— עס איז דאָך... ערשט איצט... נאַסטענקאַ! נאַסטיאַ!...

דאָס מיידל האָט זיך אָנגעטון און אַראָפּגעגאַנגען צום סטרוזש אים צו שיקן נאָך דער געשטאַרבענערס מוטער. דער חבר האָט ווייטער געהאַלטן אין איין טרייסטן דעם מאַן. איך האָב שוין נישט געהאַט וואָס צו טון און איך האָב מיך אויפגעשטעלט אַוועק־צוגיין.

— ווארט נאָר צו, ה' דאָקטאָר. איין מינוטקעלע... זייט אַזוי גוט! — האָט דער מאַן אַרויסגערעדט.

ווייַנענדיק אַלץ אינײַנעם, האָט ער געשווינד אַרויסגעצויגן אַ שופלאָד פון דער קאָמאָדע, געזוכט אַ ווײַלע און מיר דערלאַנגט דרײַ רובל.

— מען דאַרף נישט! — האָב איך נערוועז אַ זאָג געטון און אָפּגעמאַכט מיט דער האַנט.

— ניין, ה' דאָקטאָר, אַזוי גייט עס נישט! — האָט ער זיך אָפּגעשאָקלט. — פאַרוואָס עפּעס? ניין איך בעט אייך זייער!...

איך האָב געמוזט צונעמען.

איך בין געקומען אַהיים. עס איז מיר געווען שווער און פאַרדריסלעך. די באַקומענע דרײַ רובל האָבן מיר געבריענט די קעשענע; וואָס פאַר אַ מיאוסער, שרײַענדיקער קאָנטראַסט איז צווישן די דאָזיקע דרײַ רובל און דעם אומגליק זייערן!

איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, אַז דאָס איז גאָר באַ מיר אין די אויגן געשטאָרבן מײַן ווייַב — און אין דער זעלבער צייט דאַרף איך עפּעס זוכן דרײַ רובל צו באַצאָלן דעם דאָקטאָר!

ווען אַלע דאָקטוירים זאָלן אפילו זיין מלאכים, וואָלט דאָס באַצאָלן זיי פאַר זייער הילף, בשעת עס דאַכט זיך, אַז די גאַנצע וועלט דאַרף פאַרגליווערט ווערן פון פּיין, — שוין גענוג געווען, אַז מען זאָל צו זיי פילן אַן עקל און אַ שנאה. פּונקט אַזאַ געפיל האָב איך געהאַט צו זיך אַליין, ווען איך האָב געקוקט אויף מיר פון אַ זייט.

אָ, די שכירות! וויפיל צייט האָט געמוזט פאַרבייגיין, ביז מען איז עטוואָס געוווינט געוואָרן דערצו!

יעדער שריט דײַנער ווערט אָפּגעשטעמפּלט מיטן רובל, דער קלאַנג פונם רובל שטייט צווישן דיר און דעם לייַדנדיקן מענטש.

חיפיל אומבאקוועמלעכקייטן ברענגט ער אריין אין די באציונגען ווי אפט שטערט ער דעם היילן און פענטעט די הענט...

צום מיינסטן האט מיך אין אנהייב געעקלט דווקא דער מאָדוס פונם אפשאצן דעם דאקטארס ארבעט, — א דאקטאר באקומט באצאלט נישט פארן אויסהיילן, נאר פשוט פאר היילן. באם היינטיקן מצב פון דער וויסנשאפט קען גאר אנדערש נישט זיין, פונדעסטוועגן האט מיר אויסגעזען ווילד און נאריש צו נעמען געלט פאר אן ארבעט, וואס ברענגט קיינעם קיין נוצן נישט.

מיט א יאר דריי צוריק האט איין ליאנער דאקטאר געהיילט א קראנקע דורך אריינשפריצן איר אין דער הויבמוטער אריין יאָדינע; דער קראנקער איז נישט בעסער געווארן.

דער קראנקערס מאן, א מענטש א פארמעגלעכער, האט אנגעשטאט צו באצאלן דעם דאקטאר זיין האנאראר, אים אנגעקלאגט אין געריכט, מאנענדיק בא אים 10,000 פראנק פאר דעם, וואס ער האט כלומרשט געבראכט שאדן זיין ווייבס געזונט־צושטאנד.

דאס געריכט האט דעם מאנער אין זיין תבועה אפגעזאגט און געפסקנט, אז ער זאל גאר באצאלן דעם דאקטאר זעקס הונדערט פראנק פארן היילן, דערפאר ווייל דער דאקטאר האט באם היילן אנגעווענדט א מיטל, וואס איז איינגעארבעט דורך דער וויסנשאפט, און דעריבער קען ער נישט טראגן די פאראנטווארטלעכקייט פארן דורכפאל פונם היילן.

וואס איז אבער שולדיק דער קראנקער, וועלכער ווענדט זיך צו א דאקטאר נאך הילף און מוז אים באצאלן פארן פארגעבן צו היילן זיך אן א שום ממשות „מיט א מיטל, וואס איז אויסגעארבעט דורך דער וויסנשאפט"?

אין מאָליערס קאָמעדיע „Le medecin malgré lui“ זאָגט סגאַנאַרעל:

„איך האַלט, אַז די דאָקטאָרישע פּראָפעסיע איז די בעסטע; צי דו טוסט דיין זאַך גוט, צי שלעכט, דיר באַצאָלט מען אַלציינס דער דורכפאַל פאַלט קיינמאָל נישט אויף אונדזערע פּלייצעס און מיר שניידן צו דאָס מאַטעריאַל, איבער וועלכן מיר אַרבעטן, ווי אונדז גלוסט זיך. אויב אַ קאַמאַשן־מאַכער זאָל אָפּקלאָגן אַ שטיקל לעדער, וואָלט ער געמוזט באַצאָלן פאַרן שאָדן, מיר אָבער מעגן אָפּקלאָגן אַ גאַנצן מענטש און גאָרנישט באַצאָלן דערפאַר“.

און די דאָזיקע ווערטער סגאַנאַרעלס, פּונקט אַזוי ווי אין אַלע ווערטער מאָליערס וועגן דאָקטוירים, איז דאָ אַ סך אמת.

די מעשה איז אָבער די, וואָס דער חוזק האָט דאָ לחלוטין קיין אָרט נישט:

דאָ האָבן מיר ווידער צו טון מיט איינער פון יענע פאַר־וויקלטע און פיינלעכע מיספאַרשטענדענישן, מיט וועלכע עס איז אַזוי שמערצלעך איבערגעפולט די דאָקטאָרישע פּראָפעסיע.

דאָס ליאָנער געריכט האָט געפסקנט, אַז דער באַשולדיקטער דאָקטאָר האָט אָנגעווענדט אַ מיטל, וואָס איז אויסגעאַרבעט גע־וואָרן דורך דער וויסנשאַפט, און דעריבער קען ער נישט טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן דורכפאַל פונם היילן.

מאָליער וואָלט דערויף מיט חוזק געענטפערט דורכן מויל פון דער סאָבּרעטין טואַנעטאַ: („Le malade imaginaire“).

„פאַרשטייט זיך! איר, דאָקטוירים, געפינט אייך בײַ די קראַנקע נאָר כּדי צו באַקומען דעם האָנאָראַר און צו געבן רפואות, און דאָס איבעריקע איז שוין די זאַך פון די קראַנקע גופא: אויב ייי קענען, זאָלן זיי זיך געזונט ווערן.“

דערויף מוז מען ענטפערן מיט די זעלבע ווערטער, מיט

וועלכע מאָליערס קאַריקאַטור-דאָקטאָר דיאַפוירוס ענטפערט אָפּ טואַנעטאַן.

„Celá est vrai. On n'est obligé qu'a traiter le gens dans les formes." (דאָס איז אמת מען איז מער נישט מחויב, נאָר צו היילן לויט די פאָרשריפטן).

יאָ, אַזוי איז עס, — מיר זענען נאָר מחויב צו היילן מענטשן לויט אַלע פאָרשריפטן פון דער וויסנשאַפט. און נישט אונדזער שולד איז, וואָס די דאָזיקע וויסנשאַפט איז אַזוי אומפולקאָם.

ווען אַ דאָקטאָר זאָל באַקומען באַצאָלט נאָר פאַר היילן מיט דערפאָלג, וואָלט ער געשאַנעוועט זיין אַרבעט און זיך נישט אונטערגענומען צו היילן אַן עטוואָס ערנסטע קרענק דערפאַר, ווייל ער קען קיינמאָל נישט האָבן די זיכערקייט, אַז ער וועט זי קענען אויסהיילן.

אין אָנהייב האָט בכלל יעדער מין שכירות, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו נעמען פאַר מיין עצה אַלס דאָקטאָר, מיך שרעקלעך געערגערט. דאָס האָט מיך דערנידעריקט אין מיינע אייגענע אויגן און זיך געלייגט ווי אַ שמוציקער פלעק אויף מיין פראָפעסיע. איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי די מערב-אייראָפעישע דאָקטוירים האָבן געקענט דערגיין ביז צו אַזאַ צינישקייט, איינצופירן אַ מנהג צוצושיקן זייערע פאַציענטן אַ רעכנונג, וויפיל עס קומט זיי פאַרן היילן.

אַ רעכנונג פאַר היילן! פונקט ווי אַ דאָקטאָר וואָלט געווען אַ סוחר, און זיינע באַציונגען מיטן פאַציענט קען מען אָפּשאַצן ווי קאָלאָניאַל-סחורה אַ שטייגער מיט פראַנקן אָדער מיט מאַרקן!

איך פלעג נעמען דעם האָנאָראַר פונקט ווי וואָלטערס אידעאַלער דאָקטאָר „נישט אַנדערש, ווי מיט אַ באַדויערונגס-געפיל", איך האָב מיך אפילו באַנוצט מיט דער מינדסטער אויסרייד, זיך אָפּצוזאָגן פון געצאָלטס.

די ערשטע צוויי יאָר מיינע אין פעטערבורג האָב איך גע־האט אַ וווינונג בײַ אַ באַלעבאָסטע. די באַלעבאָסטע פלעגט זיך צו מיר אָפּט ווענדן נאָך מעדיצינישער הילף און די ערשטע צייט פלעגט זי בײַם געזעגענען זיך מיר דערלאַנגען געלט.

— לאָזט צורו! וואָס טוט איר? — פלעג איך זאָגן אַ באַ־לייַדיקטער און צוריק אַרײַנשטיפּן איר דאָס געלט אין דער האַנט אַרײַן.

די באַלעבאָסטע פלעגט פאַרבאָרגן דאָס שמייכעלע און צו־ריק באַהאַלטן דאָס געלט אין קעשענע אַרײַן. איך פלעג אַרויסגיין פון איר בריוווחדיק שלאָפצימער צו מיר אין שמאָלן פינסטערן חדרל לעבן דער קיך און זיך אַנידערזעצן איבערשרײַבן עפּעס אַ פּראָ־יעקט וועגן עלעוואַטאָרס צו פּופּצען קאָפּעקעס פאַר אַ פּויגן, כדי צו פאַרדינען אויף צו באַצאָלן דירה־געלט דער זעלבער באַלע־באָסטע.

די אַלטערטימלעכע רוסישע מאָנאַכן, וואָס האָבן זיך פאַר־נומען מיט היילן קראַנקע, האָבן נישט געוווסט פון קיין געצאָלטס פאַרן היילן. זיי זענען געווען „אומזיסטע היילערס". לויט מיין מיינונג דאַרף דאָס נישט נעמען קיין שכירות זיין דער יסוד פון דעם דאָקטאָרס פּראָפעסיע.

דאָס געצאָלטס איז נאָר אַ טרויעריקע נויטווענדיקייט און וואָס ווייניקער עס וועט זיך אַרײַנמישן אין די באַציונגען צווישן דעם דאָקטאָר און דעם קראַנקן, וועט אַלץ בעסער זיין, דאָס געצאָלטס מאַכט די דאָזיקע באַציונגען אומנאָרמאַל און אָנגעצויגן און אָפט־מאָל בינדט עס פּשוט דעם דאָקטאָר די הענט.

דער קראַנקער הייבט אָן געזונט צו ווערן, ער איז אָבער נאָך קראַנק, מען דאַרף אויף אים גוט אַכטונג געבן, אָבער די נאָנטע זאָגן צו מיר העפלעך; „איצט איז אים דאַנקען גאָט בעסער",

קים העט אים עטוואָס ערגער ווערן, זאָלט איר אזוי גוט זיין און זיך נישט אָפּזאָגן אונדז ווייטער צו באַזוכן".

דערויף איז נאָר מעגלעך איינאיינציקער ענטפער; „איך מוז ווייטער באַזוכן דעם קראַנקן, איר אַליין קענט נישט פעסטשטעלן ווען מיין הילף וועט פאַר אים זיין נייטיק".

דאָס וואָלט אָבער גלייכצייטיק געהייסן; צאָלט מיר ווייטער פאַר די וויזיטן".

און דו ענטפערסט נישט, דאָס וואָס מען באַדאַרף ענטפערן, און לאָזט איבער דעם קראַנקן אויף גאָטס באַראָט.

ווען איך פלעג לייענען אין די צייטונגען, אַז דער און דער דאָקטאָר מאָנט אויף זיין האָנאָראַר דורכן געריכט, פלעג איך מיך שעמען מיט מיין פּראָפעסיע, מיט וועלכער עס פאַרנעמען זיך אַזעלכע מענטשן.

פאַר מיר פלעגט זיך באַלד פאָרשטעלן דאָס געשטאַלט פונם דאָזיקן דאָקטאָר, — אַ האַרטהערציקער, אַ גיריקער, ער זעט אין די יסורים פונם קראַנקן מענטש נאָר אַ מיטל צו באַקומען בא אים אַזוי פיל און אַזוי פיל רובל. פאַרוואָס איז ער געוואָרן אַ דאָקטאָר? ער וואָלט גלייכער געטון, ווען ער ווערט אַ סוחר אָדער אַ פּאָדריאַדטשיק, אָדער ער וואָלט זיך בעסער געעפנט אַ לאָמבאַרד.

ווען איך האָב מיך אָבער נענטער באַקענט מיטן לעבן, ווען איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו באַאָבאַכטן די באַציִונג פונם קראַנקן צום דאָקטאָר, זיך נענטער צו באַקענען מיט מיינע קאָלעגן, די דאָקטוירים. האָבן זיך מיינע פריִערדיקע אָנשויונגען ביסלעכווייז אָנגעהויבן באַדייטנדיק צו ענדערן.

איך האָב געהאַט אַ חבר, אַ דאָקטאָר, אַ ספּעציִאַליסט — אַ מאַסאַזשיסט. ער האָט במשך צוויי יאָר צייט געהיילט די פאַמיליע פון איין רייכן קאָמערציאַנט. דער קאָמערציאַנט, אַ מענטש זייער

אַן אינטעליגענטער, אַ פולשטענדיקער „דזשענטלמען" איז שולדיק געבליבן מיין חבר אַן ער פון צווייהונדערט רובל.

עס איז פאַרביי אַ האַלב יאָר. מיין חבר האָט זיך זייער גע- נייטיקט אין געלט, האָט ער אָנגעשריבן צום קאָמערציאַנט זייער אַ העפלעכן בריוו, אין וועלכן ער האָט אים געבעטן אים צוצושיקן דאָס געלט.

דער קאָמערציאַנט איז צו אים אַליין געקומען דעם זעלבן טאָג, געברענגט אים דאָס געלט און זיך אָנגעהויבן פאַר אים צו אַנטשולדיקן.

— אום גאָטס ווילן, ה' דאָקטאָר, זייט מיר מוחל!... מיך אַרט אַזוי שטאַרק, וואָס איר האָט געדאַרפט וואַרטן מיטן געלט! עס איז מיר אינגאַנצן אַרויס פון קאָפּ. איר ווייסט דאָך, אַזוי פיל געשעפטן, — דאָס, יענץ, טייל מאָל פאַרגעסט מען פשוט! זייט מיר מוחל, איך בעט אייך!

נאָר די גאַנצע צייט האָט ער אָנגערופן מיין חבר נישט אויפן נאָמען און פאָטערס-נאָמען, נאָר „דאָקטאָר"*), זיך געהאַלטן די גאַנצע צייט מיט יענער גאַלאַנטער העפלעכקייט, אונטער וועל- כער מענטשן באַהאַלטן געוויינטלעך זייער געפיל פון עקל צו אַ מענטש.

פון דאַמאָלס אָן האָט זיך דער קאָמערציאַנט אויפגעהערט צו ווענדן צו מיין חבר.

אין די געשעפטן זיינע האָט ער, פאַרשטייט זיך, נישט גע- האַלטן פאַר קיין עוולה צו פאָדערן געלט אויף וועקסלען אָדער אויף רעכנונגען, אַ דאָקטאָר אָבער, — אַ דאָקטאָר, וועלכער פאַר-

*) דאָס נישט אָנרופן אַ מענטש בײַם נאָמען און פאָטערס-נאָמען באַדייט בײַ די רוסן אַ גרינגשעצנדיקע באַציונג.

מישט געלט אין זיין פּראָפעסיע... אזא דאָקטאָר איז אין זיינע אויגן נישט געשטאַנען אויף דער הויך פון זיין פּראָפע־סיע.

דעם קאָמערציאַנטס אויפפירונג האָט מיך איבערראַשט און געבייס צו פאַרקלערן זיך דעריבער; דאָס איז אַ מיאוסע, אַ סקאַנ־דאַליעזע אויפפירונג, גלייכצייטיק איז אָבער דערין געלעגן דווקא יענע דערהויבענע מיינונג וועגן אַ דאָקטאָר, וועלכע איך אליין האָב טאַקע געהאַט.

לויטן קאָמערציאַנטס מיינונג דאַרף אַ דאָקטאָר האָבן בושה, — פאַר וואָס? וואָס ער דאַרף עסן און קליידן זיך און וואָס ער פאָדערט געצאָלטס פאַר זיין אַרבעט!

אַ דאָקטאָר מעג אַוועקשענקען זיין אַרבעט דער געזעלשאַפט אינגאַנצן אומזיסט, נאָר ווער זענען עס די שונא־בצעניקעס, די אָפּפּערווייליקע מענטשן, וואָס האָבן דאָס רעכט צו פאַרלאַנגען דאָס דאָזיקע פונם דאָקטאָר?

יאָ, פאַר זיין אַרבעט האָט דער דאָקטאָר רעכט צו באַקומען באַצאָלט, פּונקט ווי יעדער אַנדערער אַרבעטער, ער דאַרף זיך דערמיט נישט שעמען; ער דאַרף נישט צונעמען זיין געצאָלטס מיט בושה, בסוד סודות, ווי עפּעס אַ מין מיאוסן אומגעזעצלעכן כאַבאַר.

דער געזעלשאַפט זענען באַוווסט די הערלעכע געשטאַלטן פון יענע דאָקטוירים, וועלכע נעמען קיין געלט נישט פאַרן היילן, און מען וואָלט געוואָלט, אַז אַלע דאָקטוירים זאָלן זיין אַזעלכע. דער דאָזיקער ווילן איז זייער פאַרשטענדלעך; עס וואָלט אָבער נאָך בעסער געווען, ווען די גאַנצע געזעלשאַפט זאָל באַשטיין פון בלויז אידעאַלע מענטשן.

אַ דורכשניטלעכער דאָקטאָר איז נישט מער ווי אַ דורכשניט־

לעכער מענטש, און מען קען פון אים פאָדערן נאָר דאָס, וואָס מען קען פאָדערן פון יעדן דורכשניטלעכן מענטש. און אויב ער וויל נישט אַרבעטן אומזיסט, וואָס פאַר אַ רעכט האָבן־זשע אים צו שטעלן צום שאַנד־סלופּ אַזעלכע מענטשן, וואָס זייער אייגענע אַרבעט שאַצן זיי אָפּ זייער גוט און פּינקטלעך?

ערשט נישט לאַנג האָט ה׳ עמ גע דערציילט אין דער צייטונג „סין אַטיעטשעסטווא״, ווי איין באַקאַנטער זיינער האָט אים געבעטן, ער זאָל „באַשרייבן״ אין דער צייטונג איינעם אַ דאָקטאָר, וואָס האָט דעם דאָזיקן באַקאַנטן אָנגעקלאָגט אין געריכט פאַר נישט באַצאָלן אים דעם האָנאָראַר פאַרן היילן.

— פאַרוואָס האָט איר אים טאַקע נישט באַצאָלט? — פרעגט אים דער צייטונגס-מיטאַרבעטער.

— אַזוי, גאָרנישט, — איר ווייסט נישט: די ימים־טובים ריקן זיך צו, מען דאַרף דינגען אַ זומער-וווינונג, פאַר די קינדער זומער-מלבושימלעך און נאָך דאָרטן אַנדערע ענלעכע זאַכן...

אָט, דאָס איז זי די אַנדערע זייט פון דער געזעלשאַפטס געהויבענער מיינונג וועגן דאָקטוירים!

אַ דאָקטאָר דאַרף זיין אַ צדיק, אַ שונא-בצע — און מיר, פּשוטע בשר-ודמס, מיר וועלן אויף זיין חשבון זיך דינגען זומער-וווינונגען און האָבן אַ פריילעכן יום-טוב.

איין דאָקטאָר האָט מיר דערציילט אַזאַ פאַל פון זיין פּראַקטיק:

„עס קומט צו מיר צו פאָרן אַ דאַמע און בעט מיך צו באַזוכן איר קראַנקן זון. איך פאָר מיט איר. אַ קליין דירהלע, נאָר זייער פיין איינגעאָרדנט; איר זון, אַ גימנאַזיסט, איז קראַנק אויף טיפוס. איך פרעג בא איר, צי עס האָט אים שוין עמעץ געהיילט פריער פאַר מיר. די מוטער מאַכט אַ מינע פול מיט עקל.

— יאָ — זאָגט זי — דר׳ נ. האָט אים געהיילט... ה׳ דאָקטאָר, זאָגט מיר, איך בעט אייך, פאַרוואָס זענען צווישן דאָק-טוירים פאַרהאַן אַזוי פיל געלטגייציקע, האַרטהערציקע מענטשן? דער דאָזיקער דר׳ נ. איז געווען בא מיר איין מאָל, ער האָט באַ-טראַכט דעם זון; איך רוף אים אַ צווייט מאָל, זאָגט ער צו מיר: — איך קען שוין זיין קרענק, איך קען אייך אַזוי, פון אויסנווייניק פאַרשרייבן אַ רעצעפּט...

איך האָב מסכים געווען, אַז דאָס איז טאַקע זייער נישט אָרנטלעך.

איך האָב באַטראַכט דאָס ייִנגל, פאַרשריבן די רפואות און בין אַוועק. די מוטער באַגלייט מיך, דאַנקט מיר און... גאַרנישט! זי דריקט מיר די האַנט, זי איז מיר זייער דאַנקבאַר, — מער גאַרנישט.

אין אַ דריי טאָג אַרום קומט זי ווידער און רופט מיך ווי-דער צום קראַנקן. זאָג איך איר:

— איך קען שוין זיין קרענק, איך קען אייך אַזוי, פון אויסנווייניק פאַרשרייבן אַ רעצעפּט...

די דאַמע האָט צוגענומען דעם רעצעפּט, זיך אויפגעשטעלט און אַרויסגעגאַנגען אַן אויפגערעגטע, אָן אַ „זיי געזונט".

די דאָזיע ווערט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, יעדן איינעם דער-ציילן מיט היץ און מיט אַלע פּרטים, ווי שטאַרק געלטגייציק עס זענען אונדזערע דאָקטוירים. און עס איז ממש צו באַוווּנדערן, ווי די דאָזיקע מענטשן, וואָס דערציילן אַזעלכע מעשיות, זענען איי-בערצייגט אין זייער אייגענער גערעכטיקייט און מיט וואָס פאַר אַ מיטגעפיל די געזעלשאַפט נעמט אויף די דאָזיקע מעשיות.

אין נר. 248 פון דעם „ריגער וועסטניק" פאַרן יאָר 1892 איז אָפּגעדרוקט געווען פאָלגנדער בריוו אין רעדאַקציע:

דעם 21-טן סעפטעמבער ה. י. האָב איך, צוליב דער קראַנקהייט פון מיין טאָכטער, איינגעלאַדן צו מיר אַהיים דעם דר. גאָרדאָן, אָפּזייענדיק בא דער קראַנקער א מי- נוט צען, איז דער ה׳ גאָרדאָן אַוועקגעפאָרן, צוזאָגנדיק צו קומען דעם צווייטן טאָג נאָכאַמאָל.

אין אַ האַלבער שעה אַרום באַקומט מיין טאָכטער פון אים אַ וויזיט-קאַרטל, ווו עס איז געווען אָנגעשריבן פאָלגנדעס:

„גנעדיקע פרוי! צוליב דעם, וואָס אייער לאַגע איז נישט קיין געפערלעכע, עצה איך אייך, זיך ווייטער אָפּ- צוגעבן צו אַ דאָקטאָר, וואָס וווינט נענטער. איך פאָר נישט צו קיינעם ווייניקער ווי פאַר דריי רובל און אין דערהיים נעם איך אָן נישט ווייניקער ווי פאַר דריי רובל. איך פאַרבלייב מיט אַכטונג ל. גאָרדאָן.״

עס וואָלט נישט געשאַדט, אַז דער ה׳ גאָרדאָן זאָל אין די אַנאָנסן זיינע אין די צייטונגען צוגעבן טאַקע באַלד זיין טאַקסע פאַר די וויזיטן, דאַמאָלס וועט ער זיך על כל פנים נישט אָפּנאַרן אין זיינע חשבונות.

א. איוואַנאָוו.

אין זיין ענטפער שרייבט דר. גאָרדאָן:

דעם דאָקטאָרס מי קען מען גאָרנישט ריכטיק אָפּ- שאַצן מיט קיין פעסטגעשטעלטן האָנאָראַר. אַז דער דאָקטאָר פאַרברענגט אַמאָל אַ שלאָפלאָזע נאַכט באַם בעט פון אַ קראַנקן אָרימאַן, ווערט זי באַצאָלט מיטן באַ- וווּסטזיין פונם דערפילטן מאָראַלישן חוב. ווען אַ דאָק- טאָר היילט אָבער אַ רייכן קראַנקן, איז ער באַרעכ-

טיקט צו פאַרלאַנגען אַ מאַטעריעלע באַפרידיקונג לויט זיין אַרבעט. אַ דאָקטאָר האָט טאַקע אַ סך הייליקע פליכטן לגבי דער געזעלשאַפט, עס כוזן דאָך אָבער זיין עפּעס פליכטן אויך לגבי דעם דאָקטאָר מצד דעם קראַנקן אָדער מצד זיינע נאָנטע...

איך גיי איבער צום פאַקט, וואָס איז געשען אין מיין פּראַקטיק.

דעם 21-טן סעפטעמבער ה. י. האָט מען מיך געבעטן „תיכף צו קומען" צו אַ קראַנקן אויף דער קורמאַנאָווער גאַס אין דער מאָסקווער פאָרשטאָט, איך האָב די ביטע דערפילט ווי צום שנעלסטן.

באַם קראַנקנס בעט בין איך געווען פונקט אַזוי לאַנג, וויפיל עס האָט געפאָדערט דער געגעבענער פאַל. ווען איך בין אַהיימגעקומען, האָב איך געמוזט באַצאָלן דעם דראָזשקאַזש מער ווי אַ העלפט פון מיין האָנאָראַר. מיט דער רעשט פון מיין רובלדיקן האָנאָראַר בין איך טאַקע באמת געבליבן נישט צופרידן. צוליב דעם, וואָס די קראַנקע האָט אַ כראָנישע קרענק און דאָס היילן זי דאַרף געדויערן לאַנג, האָב איך איר פאָרגעשטעלט מיינע באַדינגונגען, וועלכע זי האָט אַ ברירה געהאַט אָנצונעמען, אָדער נישט.

**דער דאָזיקער פאַל איז זייער כאַראַקטעריסטיש.**

נעמט אין אכט, — דער ה' א. איוואַנאָוו, אַ מענטש אַ פאַרמעגלעכער, נויט דעם דאָקטאָר, ער זאָל „תיכף" קומען פון יענעם עק פון אַזאַ גרויסער שטאָט ווי ריגע. פאַר דער צייט, וואָס דער דאָקטאָר האָט פאַרוועגדט דערויף, באַצאָלט ער דרייסיק-פערציק קאָפּעקעס, און נאָך אַלעמען שטעלט ער צום שאַנד-סלופּ פאַר

געלטגייציקייט נישט זיך, נאָר דעם דאָקטאָר! און די ציישונג דרוקט נאָך זיין בריוו, און די לעזערס זענען אויפגעטראַכט אויפן דאָקטאָר...

זייענדיק אפילו אַ געווינטלעכער, מיטלמעסיקער מענטש, טוט יעדער דאָקטאָר פאַרט מער גוטס און ווייזט אַרויס מער ווייכהערציקייט ווי אַלע אַנדערע מיטלמעסיקע מענטשן, פשוט צוליב דער פּראָפעסיע זיינער.

דער איינציקער שפּייזער אין אַ פאַמיליע איז קראַנק, די גאַנצע פאַמיליע הונגערט, — נעמט נישט דער דאָקטאָר קיין געצאָלטס פאַרן היילן.

עס איז קיין ספק נישט, אַז יעדער אָרנטלעכער מענטש וואָלט באַ אַזאַ מין פאַל נישט גענומען קיין געלט. דער חילוק איז אָבער דער, וואָס אַן אַנדערער וואָלט נישט גענומען און אַ דאָקטאָר נעמט טאַקע נישט. דאָס איז גאָר אַ גרויסער חילוק.

פאַר אַ פשוטן, מיטלמעסיקן מענטש איז גוטס טון אַן אויסערגעוויינטלעכע געשעעניש, אַ זעלטנהייט, פאַר יעדן מיטלמעסיקן דאָקטאָר איז דאָס אָבער אַ גאַנץ געווינטלעכע זאַך.

באַ דער מערהייט דאָקטוירים זענען איינגעאָרדנט ספּעציעלע שעהן אומזיסט אויפצונעמען אָרימע קראַנקע, אין אַ סך שטעט זענען פאַראַן אומזיסטע אַמבולאַטאָריעס, און קיינמאָל פעלן נישט אויס קיין דאָקטוירים, וואָס זאָלן מסכים זיין צו אַרבעטן אין די אַמבולאַטאָריעס אומזיסט.

לויט פּראָפ. סיקאָרסקיס אויסרעכענונג איז אין די וויכטיקסטע אַמבולאַטאָרישע פונקטן אין קיעוו (רויטער קרייז, פּאָקראָווער געזעלשאַפט א. אנד.) אין יאָר 1895 געגעבן געוואָרן 138,000 קראַנקע אומזיסטע מעדיצינישע הילף.

אויב מען זאָל יעדער מעדיצינישע הילף אָפּשאַצן אין דער

פרייז נאָר פון 25 קאָפּעקעס, אויב מען זאָל אָננעמען, אַז בּאַ זיך אין דער היים און אויף וויזיטן נעמען אַלע דאָקטוירים בּאַ יעדן איינעם געצאָלטס, וועט אויך אויסקומען, אַז די צוויי־הונדערט קיִע־ווער דאָקטוירים זענען מנדב אויף אָרימעלייט אַן ערך פון פינף און דרייסיק טויזנט רובּל אַ יאָר...

געערטער לעזער, וויפיל גיט איר אַוועק אויף אָרימעלייט במשך אַ יאָר?

ווען מענטשן פון אַלע פּראָפעסיעס, — אַדוואָקאַטן, בּאַאַמטע, פאַבּריקאַנטן, גוטבּאַזיצערס, סוחרים — זאָלן אויפטון אַזוי פיל פאַר אומפאַרמעגלעכע מענטשן, וויפיל עס טוען אויף די דאָקטוירים אויפן געביט פון זייער פּראָפעסיע, וואָלט דאָס פּראָבּלעם פון אָרימקייט נישט געווען אַזוי געוואַלטיק שווער צו לעזן.

דער ענין איז אָבער דער, וואָס דאָקטוירים טאָרן נישט זיין געלטגייציק, און די איבעריקע... די איבעריקע קענען זיך בּאַגנוגענען דערמיט, וואָס זיי וועלן פאָדערן פון די דאָקטוירים, אַז זיי זאָלן נישט זיין געלטגייציק.

מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק איז אין קיִעוו פאָרגעקומען אַזאַ פאַל:

דר׳ פּראָצענקאָ איז איינגעלאַדן געוואָרן אַהיים צו אַ קראַנקן; ער האָט אים בּאַטראַכט, נאָר דערוויסנדיק זיך, אַז דער קראַנקער האָט נישט קיין געלט צו בּאַצאָלן פאַרן וויזיט, איז ער אַוועקגעגאַנגען און נישט פאַרשריבּן קיין רעצעפּט.

דער דאָקטאָר איז צוגעצויגן געוואָרן צו גערעכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און פאַרמשפּט געוואָרן צו בּאַצאָלן שטראָף און אויף אַ חודש אַרעסט. דאָס גרויסע פּובּליקום, וואָס האָט אָנגעפילט דעם געריכטס־זאַל, האָט בּאַגעגנט דעם אורטייל מיט אַפּלאָדיסמענטן און בּראַוואָ־אויסגעשרייען.

דר׳ פּראָצענקאָס אויפפירונג איז געווען נידערטרעכטיק —

חעגן דעם קען גאָר קיין רייד נישט זיין; עס איז אָבער אינטערעסאנט אין דעם פאַל די פסיכאָלאָגיע פונם פובליקום, וואָס האָט באַגייסטערט אַפּלאָדירט נאָך דעם באַשולדיקונגס-אַקט — און דערנאָך זיך גאַנץ רויִק אַהיימגעגאַנגען; פונאַנדערגייענדיק זיך, האָט מען געשמועסט וועגן די דאָקטוירימס האַרטהערציקער ליבע צו געלט, עס איז אָבער קיינעם נישט איינגעפאַלן אפילו צו העלפן כאָטש מיט איין גראָשן דעם אָרימאַן, צוליב וועלכן דר' פּראָצענקאָ איז פאַראורטיילט געוואָרן.

איך שטעל מיר פאָר, ווען דער דאָזיקער אָרימאַן זאָל קענען לאָגיש דענקען, וואָלט ער צוגעגאַנגען צום ערשטן בעסטן פונם פובליקום און געזאָגט:

— איר האָט דאָך געהערט, אַז בשעתן פּראָצעס איז בולט אויפגעוויזן געוואָרן, אַז איך בין אָרים און אַז איך האָב נישט געהאַט צו באַצאָלן דעם דאָקטאָר; איר קענט זיך גאַנץ לייכט אָנשטויסן, אַז נישט נאָר היילן דאַרף איך מיך, איך דאַרף עסן אויך, די קינדער מיינע זענען אויך הונגעריק. זייט אייך מטריח און גיט מיר אַ צוויי-דריי רובל.

— קודם כל, מיין ליבער, קוים *פאָדערסטו*, וועל איך דיר גאָרנישט געבן, — וואָלט דער הער געענטפערט, שטאַרק פאַרוווּנדערט פון דעם אָרימאַנס טאָן. — קוים *בעטסטו* אָבער איז מהיכי תיתי, וועל איך טון אַ מצווה און דיר שענקען אַ צענערל, וועל איך האָבן עולם הבא.

— ניין, איך בעט נישט, נאָר איך פאָדער, און נישט אַבי אַ צענערל, נאָר טאַקע צוויי-דריי רובל. אַ וויזיט פון אַ דאָקטאָר קאָסט כמעט דאָס זעלבע, און איר האָט דאָך געזען, וואָס מען האָט מיט אים געטון דערפאַר, וואָס ער האָט מיר אָפּגעזאָגט צו העלפן, — איר האָט דאָך אַליין אַפּלאָדירט נאָכן אורטייל. קוים

ניט איר מיר נישט קיין דריי רובל, זעץ איך אייך אויף דער באַשולדיקונגס-באַנק.

דער הער וואָלט געוויס אויפגערעגט געוואָרן, וואָלט צו-גערופן אַ פּאָליציאַנט און געהייסן אָפּפירן דעם חוצפּהניק אין צירקל אריין, און דאָס גאַנצע פּיבליקום וואָלט אים געוויס צוגע-געבן רעכט.

אַזוי אַרום וואָלט דער אָרימאַן געווויר געוואָרן, אַז נישט שטענדיק מעג מען דענקען לאָגיש, אַז אַ דאָקטאָר מעג מען אריינ-זעצן אין תפיסה פאַר דעם, וואָס ער איז געלטגייציק, אָבער אַלע מענטשן דינט דאָס רעכט אָן אַ שום מניעה צו זיין באַלעבאַ-טים איבער זייער קעשענע און איבער זייער אַרבעט.

פאַרן אָפּזאָגן צו העלפן אַ מענטש, וואָס שטאַרבט פון הונ-גער, דאַרפן זיי פאַר קיינעם נישט אָפּגעבן קיין דין וחשבון, באַר פאַר זייער אייגענעם געוויסן, אויב דאָס געוויסן זייערס איז געוויס דאַרט, קענען זיי גאַנץ שטאָלץ פאַרייסן דעם קאָפּ און גע-פינט ווערן פון דער גאַנצער געזעלשאַפט.

# XX

יעדער דאָקטאָר איז קודם כל פאַרפליכטעט צו האָבן מענטשנליבע אין זיך און צו יעדער צייט גרייט זיין צו ברענגען אַ ממשותדיקע הילף די קראַנקע מענטשן פון אַלע שטאַנדן. דעריבער איז יעדער דאָקטאָר מחויב צו קומען העלפן אַ קראַנקן תיכף, אַזוי ווי מען רופט אים. ווער עס וועט דאָס נישט טון אָן באַזונדערע געזעצלעכע סיבות דערצו, דער וועט פאַר דער דאַזיקער נאַכלעסיקייט און פאַרן נישט האָבן קיין אַכטונג צו דער ליידנדיקער מענטשהייט, פאַרמשפט ווערן צו באַצאָלן ביז הונדערט רובל שטראָף און אַרעסט פון זיבן טעג ביז דריי חדשים.

אַזוי לויטעט דער 81-טער פונקט פון מעדיצינישן סטאַטוט און די פאַראַגראַפן 872 און 1522 פונעם שטראָף קאָדעקס,

אומזיסט וואָלט מען זיך באמת צו זוכן אין גאַנצן שטראָף־קאָדעקס נאָך אַזעלכע פאַראַגראַפן, ווו מען זאָל אַרויפלייגן אויף מענטשן אַ יורידישן חוב אַ שטייגער „צו האָבן אין זיך מענטשנ־

ליבע״ און ווו עס זאָל באַשטימט ווערן אַ שטראָף „פאַר נישט האָבן אכטונג צו דער ליידנדיקער מענטשהייט״, אַזעלכע פאָדערונגען שטעלט אַרויס דאָס געזעץ נאָר צו דאָקטוירים.

נאָר צי זענען טאָקע נישט פאַרהאַן מער קיין ליידן בא מענטשן אויסער פלוצלינגדיקע קרענק, און צי נייטיקן זיי זיך מער קיינמאָל נישט אין קיין באַלדיקער הילף?

אַ היימלאָזער מענטש קען פאַרפרוירן ווערן אויף דער שוועל פון אַ ליידיקער וווינונג, קען שטאַרבן פאַר הונגער אונטערן פענסטער פון אַ בעקעריי, — און דאָס געזעץ וועט דעם מת גלייכגילטיק אָפּשיקן אין פאָליציי-צירקל און וועט זיך באַגנוגענען דערמיט, וואָס מען וועט פעסטשטעלן די סיבה פון דעם מענטשס טויט; די באַלעבאַטים פונם הויז אָדער פון דער בעקעריי קענען זיין גאַנץ רויק: זיי זענען נישט מחויב צו האָבן אין זיך קיין מענטשנליבע און קיין אַכטונג צו דער ליידנדיקער מענטשהייט.

נאָר אויב אַ דאָקטאָר, וואָס איז אָפּגעמאַטערט פונם גאַנצן טאָג אַרבעט און פון דער פריערדיקער שלאָפלאָזער נאַכט, וועט זיך אָפּזאָגן צו פאָרן צו אַ קראַנקן, דאַמאָלס קומט דאָס געזעץ און פאַקט אַריין אין תפיסה אַריין דעם „אוממענטשלעכן״ דאָקטאָר.

אַ קראַנקן מענטש טאָר מען נישט איבערלאָזן אָן קיין הילף. ווען מען זאָל געבן די דאָקטוירים דאָס רעכט זיך אָפּצוזאָגן פון וויזיטן, וואָלט אין אַ נייטיקער מינוט אוממעגלעך געווען צו באַקומען אַ דאָקטאָר.

מיינס אַ נאָענטער, אַ טייערער מענטש געפינט זיך אין אַ לעבנסגעפאַר. איך פאָר נאָך אַ דאָקטאָר, ער קומט צו מיר אַרויס אין אויפנאַמס-צימער און, איבערקייענדיק דעם ביפשטעקס, זאָגט ער קאַטעגאָריש: „איצט עס איך נאַכטעסן, נאָכן נאַכטעסן דאַרף איך מיך לייגן שלאָפן; עס איז שוין שפעט, זוכט אייך אָן אַנדערן דאָקטאָר״. אויף אַ צווייט אָרט ענטפערט מען מיר, אַז דער דאָק-

טאָר איז נישטאָ אין דערהיים, אויף אַ דריט אָרט — אַז דער דאָק־טאָר שפּילט אין קאָרטן און איז איצט נישט אויפגעלייגט צו פאָרן בשעת איך פאָר אַזוי אַרום איבער דער גאַנצער שטאָט און זוך אַ דאָקטאָר, שטאַרבט דאָרט דערווייל דער קראַנקער. צי זענען דען באמת די דאָקטוירים נישט שולדיק אין זיין טויט און צו פאַרדינען זיי טאַקע נישט צו זיצן אין תפיסה?

נאָר צי זענען דען נישט שולדיק די באַלעבאַטים פון די ליידיקע דירות אין דעם, וואָס עס זענען פאַרהאַן היימלאָזע מענטשן, צי זענען דען נישט שולדיק די בעקערס אין דעם, וואָס מענטשן זענען הונגעריק?

אַזוי פּשוט, אַזוי קורצזיכטיק צו אורטיילן וועגן געזעלשאַפט־לעכע פראַגן קענען זיך נאָר דערלויבן קינדער.

עס איז נישט דערלאָזבאַר, אַז מענטשן זאָלן שטאַרבן פאַר הונגער און אויסגיין פון קעלט אויף די גאַסן, — די געזעלשאַפט אַלס גאַנצעס דאַרף אָבער אָרגאַניזירן די הילפס־אַקציע פאַר זייערט־וועגן, און נישט אַרויפוואַרפן די זאָרג אויף איינצעלנע הויזווירטן אַ שטייגער, נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן פונקט ליידיקע דירות, און אויף די בעקערס, דערפאַר, ווייל זיי האַנדלען צופעליק מיט ברויט.

עס איז טאַקע נישט דערלאָזבאַר, אַז אָרימעלייט זאָלן שטאַרבן אָן מעדיצינישער הילף, עס איז אויך נישט דערלאָזבאַר אַז מענטשן זאָלן באַנאַכט נישט קענען באַקומען קיין דאָקטאָר, — דערפאַר דאַרף אָבער זאָרגן די גאַנצע געזעלשאַפט, איינאָרדנען דיק נאַכט־דיזשורן פון דאָקטוירים פאַר אָרימעלייט.

אין ענגלאַנד, אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד זענען שוין פון לאַנג אָפּגעשאַפט די געזעצן, וועלכע פאַרפליכטן די דאָקטוירים צו היילן אָרימעלייט אומזיסט און צו קומען צו אַ קראַנקן, ווען מען וועט זיי נאָר אַ רוף טון.

בֿאַ אונדז אָבער וויל זיך נישט די געזעלשאַפֿט באַלעסטיקן מיט איבעריקע זאָרגן; איר גאַנצע לאַסט לייגט זי אַרויף אויף די פּלייצעס פֿון די אייצלנע מענטשן און די געזעלשאַפֿט באַשטראָפֿט בלויז די יחידים, וועלכע ווילן נישט טראָגן אויף זיך די דאָזיקע לאַסט. די דאָזיקע אומרעכט וואַרפֿט זיך פּשוט אין די אויגן אַריין. מען באַמערקט זי אָבער נישט און מען וויל זי נישט באַמערקן דערפֿאַר, ווייל די דאָזיקע אומרעכט איז גינסטיק פֿאַר דער געזעלשאַפֿט.

און אָט נעמט די געזעלשאַפֿט און לאַ די וואָס זי וויל אַליין נישט דערפֿילן, אירע פֿליכטן ווערט זי נאָך גרויסמוטיק אויפֿגעבראַכט, ווען יענע יחידים, אויף וועלכעס פּלייצעס זי האָט אַרויפֿגעוואָרפֿן אַלע געזעלשאַפֿטלעכע פֿליכטן, דערפֿילן זיי נישט אַזוי פּינקטלעך, ווי עס באַדאַרף צו זיין.

אין אַזאַ פֿאַל קומט פֿאַר עפּעס אויסטערלישס; מענטשן הערן אויף צו פֿאַרשטיין די פּשוטסטע זאַכן, בֿאַ וועלכע עס קענען גאָר קיין צוויי מיינונגען נישט זיין; אין אַזעלכע פֿאַלן שווימט אויף אַ פֿראַגע, — צי קען טאַקע באמת די מאָראַלישע פֿאַרבלענדטקייט דערגיין אויף אַזוי ווייט?

אָט וואָס עס שרייבט צבשפּ. ה׳ אַ. פּ. אין „גאַוואַיע ווערמיאַ״ נר. 8098:

> צי מעגן ווי טון די ציין באַנאַכט און אים יום-טוב? מסתּם טאָרן זיי נישט. דאָס איז קלאָר לויט דעם, וואָס עס דערציילט די פּערזאָן, וואָס באַקלאָגט זיך פֿאַר מיר. מיר זידלען די דאָקטוירים, ווייל זיי גייען אינגאַנצן נישט, אָדער גייען אומגערן צו אַ קראַנקן באַנאַכט, און די מערהייט דענטיסטן האָבן עפּעס אַ מין באַזונדערע פּריווילעגיע צו רוען אים יום-טוב און זיך נישט צו לאָזן באַ-

אומרויקן באַנאַכט, דאָס איז שוין געוואָרן עפּעס אַן אומ־פאַרשטענדלעכער מנהג אַזעלכער. דער קראַנקער האָט זיך געווענדט צו עטלעכע דענטיסטן און קיין איינער האָט זיך פאַר אים נישט געוואָלט באַווייזן.

די נאָטיץ ברענג איך פּינקטלעך, אין איר איז טאַקע אַזוי געשריבן. „עפּעס אַ מין באַזונדערע פּריווילעגיע“ און „אַן אומפאַר־שטענדלעכער מנהג“.

צי וואָלט זיך אפילו דער זעלבער אַ. פּ. דערוועגט צו ברענ־גען איבערן מויל ווען ווען עס איז אַנדערן אַרבעטער, אַז ער האָט זיך גענומען אַ ספּעציעלע פּריווילעגיע צו רוען אים יום־טוב און אַז ער האָט זיך איינגעפירט אַן אומפאַרשטענדלעכן מנהג צו שלאָפן באַנאַכט?

בנוגע זיך אַליין וואָלט אַ. פּ. זיכער נישט געצווייפלט, צי אים קומט צו רוען אים יום־טוב און שלאָפן באַנאַכט.

איך האָב אין אוניווערסיטעט געהאַט אַ חבר מיטן נאָמען פּעט־ראָוו. ווען ער האָט געענדיקט דאָס שטודיום, איז ער געוואָרן אַ קרייז־דאָקטאָר אין אַ ווייטער מזרח־גובערניע, און איך האָב אַ צייט ווען אים גישט געהערט.

מיט צוויי יאָר צוריק איז אָפּגעדרוקט געווען אין די פּראָ־ווינציאָנעלע און אין די רעזידענץ־צייטונגען אַן עקלהאַפטע מעשה, דער העלד פון וועלכער עס איז געווען טאַקע דער דאָזיקער חבר מיינער.

די צייטונגען האָבן געשריבן: אין דאָרף נ. האָט דער וואָיט זיך אָנגעגעסן מיט פאַרשטינקענע פיש און איז קראַנק געוואָרן. ער האָט געהייסן פאָרן אין דעם שכנותדיקן שטעטל אַריין נאָכן קרייז־דאָקטאָר פּעטראָוו. דער דאָקטאָר האָט אָנשטאָט אַליין צו פאָרן געשיקט דעם פעלדשער. דעם קראַנקן איז ערגער געוואָרן. ער

האָט ווידער געשיקט נאָכן דאָקטאָר, עס איז אָבער ווידער געקו־מען דער פעלדשער, פאַרטאָג איז דער וואַיט געשטאָרבן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָקטאָר פּעטראָוו איז געווען טויט־שיכּור. מען האָט אים תּיכּף אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע. במשך צוויי חדשים איז פּעטראָווס נאָמען נישט אַראָפּ פון די צייטונגס־שפּאַלטן, ער איז „באַרימט" געוואָרן אויף גאַנץ רוסלאַנד.

אין אַ האַלב יאָר אַרום האָב איך געטראָפן פּעטראָוון אין פּעטערבורג. ער איז געקומען זוכן אַ שטעלע און אָפּגעטרעטן באַ מיר.

ער איז געווען אָפּגעבּרענט, אומגעלומפּערט, אָנגעטון אין אַן אָנגעשטייפט אויבערהעמד, צו וועלכן ער איז נישט צוגעוווינט גע־ווען. ער איז געזעסן צראָפּגעהאָנגען דעם צעשויבערטן קאָפּ און אָנגעהויבן דערציילן, ווי אַזוי די זאַך איז געשען.

— אַזוי ווי עס איז באַשריבן געווען אין די צייטונגען, אַזוי איז עס טאַקע פּינקטלעך געווען. באַ אונדז איז דאַמאָלס געווען אַ יריד־טאָג, אין אַמבולאַטאָריע איז געווען אַ געוואַלטיקע צאָל קראַנקע, — איך האָב געמוזט אָננעמען אַ צוויי הונדערט מאַן, — דו ווייסט פאַרשטיין, וואָס דאָס באַדייט. מיט אַ נאַכט פריִער נאָך האָב איך געמוזט פאָרן קיין שטשעגלאָווקע צו אַ געווינערין, איך בין געפאָרן אַהין און צוריק און אָנגעקומען פונקט צום יריד, איך האָב קוים באַוויזן אויסצוטרינקען אַ גלעזל טיי. אויפן יריד זענען זיך צונויפגעקומען עטלעכע גוטע פריינט מיינע. אין אָוונט האָבן מיר זיך געזעצט צו אַ קערטל, דערנאָך האָבן מיר געמאַכט אַ שנאַפּס. מען האָט אויסגעטרונקען לייטיש, אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זיין... עס גייט אַזוי אַ וואָך נאָך אַ וואָך, אַ חודש נאָך אַ חודש, מען ווערט אויסגעמוטשעט, — עס מאַכט זיך אַ מאָל אַ מינוט, אַז דאָס לעבן ווערט דיר פאַרמיאוסט און איך קען מיך שוין. ווען עס קומט אַזאַ צייט, — דאָס טרעפט זיך מיט מיר אַ מאָל פינף־זעקס אין יאָר, —

הייב איך מיך אַ ביסל אַ רודער אויף, שיכור מיך אָן ווי עס געהער צו זיין, אַזוי אַז איך בין אינגאַנצן נישט בצם קלאָרן פאַרשטאַנד, — דערנאָך ווער איך ווידער פריש און מונטער. קום איך מיר אַ היים שיכור, און דאָ רופט מען מיך צו אַ קראַנקן — „ער שטאַרבט אַוועק”. און איך קען בשום אופן נישט פאָרן, — ווען איך זאָל אפילו וועלן, וואָלט מיך דער שפּיטאָל-וועכטער געמוזט אויפלייגן אויפן וואָגן... אַזוי איז דאָס געשען...

ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן.

— דו ווייסט נישט, ברודער, וואָס עס הייסט אַזעלכעס זיין אַ קרייז-דאָקטאָר. מיט יעדן מוז מען לעבן בשלום, פון יעדן איז מען אָפּהענגיק. קראַנקע קומען, ווען זיי גלוסט זיך נאָר, בטאָג און בנאַכט; מען קען זיי נישט אָפּזאָגן. אַ פויער קומט אַמאָל אונטערקאָווען דאָס פערד, טרעט ער אינאיינוועגס אָפּ בא מיר, איך זאָל אַזוי גוט זיין פאָרן מיט אים, דאָס ווייב זיינס שטאַרבט אַוועק. קומסט צו פאָרן: „ווו איז די קראַנקע?”

— „זי איז ערשט אַוועקגעגאַנגען קאָרן שניידן...” מיין קרייז פאַרנעמט אַ וויאָרסט פופציק, אין ביידע עקן זענען פאַראַן צוויי פעלדשערישע פונקטן און איך בין פאַרפליכטעט צו באַזוכן ביידע פונקטן מינדסטנס צוויי מאָל אין חודש. דו שלאָפסט און עסט דער טייוול ווייסט ווי אַזוי. און דאָס איז יעדן טאָג, אָן ימים-טובים, אָן הפסקות. אינדערהיים ליגט מיין יינגל אויף שקאַרלאַטינע און איך מוז פאָרן... זייער אַ שווערע דינסט!

ער האָט זיך פאַרטראַכט און געהאַלטן די הענט אויף די קני.

— זייער אַ שווערע דינסט! — האָט ער איבערגעחזרט און ווידער שטיל געבליבן — אין די צייטונגען שרייבט מען: „דער דאָקטאָר פּעטראָוו איז געווען שיכור”. אמת, איך בין געווען שיכור, און דאָס איז זייער נישט שיין. יעדער איינער האָט רעכט צו ווערן

אויפגעבראַכט אויף מיר. אָבער זיי אַליין, — ניין און נײַנציק פּראָ־צענט פון זיי שיכורן זיך דאָך אַליין גאַנץ גערן אָן און האַלטן עס גאָרנישט פאַר קיין עוולה. זיי קענען נאָר נישט פאַרשטיין, אַז עס זענען פאַרהאַן אַזעלכע מענטשן, וואָס קיין איינציקע מינוט אין זייער לעבן איז נישט זייערע... און דאָס, ברודער, איז אַזוי שלעכט, אַז גאָט זאָל אָפּהיטן!

איך וועל באַקענען די לעזערס מיט נאָך איין צייטונגס־נאָטיץ:

„פּעטערבורג קען לעצטנס אָנגערופן ווערן בוכשטעב־לעך אַ „הילפלאָזע" שטאָט, — האָט אין חודש יולי 1898 געשריבן דער כראָניקער פון דער „פּעטערבורסקאַיאַ גאַ־זעטאַ" ה׳ וו. פּ. — במשך דער לעצטער וואָך איז מיר דריי מאָל אויסגעקומען זיך איבערצוצייגן אין דעם, אַז זו־מער־צייט האָבן נישט די פּעטערבורגער איינוווינער קיין מעגלעכקייט צו באַקומען מעדיצינישע הילף. זומער־צייט טאָר זיך קיין פּעטערבורגער איינוווינער נישט דערוועגן קראַנק צו ווערן, ווען נישט, וועט מיט אים זיין גאַנץ שלעכט: ער וועט געוויס נישט געפינען קיין איין דאָק־טאָר..."

דערציילנדיק, ווי ער און זיינע באַקאַנטע האָבן אומזיסט געזוכט אַ דאָקטאָר אין גאַנץ פּעטערבורג, פאַרענדיקט ה׳ וו. פּ. די נאָטיץ זיינע מיט פאָלגנדע זייער אינטערעסאַנטע פּרינציפּיעלע פראַגן:

„צי האָבן דאָקטוירים די רעכט אַזוי צו פאַרנאַכלע־סיקן זייערע פליכטן בנוגע זייערע פּאַציענטן, ווי זיי טוען

עס איצט? צי זענען טאַקע דאָקטוירים אַבסאָלוט פרייע מענטשן, וואָס קענען טון מיט זייער צייט, וואָס זיי ווילן? מיט איין וואָרט, צי דינען זיי דער געזעלשאַפט, צי ניין?

באמת, זייער אינטערעסאַנטע פראַגן... צי דינען דאָקטוירים דער געזעלשאַפט, צי ניין? אונטער יעדער מין דינסט פאַרשטייט מען דאָך די פליכטן, וואָס איינער איז מחויב צו האָבן בנוגע דעם אַנדערן.

דאָקטוירים פאָרן זומער־צייט אַרויס פון פעטערבורג, טייל פאָרן זיך אָפּרוען פון דער ווינטערדיקער אַרבעט, טייל פאָרן אַוועק, ווייל אים זומער איז שווער צו פאַרדינען אין פוסט געוואָרענעם פעטערבורג.

ניין, זיי מוזן אָבער איבערבלייבן אין שטאָט, טאָמער וועט זיי דאַרפן צו האָבן וו. פּ. אָדער ווער פון זיינע באַקאַנטע, וועלכע ווילן זיך נישט היילן אין די שפּיטאָלן, אָדער בא די שטאָטישע דאָקטוירים, וועלכע בלייבן אים זומער אין שטאָט.

וואָס וועט אָבער זיין, קוים זענען חלילה געזונט דער ה' וו. פ מיט זיינע באַקאַנטע, צי וועלן זיי לכל הפחות זאָרגן דער־פאַר, אַז די איבערגעבליבענע דאָקטוירים זאָלן קענען דורכלעבן דעם זומער?

פאַרשטייט זיך, אַז נישט! זאָלן זיי זיך לעבן, ווי זיי ווילן, אָבער צו דער דינסט פון ה' וו. פ. זאָלן זיי שטענדיק גרייט זיין.

די נאָטיץ פון דעם כראָניקער אין דער „פעטערבורגער צטג." איז וויכטיק צוליב דער נאַיווער גראָבקייט און פשטות, מיט וועלכער עס ווערט אין איר אַרויסגעזאָגט דער בליק אויף דער געזעלשאַפט און אומבאַדינגטער נויטווענדיקייט דערפון, אַז דאָקטוירים מוזן זיין פאַרשקלאַפט.

„צי זענען דאָקטוירים אַבסאָלוט פרייע מענטשן, וואָס קענען טוען מיט זייער צייט, וואָס זיי ווילן?" — דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן יענע דאָקטוירים, וועלכע דינען אַלס באַאַמטע און באַקומענדיק די באַקוועמלעכקייטן און די לעבנס-פאַרזיכערונג פונם אַמט, זאָגן זיי זיך גלייכצייטיק אָפּ פון דער אַבסאָלוטער פרייהייט; דאָ האַנדלט זיך וועגן אַלע דאָקטוירים בכלל, בנוגע וועלכע קיין שום מענטש פילט זיך מיט גאָרנישט פאַרפליכטעט.

מיט אַ גרויזאַמער, פינקטלעכער און אומבארחמונותדיקער אויפמערקזאַמקייט קוקן זיי נאָך דעם דאָקטאָר אויף יעדן שריט: „דין דער געזעלשאַפט", זיי אַ העלד, אַ מאַרטירער, וואַג נישט צו האָבן קיין „אומפאַרשטענדלעכן מנהג" צו רוען; ווען דו וועסט אָבער אָפּגענוצט ווערן, אָדער אויסגיין באַ דער אַרבעט, וועסטו אונדז לחלוטין נישט אָנגיין.

ערשט נישט לאַנג איז געשטאָרבן אונזערס אַ חבר, דר' סטראַטאַנאָוו. מיט אַ וואָך פריִער האָט ער געמאַכט אַ טראַכעאָטאָמיע באַ איינעם אויף אַ פריוואַטן וויזיט און אויסזאָגנדיק פון דעם שניט די דיפטעריט-הייטעלעך, זיך אָנגעשטעקט מיט דיפטעריט; ער איז געשטאָרבן יונג, געזונט און פריש, און זיין טויט איז געווען פאַר אונדז שרעקלעך צוליב זיין שנעלקייט און אומגעריכטקייט.

אין קלויסטער איז געשטאַנען די טרומנע, באַהאָנגען מיט אומניצלעכע בלומען. עס האָט געשמעקט מיט ווייערויך, אונטערן געוועלבטן סופיט זענען אויסגעגאַנגען די תפילות פונם גלח, דורך די פענסטער האָט זיך דערטראָגן דער גערויש פון דער שטאָט. מיר זענען געשטאַנען אַרום דער טרומנע —

אין שווייגנדיק געקוקט אין פנים פונם מת,
פון מאָרגנדיקן טאָג שוין טראַכטנדיק פאַר זיך...

עס זענען געבליבן אַן אַלמנה מיט יתומים; קיינעם גייט נישט אָן נישט ער, נישט זיי. אונטער די פענסטער רוישט די שטאָט גלייכגילטיק און באַשעפטיקט, און עס דאַכט זיך, אַז ווען מען זאָל אַפילו אַלע גאַסן אויספלאַסטערן מיט טויטע, — וואָלט די שטאָט אַלץ געווען פאַרטון מיט איר באַשעפטיקט, פאַרזאָרגט לעבן, און זי וואָלט נישט געקענט אונטערשיידן צווישן די טויטע קערפּערס אויף די גאַסן און די שטיינער פון ברוק.

צי דינען דאָקטוירים דער געזעלשאַפט, צי ניין?"

לויט דר' גרעבענשטשיקאָווס סטאַטיסטיק שטאַרבן 73 פּראָצענט רוסישע דאָקטוירים פון די אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן, פון די קרייזדאָקטוירם אָבער שטאַרבן פון אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן קנאַפּע זעכציק פּראָצענט.

אין יאָר 1892 איז אַ העלפט פון די קרייז־דאָקטוירים, וואָס זענען געשטאָרבן דאָס יאָר, אומגעקומען פון פלעקן־טיפוס. אין וואָס פאַר אַ שרעקלעכע באַדינגונגען עס גייט אַדורך דאָס לעבן פון אַ דאָקטאָר, דאָס האָט מען געקענט זען פון די פריערדיקע קאַפּיטלען פון די דאָזיקע נאָטיצן.

פּראָפעסאָר סיקאָרסקי האָט אויפן סמך פון אָפיציעלע פאַקטן אויסגעפאָרשט די פראַגע וועגן זעלבסטמאָרד בײַ די רוסישע דאָקטוירים, ער האָט אויסגעפונען, אַז אין דער עלטער צווישן 25 און 35 יאָר זענען זעלבסטמאָרדן גאָר אַן אָפטע דערשיינונג, צווישן יעדערע צען געשטאָרבענע דאָקטוירים איז שטענדיק איינער אַ זעלבסטמערדער. די דאָזיקע ציפער איז אַזוי שרעקלעך גרויס, אַז מען קען זיך גאָרנישט צוגלייבן.

אָט קומט אָבער אַ צווייטער סטאַטיסטיקער דר' גרעבענשטשיקאָוו, און אויפן סמך פון אַנדערע מאטעריאַלן, אינגאַנצן אומאָפּהענגיק פון פּראָפ. סיקאָרסקי קומט ער צו אַזעלכע אויספירן, וועלכע זענען כמעט די זעלבע וואָס די אויספירן פון פּראָפ. סי-

קאַרסקי. לויט גרעבענשטשיקאָווס מאַטעריאַל האָבן פון יאָר 1889 ביז 1892 פאַרענדיקט זייער לעבן דורך זעלבסטמאָרד 3,4 פּראָצ. פון די דאָקטוירים, וואָס זענען בכלל געשטאָרבן במשך דער צייט, און פון די קרייז-דאָקטוירים זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד מער ווי צען פּראָצענט.

פּראָפ. סיקאָרסקי האָט זיך ווייטער פאַרנומען מיטן פאַרגלייכן זיין סטאַטיסטיש מאַטעריאַל מיט דעם זעלבן מאַטעריאַל אין דער באַציונג צו אַנדערע פּראָפעסיעס אין רוסלאַנד און אין מערב-אייראָפּע. און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז „די רוסישע דאָקטוירים האָבן די טרויעריקע פּריוויל עגיע צו פאַרנעמען דעם ערשטן פּלאַץ אין דער הינזיכט פון זעלבסטמאָרדן".

דערביי איז מערקווערדיק פאָלגנדיקע אָנגעלעגנהייט: אַ דאָקטאָר, וועלכער באַשליסט צו באַגיין זעלבסטמאָרד, וואָלט דאָך געקענט לייכטער פאַר יעדן איינעם זיך אויסקלויבן דעם גרינגסטן טויט; אין דער פּראַקטיק ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז זייער אָפט נעמען זיי זיך דווקא דאָס לעבן מיט די שווערסטע און פּיינלעכסטע מיטלען; זיי סמען זיך מיט סטריכנין, מיט שוועבל-זויער, מיט קאַרבאָל, זיי שטעכן זיך דורך דאָס האַרץ מיט אַ טראָאָקאַר א. ד. גל.

„עס איז באַשיינפערלעך, — באַמערקט דערביי פּראָפ. סיקאָרסקי, — אַז דער זעלבסטדערהאַלטונגס-אינסטינקט ווערט באַ אונדזערע אומגליקלעכע קאָלעגן שטאַרק אָפּגעשוואַכט און עס איז פאַר זיי אַלץ איינס, מיט וואָס פאַר אַ מיטלען פּטור צו ווערן פונם לעבן, אַבי זיי זאָלן נאָר דערגרייכן דעם אָנגעמערקטן ציל".

יאָ, דאָקטוירים „דינען דער געזעלשאַפט" און די דאָזיקע דינסט איז נישט פון די לייכסטע. און אָט וואָס פאַר אַ גורל עס

דערוואַרט די דאָקטוירים, וועלכע „האָבן אויסגעדינט בײַ דער געזעלשאַפט".

בײַ אונדז איז פאַרהאַן אַ זעלבסטהילף-קאַסע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן דורכן פּראָפ. א. טשיסטאָוויטש.

איך האָב איצט פאַר מיר די געדרוקטע פּראָטאָקאָלן פון די קאָמיטעט-זיצונגען פון דער קאַסע פאַרן יאָר 1896. אָט האָבן מיר צוויי אויסצוגן פון די פּראָטאָקאָלן:

עס איז איבערגעלייענט געוואָרן אַ ביטע פונם קאַסע-מיטגליד מ. א. וויסאָצקי, אַז מען זאָל אים באַשטימען אַ פּענסיע, צוליב דעם וואָס ער האָט נישט קיין מיטלען צום לעבן און ווײַל ער קען זיך נישט פאַרנעמען מיט דער פּראַקטיק צוליב זײַן קראַנקהייט. ה' וויסאָצקי איז געווען שטאָטישער דאָקטאָר אין אַשין, אַלט 59 יאָר, אָן שום פאַרמעגן, קיין רעגירונגס-געהאַלט באַקומט ער נישט, האָט נישט קיין קרובים, וואָס זאָלן אים קענען נעמען צו זיך, קען זיך נישט אויפהאַלטן פון זײַן אייגענער אַרבעט און דאַרף האָבן, עס זאָל אויף אים ווער זאָרג-טונג געבן, ווײַל ער לײַדט אויף אַ שטאַרק אַנטוויקלטן האַרץ-פעלער און די מוסקולן פון דער לינקער זײַט קערפּער זענען בײַ אים פּאַראַליזירט, — עס איז אים באַשטימט געוואָרן אַ פּענסיע פון 300 רובל.

עס איז איבערגעלייענט געוואָרן אַ ביטע פון דער דאָקטאָרין פרוי ליבטוואַראָוואַ וועגן דעם, אַז מען זאָל איר אַרויסגעבן שטיצע אין דער סומע פון 200 רובל צוליב איר שווערער מאַטעריעלער לאַגע; זי לײַדט אויף אַ כראָנישער מאַלאַריע און אַ שטאַרקער אַנעמיע, וועלכע האָט זיך בײַ איר אַנטוויקלט נאָכן פלעקן-טיפוס, מיט

וועלכן זי האָט זיך אָנגעשטעקט אַרבעטנדיק אויף דער פּראָווינץ אַלס קרייז־דאָקטאָר. פּראָפּ. מאַנאַסעין און דר' זשבאַנקאָוו האָבן באַשטעטיקט, אַז די פרוי ליבטוואַראָוואַ געפינט זיך אין אַ קריטישער לאַגע און אַז זי נייטיקט זיך אין מיטלען צום היילן און דערנערן זיך. — עס איז איר באַשטימט געוואָרן 200 רובל.

די דאָזיקע קאַסע איז אַ זעלבסטהילף־קאַסע און אירע מיט־לען באַשטייען פונם יערלעכן מיטגלידס־אָפּצאָל און נאָר מיטגלי־דער האָבן דאָס רעכט צו באַקומען שטיצע.

די געזעלשאַפט, וועלכער די דאָקטוירים דינען, האָט קיין שייכות נישט צו דער דאָזיקער קאַסע און זי וויל גאָר קיין שייכות נישט האָבן. איר, דאָקטוירים, שטעקט אייך אָן מיט קרענק, ווערט קאַליקעס, אַרבעטנדיק פאַר אונדזערטוועגן, קוים וועט איר אָבער פאַלן און אונדז מער נישט קענען נוצן, העלפט־זשע אייך אַליין.

די גרויס פון די באַשטימטע סומעס, ווי עס איז צו זען פון די אויבנגעבראַכטע אויסצוגן, ווייזט שוין גענוג בולט, וואָס פאַר אַ הילף די דאָזיקע קאַסע קען געבן אירע מיטגלידער.

## XXI

אין דער דאָקטאָרישער דיסערטאַציע פון ה. ק. אַנרעפּ גע־פינט זיך צווישן אַנדערן אויך אַזאַ טענה: „פּאָליציאַנטן, סטרו־זשעס און לאָקאַיען האָבן אין פּעטערבורג בעסערע געהאַלטן ווי די דאָקטוירים. וואָס זענען אויף דינסט בײַ דער שטאָט".

דאָס איז פולשטענדיק אמת. די דאָקטוירים פון אַ סך שטאָ־טישע שפיטאָלן באַקומען בײַ אונדז פון 45 ביז 50 רובל אַ חודש. אין די פּעטערבורגער שפּיטאָלן האָט מען ערשט נישט לאַנג פאַר־גרעסערט דעם געהאַלט פון די דאָקטוירים אויף 75 רובל אַ חודש, די שטאָטישע דאָקטוירים, וועלכע האָבן אָן אַ שיעור פאַרשידענע פליכטן, באַקומען אַ געהאַלט פון 200 רובל אַ י אָ ר.

לויט גרעבענשטשיקאָווס סטאַטיסטיק האָט די לעצטע אנקע־טע אַרויסגעוויזן, אַז 16 פּראָצ. שפיטאָל־דאָקטוירים באַקומען ווײַ־ניקער פון 600 רובל אַ יאָר געהאַלט, און 62 פּראָצ. באַקומען ווײַ־ניקער פון 1,200 רובל אַ יאָר.

עס איז פאַרשפּרייט אַ מיינונג, אַז די קליינע פּענסיע, וואָס די שפּיטאָל־דאָקטוירים באַקומען, איז אַ גאָרנישט אין זייער בודזשעט, ווײַל זיי פאַרדינען אַ סך פון פּריוואַטער פּראַקטיק. אַ דאָק־טאָר, וואָס פאַרנעמט זיך מיט פּריוואַטער פּראַקטיק מוז אָבער האָבן

פרייע צייט דערויף. דאָס פאַרנעמען זיך גלייכצייטיק אין אַ שפּי־טאָל און מיט פּריוואַטער פּראַקטיק שטערט זייער שטאַרק דעם דאָק־טאָר צו דערפילן זיינע דינסטלעכע פליכטן אין שפּיטאָל. קוים אָבער „פאַרנאַכלעסיקט" דער דאָקטאָר זיינע דינסטלעכע פליכטן מאַכט מען סקאַנדאַלן, און מען פאַרגעסט דערביי, אַז צאָלנדיק אים אַזאַ נישטיקן געהאַלט, שטויסט מען אים דערמיט אַליין צום פאַרנעמען זיך מיט פּריוואַטער פּראַקטיק.

אַ חוץ אַלעם, נישט קוקנדיק אויף דער גאַנגבאַרער מיינונג וועגן דער גרויס פון די דאָקטוירימס פאַרדינסטן פון דער פּרי־וואַטער פּראַקטיק, איז דאָס דאָזיקע פאַרדינסט דווקא זייער קליין. לויט גרעבענשטשיקאָווס אויסרעכנונגען פאַרדינען 77 פּראָצענט דאָקטוירים (אַריינרעכנענדיק די דאָקטוירים, וועלכע פאַרנעמען זיך אויסשליסלעך מיט פּריוואַטער פּראַקטיק) נישט מער ווי טויזנט רובל אַ יאָר. ווייניק אינטעליגענטע פּראָפעסיעס ווערן אַזוי שלעכט באַצאָלט.

דער מאַרק פון דער מעדיצינישער פּראָפעסיע איז שוין פון לאַנג איבערגעפּולט, דער אָנבאָט איז שוין פון לאַנג גרעסער ווי די נאָכפראַגע. דאָס ברענגט צו אַ געוואַלטיקער קאָנקורענץ צווישן די דאָקטוירים, בשעת וועלכער אייניקע שעמען זיך אפילו נישט אָנצווענדן די מיאוסטע מיטלען, כדי אָפּצושלאָגן אַ פּאַציענט.

ווען מען רופט זיי צו אַ קראַנקן, נעמען זיי זיך קודם־כל קריטיקירן אַלץ, וואָס דער פריערדיקער דאָקטאָר האָט געטון און זאָגן געוויינטלעך, אַז „אַזוי איז גאָר לייכט צו מאַכן דעם קראַנקן דעם טויט"; די לעצטע זייטן פון אַלע צייטונגען שווימלען און גרימלען מיט רעקלאַמעס פון אַזעלכע מינים דאָקטוירים, זייערע נעמען זענען באַוווּסט יעדן איינעם נישט ווייניקער ווי דער אי־בעראַל־באַקאַנטער היינריך בלאָק. (אַ באַרימטער „כישוף־מאַכער" פון יענער צייט — דער איבערז.)

די מער ביטרערע דאָקטוירים מאַכן ספּעציעלע אינטעררוּיוּען מיט די צייטונגס-כראָניקער'ס און גיבן אַזוי אַרום : ו וויסן דעם פּובּליקום וועגן זייערע גלענצנדע אָפּעראַציעס, אויסהיילונגען א. ד. גל.

פון דער צווייטער זייט זענען פאַרהאַן דאָקטוירים, וועלכע זען ווי שווער און שלעכט-באַצאָלט עס איז די מעדיצינישע פּראַ־פּעסיע, ווערן זיי באַאַמטע, אָדער נעמען זיך צו אַן אַנדערע אַר־בעט; די צאָל פון אַזעלכע דאָקטוירים וואַקסט פון טאָג צו טאָג.

פאַר די לעצטע פּאָר יאָר זענען פאַרנאָטירט געוואָרן עט־לעכע זעלבּסטמאָרדן צווישן דאָקטוירים, די סיבה פון וועלכע עס איז געווען דער הונגער; עס זענען באַוווּסט ביישפּילן, ווען דאָק־טוירים פאַרנעמען פעלדשערישע פּאָסטנס מיט אַ פעלדשערישן געהאַלט.

טייל אינטעליגענטע מענטשן זאָגן אפילו אַרויס אַ מיינונג, אַז די סיבה פון די דאָקטוירימס שלעכטער מאַטעריעלער לאַגע איז דאָס, וואָס זיי ציִען זיך אַלע אין די שטעט אַריין. די דאָזי־קע מענטשן זאָגן אַזוי; מיר פאַרמאָגן אַן ערך פון צוואַנציק טויזנט דאָקטוירים, בשעת די באַפעלקערונג אין רוסלאַנד באַטרעפט 128 מיליאָן מענטשן (אין סוף פון 19-טן יאָרהונדערט — דער איבערז.) ווי קען דאָ גאָר זיין אַ רייד וועגן איבערפּראָדוקציע? די דאָק־טוירים ווילן נישט זיין אויף דער פּראָווינץ. זיי ווילן דווקא ווױ־נען אין די קולטור-צענטרן; עס איז דעריבער גאַנץ פאַרשטענד־לעך, וואָס אין די דאָזיקע צענטרן איז פאַרהאַן אַן איבערפלוס פון דאָקטוירים, דער דאָזיקער איבערפלוס איז אָבער אַ קינסטלעכער: די דאָקטוירים אין די שטעט הונגערן און אין דאָרף שטאַרבן מענטשן אָן מעדיצינישער הילף, פאַרקערט, זאָגן זיי, באַ אונדז

איז פאַרהאַן ווייניק דאָקטוירים, מען דאַרף זיך גאָר באַמיִען, אַז זייער צאָל זאָל פאַרגעסערט ווערן.

באמת, דאָס דאַרף ליידט שרעקלעך דערפון, וואָס עס האָט נישט קיין מעדיצינישע הילף. צי ליגט אָבער די סיבה דערפון אין דעם, וואָס מיר פאַרמאָגן ווייניק דאָקטוירים?

אַ העלפט פון דער רוסישער באַפעלקערונג גייט אָנגעטון אין פאַסטעלעס, צי איז דאָס דעריבער, ווייל עס זענען פאַרהאַן באַ אונדז ווייניק שוסטערס? ווען מיר זאָלן אָן אַ שיעור פאַרגרעסערן די צאָל שוסטערס, וואָלט דער רעזולטאַט דערפון געווען אַזעל־כער: די שוסטערס וואָלטן אַליין געמוזט אָנטון פאַסטעלעס, און די, וועלכע זענען ביז איצט געגאַנגען אין פאַסטעלעס, וואָלטן ווייטער געגאַנגען.

דאָקטוירים פאַרמאָגן גאָרנישט אַזאַ מאָדנע אייגנשאַפט, צו וועלן גלייכער הונגערן אין די שטעט איידער צו עסן ברויט אויף דער פּראָווינץ. אַז עס מאַכט זיך אַ מאָל אַ פרייער פּאָסטן פון אַ קרייז־דאָקטאָר אין דער פאַרוואַרפנסטער געגנט מיטן באַשיידנסטן געהאַלט, מעלדן זיך אָן אַ שיעור קאַנדידאַטן אויף אַזאַ פּאָסטן: צבֿשפּ. אין יאָר 1883, לויט אַ נאָטיץ אין זשורנאַל „דער דאָקטאָר" האָבן זיך אויפן פּאָסטן פון אַ קרייז־דאָקטאָר אין קניאַגינינער פּאָ־וויאַט געמעלדעט 76 קאַנדידאַטן, אויף אַ צווייטן פּאָסטן אין קאָ־שינער פּאָוויאַט האָבן זיך געמעלדעט 92 קאַנדידאַטן.

דאָ האַנדלט זיך נישט אין דעם, וואָס די דאָקטוירים ווילן נישט אָנקומען אויף דער פּראָווינץ, נאָר אין דעם, וואָס די פּראָ־ווינץ איז געוואַלטיק אָרים און זי קען נישט באַצאָלן דעם דאָק־טאָר פאַר זיין אַרבעט.

אין די אַכציקער יאָרן האָט מען געקענט זען אַ סך ביישפּילן פון דעם, ווי אַזוי דאָקטוירים האָבן געפּרוּווט פּראַקטיצירן אויפן דאָרף; יעדער געדענקט נאָך געוויס די דאָקטוירים סימשוגאַוו,

טאיראָוו א. אַנד. די דאָזיקע פרוון האָבן נאָר באַוויזן דאָס, אַז מענטשן, וועלכע זענען באַגייסטערט פון אַ אידעע, קענען אפילו אין דאָרף דורכקומען מיטן לעבן ווי עס איז אָן אַ שום זייטיקער הילף.

די פראַגע איז דאָ אָבער אַ גאַנץ אַנדערע: עס פרעגט זיך, צי קען אַ פשוטער דאָקטאָר, נישט קיין העלד, אָן איינפאַכער אַרבעטער, לעבן אין דאָרף פון פריוואַטער פראַקטיק?

ווער עס קען אַ ביסל דאָס רוסישע דאָרף, דער וועט נישט וועלן קיינעם איינרעדן, אַז יאָ; די אָרעמקייט און די קולטורלאָזיקייט זענען דאָרט אַזוי גרויס, אַז עס איז לחלוטין נישט פאַראַן קיין שום מעגלעכקייט פאַר אַ דאָקטאָר דאָרט צו פּראַקטיצירן.

די מאַטעריעלע לאַגע פונם דאָקטאָר ווערט וואָס אַ מאָל ערגער. דערביי אָבער באַווייזט זיך אַ נייער קאָנקורענט, אַ געוווּנטשטער, אָבער דאָך אַ גרויזאַמער קאָנקורענט — דאָס איז די פרוי.

זי באַווייזט זיך נאָר אַלס דעם מאַנספּערשוינס קאָנקורענט, באַגנוגנט זי זיך מיט אַ קלענערן געהאַלט, און דערמיט אַליין פאַרקלענערט זי דעם מאַנספּערשוינס געהאַלט.

דר׳ גרעבענשטשיקאָווס סטאַטיסטישע מאַטעריאַל באַווייזט בולט, אַז דער געהאַלט פון די מאַנספּערשוינען, וועלכע דינען אַלס דאָקטוירים-באַאַמטע, באַטרעפט דורכשניטלעך 1161 רובל אַ יאָר, דער געהאַלט אָבער פון די פרויען-דאָקטוירים באַטרעפט דורכשניטלעך 833 רובל אַ יאָר. דער וווּקס פון דער צאָל פרויען-דאָקטוירים וועט אָן ספק זיין די סיבה דערפון, וואָס די מעדיציניש ארבעט וועט וואָס אַמאָל ערגער באַצאָלט ווערן.

אַזוי זעט אויס די לאַגע פון די דאָקטוירים נישט בלויז בּאַ אונדז. אין מערב-אייראָפּע איז די לאַגע נאָך ערגער. אומעטום איז

פאַרהאַן אַ ריזיקע אַרמיי דאָקטוירים אָן פאַרדינסטן, אָן אַרבעט, וועלכע איז גרייט צו אַרבעטן אויף די ערגסטע באַדינגונגען.

מיט אַ יאָר אַכט צוריק האָט די בודאַפּעשטער קראַנקן-קאַסע מודיע געווען, אַז זי וועט נאָר צאָלן צו 40 גרייצער (25 קאָפּ.) פאַר אַ וויזיט בײַ אַ מיטגליד פון דער קראַנקן-קאַסע, נישט קוקנ-דיק דערויף זענען זיך אָן אַ שיעור דאָקטוירים איינגעגאַנגען אויף די דאָזיקע באַדינגונגען.

מער ווי אַ העלפט בערלינער דאָקטוירים פאַרדינען אַ חודש נישט מער ווי 75 רובל. די ווינער דאָקטוירים נעמען פאַר אַ וויזיט אפילו 20 גרייצער (12 קאָפּ.)

אַנרי בעראַנזשע שרייבט אין זיין אַרטיקל „די פּראָלעטאַרי-שע אינטעליגענץ אין פראַנקרייך" פאָלגנדעס:

„אַ העלפט פון די פאַריזער דאָקטוירים געפינט זיך אין אַזאַ לאַגע, וועלכע שטייט אויף איין שטאַפּל מיט אָרימקייט; די גרעס-טע טייל פון דער דאָזיקער העלפט זענען פשוטע בעטלערס אין פולשטענדיקן זין פונם דאָזיקן וואָרט, ווייל אַ טייל פון די דאָזיקע פאַרשטייער פון דער מעדיצינישער פּראָפעסיע נעכטיקן אין די אורחים-הייזער. פון די פּראָווינצער צען טויזנט דאָקטוירים פאַר-דינען לייטיש קוים פינף טויזנט מאַן".

אויך אין מערב-אייראָפּע געפינט אַ גרויסע צאָל דאָקטוירים קיין אַרבעט נישט, פאַרשטייט זיך, אויך נישט דעריבער, ווייל עס איז דאָרט כלומרשט פאַרהאַן אַן איבערפלוס פון דאָקטוירים; ניין דאָרט איז אויך פּונקט ווי בײַ אונדז דאָס געניסן פון מעדיציני-שער הילף אַ לוקסוס-זאַך פאַר די ברייטע פאָלקס-מאַסן. דאָס איז נאָר איינע פון יענ.ע סתירות, וועלכע האָבן זיך טיף איינגעוואָרצלט אין די יסודות פון אונדזער לעבן גופא.

טויזנטער פודן ברויט און פלייש ליגן און פוילן, און גלייכ-צייטיק שטאַרבן טויזנטער מענטשן פון הונגער און געפינען קיין

אַרבעט נישט; טייכן בלוט ווערן פאַרגאָסן, כדי אין די ווייטסטע וועלט-טיילן צו געווינען מאַרק-פלעצער אָפּצושלייזן דאָס פאַבריצירטע געוואַנט און דעם סאַמעט, בשעת די מענטשן, וועלכע אַרבעטן אויס דאָס געוואַנט מיטן סאַמעט גייען אַנגעטון אין שמאַטעס.

## XXII

ערשט נישט לאַנג האָט מען מיך אויפגעוועקט פאַרטאָג, איך זאָל גיין צו אַ קראַנקן ערגעץ אין איינער פון די פעטער־בורגער פאָרשטעט. באַנאַכט האָב איך לאַנג נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן, איך האָב מיך עפּעס מאָדנע געפילט: אין מוח איז מיר געווען שווער, אין האַרץ האָט עפּעס אַזוי נערוועז געציטערט, און פונקט ווי אַלע נערוון מיינע וואָלטן אָנגעצויגן געווען ווי די סטרונעס; ווען איך פלעג דערהערן אַ פייף פון אַ ווייטן צוג, אָדער אַ שאָרך פון די טאַפּעטן, בין איך פאַרציטערט געבליבן און דאָס האַרץ איז ווי אָפּגעריסן געוואָרן און אָנגעהויבן שנעלער צו קלאַפּן.

איך האָב איינגענומען אַ פּראָשעק בראָם און באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן.

אין אַ שעה אַרום האָט מען מיך אויפגעוועקט.

עס האָט קוים געגרויט. איך בין געפאָרן אויף אַ דראָזשקע דורך די טונקעלע, ליידיקע גאַסן; אינם פאַרטאָגעדיקן נעפּל האָט געציטערט דאָס פייפן פון די ווייטע פאַבריקן, עס איז געווען נאַס און קאַלט; זעלטן האָט זיך געוויזן אַ פאַרשלאָפן פייערל אין אַ פענס־טער. אויף דער נשמה איז געווען טרויעריק, וויסט און פּוסט.

איך האָב מיך דערמאָנט מיין נעכטיק געפיל, דערפילט, אַז איך בין ערנסט און שווער קראַנק. שוין צוויי יאָר צייט פיל איך, אַז מיינע נערוון זענען געוואַלטיק אָנגעשטרענגט, איצט ערשט האָב איך בולט פאַרשטאַנען, צו וואָס איך בין דערגאַנגען.

איך בין זיבן יאָר דאָקטאָר. ווי אַזוי ד' ז איך דורכגעלעבט די זיבן יאָר?

די גאַנצע זיבן יאָר זענען געווען אַ פּסיכישע אָפּשפּעטונג פון דעם, וואָס איך אַליין אַלס דאָקטאָר האָב געדאַרפט רעקאָמענדירן מיינע פּאַציענטן. די גאַנצע צייט זענען מיינע נערוון אָנגעשטרענגט, די גאַנצע צייט ווירקט אויף מיר דאָס לעבן אויפרעגנדיק; כּדי דאָס איבערצוהאַלטן, מוז מען האָבן אַ געוואַלטיקן כּוח, עס קומט אָבער אויס צו לעבן אין אַזעלכע באַדינגונגען, אַז די שטאַרקסטע ענערגיע וואָלט צעשטערט געוואָרן.

איך האָב נישט קיין יום-טוב, קיין גאַראַנטירטן אָפּרו; יעדער מינוט קען מען מיך אַוועקרייסן אויף גאַנצע שעהן פון עסן, פון שלאָף און קיינער קומערט זיך נישט וועגן מיינע כּוחות.

און אַזוי גייען יאָרן און איך ווער ביסלעכווייז אַ חורבה, אַ נעוראַסטעניק. עס ווערט אין מיר פאַרשוווּנדן די לוסט, די ליבע צום לעבן. נאָך שרעקלעכער, איך פאַרליר די פעיקייט יענעם מיטצופילן, מיט יענעם מיטצוליידן.

און דאָך פיל איך, אַז דאָס אַלץ געפינט זיך בײַ מיר אין דער נשמה, — ווייל קוים פּרווו איך אַמאָל אַ קורצע צייט צו לעבן מיט אַן אמת מענטשלעך לעבן, לעבט טאַקע די נשמה ווידער אויף און עס דאַכט זיך, אַז עס ליגט אין איר טיף באַהאַלטן אַזוי פיל קראַפט און ליבע.

און אין וואָס פאַר אַ באַדינגונגען לעב איך?

נאָך פינף יאָר וואַרטן האָב איך קוים דערלעבט צו באַקומען אַ געהאַלט פון 75 רובל אַ חודש. פאַר דעם געהאַלט און פאַר

די צווייפלהאַפטע פאַרדינסטן פון דער פּריוואַטער פּראַקטיק דאַרף איך לעבן מיט אַ ווייב און מיט צוויי קינדער; די פראַגן וועגן אַ ווינטערדיקן פּאַלטאָ, וועגן באַהייצונג, וועגן צונעמען אַן אַם זענען פאַר מיר אַזוי שווער, אַז איך דאַרף מיר איבער זיי געוואַלטיק ברעכן דעם מוח און אַרומלויפן איבער די ליי־קאַסעס.

מיינע חברים זענען — איינער אַ שטייער־אינספּעקטאָר, איינער אַן אינזשענער, איינער אַן אַקציז־באַאַמטער; פאַר זייער רו־קער, נאָרמאַלער אַרבעט באַקומען זיי אַזאַ געהאַלט, וועגן וועלכן איך וואָג גאָרנישט צו טראַכטן.

איך ווייס אפילו נישט פון קיין פאַמיליען־פרייד, איך קען אפילו נישט רויק אַ גלעט טון מיינס אַ קינד. ווייל דערביי קומט מיר אין קאָפּ אריין אַ געדאַנק, טאָמער שטעק איך אָן מיין קינד מיט פּאָקן אָדער מיט דער שקאַרלאַטינע, מיט וועלכע איך האָב היינט געהאַט צו טון בײַ אַ קראַנקן?

אינם פאַרטאָגעדיקן נעפּל האָט זיך פאַר מיינע אויגן געצויגן די ריזיקע שטאָט; די הויכע געביידעס האָבן זיך שטיל און בּרה־שחורהדיק געטוליעט איינע צו דער צווייטער, און יעדער איינציקע האָט זיך עפּעס באַזונדער פאַרטיפט אין אירע טרויעריקע מחשבות.

אָט, דאָס איז זי, די גרויזאַמע חיה! זי פאָדערט בײַ מיר מיינע אַלע כּוחות, מיין געזונט, מיין לעבן, און איך אַליין אינטערעסיר זי לחלוטין נישט.

און איך מוז מיך נאָך דער דאָזיקער חיה אונטערגעבן, כאָטש זי נעמט בײַ מיר אַלץ צו, און גיט מיר דערפאַר גאָרנישט!

עס איז גאָר לעכערלעך צו טראַכטן, אַז מען קען בײַ איר אַרויסרופן רחמנות! עס איז גאָר לעכערלעך צו גלייבן, אַז מען זאָל פון איר קענען דערוואַרטן אַ גערעכטערע באַציִונג צו אונדז!

נאָר דער וואָס קעמפט, קען צווינגען, מען זאָל אים אויס־הערן. און מיר האָבן נאָר איין אויסוועג: מיר, דאָקטוירים, דאַרפֿן זיך פֿאַרייניקן, מיר דאַרפֿן מיט געמיינזאַמע כוחות קעמפֿן מיט דער דאָזיקער חיה און אויסקעמפֿן פֿאַר זיך אַ בעסער, אַ פֿרייער לעבן.

איך בין געפֿאָרן אויפֿן אונטערשטאָטישן טראַקט. לענגויס די ראָדעס, וואָס זענען באַוואַקסן געווען מיט פֿאַרוועלקטן גראָז, האָבן זיך געצויגן הילצערנע בריקלעך באַדעקט מיט טוי. פֿון די פֿאַבריק־קוימענס האָט געזועצט אַ רויך און זיך געשפּרייט איבער די דעכער. די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט באַם טויער פֿון אַ ברוין הילצערן הויז.

איך בין אַרויפֿגעגאַנגען אויף די פֿינסטערע, קרומע טרעפּ אויפֿן צווייטן שטאָק און האָב אָנגעקלונגען.

אין אַ קליין שטיבל איז געזעסן באַ אַ טיש אַ בלאַסער מענטש פֿון אַ יאָר דרייסיק אין אַ בלויער בלוזע מיט אַ צעקנעפּלטן קאָל־נער; זיינע בלאָנדענע וואָנסעס און דאָס בערדל זענען געווען פֿאַר־גאָסן מיט בלוט; לעבן אים אויף דער פֿאַדלאָגע איז געשטאַנען אַ גרויסע ליימערנע שיסל; די שיסל איז פֿול געווען מיט העל־רויט בלוט. פֿון אויבן זענען אַרומגעשווומען שוואַרצע, געדיכטע שטיקער בלוט. אַ יונגע פֿרוי האָט וויינענדיק צעהאַקט אַ שטיקל אייז מיט אַ מעסער.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, ה׳ דאָקטאָר, וואָס איך האָב אייך באַאומרויִקט! — האָט דער יונגערמאַן זיך אויפֿגעשטעלט און מיר דערלאַנגט די האַנט, — איך האָב אַ באַוווּסטע קרענק — שווינדזוכט, און דערביי שפּיי איך טאַקע מיט בלוט. מיין פֿרוי איז אָבער צו מיר צוגעשטאַנען, אַז איך זאָל אומבאַדינגט שיקן נאָך אַ דאָקטאָר...

— פֿאַר אַלעם לייגט אייך אין בעט אַריין און רעדט נישט! —

האָב איך אים איבערגעהאַקט די רייד. — איר טאָרט נישט רעדן קיין איין וואָרט. זייט נאָר נישט אויפגערעגט, — דאָס איז לחלוטין נישט געפערלעך.

— איך בין אויפגערעגט? — האָט ער מיט פאַרוואונדערונג אַרויסגערעדט, אַ קנייטש טוענדיק מיט אַן אַקסל, און זיך אַנידער־געזעצט אויפן בעט.

איך האָב דעם קראַנקן אַנידערגעלייגט אויפן בעט און אים פאָרזיכטיק צוגעשטעלט דעם סטעטאָסקאָפּ צו דער ברוסט. פאַרוואָרפן דעם שיינעם קאָפּ אַרונטער, פאַרביסן די דינע, פאַרבלוטיקטע ליפּן, איז ער געלעגן און געקוקט מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן צום סופיט.

— מיט וואָס באַשעפטיקט זיך אייער מאַן? — האָב איך אַ פרעג געטון די יונגע פרוי, ווען איך האָב געענדיקט דאָס באַטראַכטן דעם קראַנקן. זי איז געזעסן בײַם טיש מיט טרערן אויף די באַקן און האָט נאָכגעשפּירט מײַנע אַלע באַוועגונגען

— ער איז אַ קופּער־גיסער אין דער נ-ער פאַבריק... באַם מײַנער, ער האָט קוים דערלעבט ביז דרײַסיק יאָר! און ווי געזונט ער איז געווען!... דער דאַמף פון קופּער האָט אים דאָס גאַנצע האַרץ אויפגעגעסן!

זי איז וויינענדיק צוגעפאַלן מיטן קאָפּ צום טיש.

— נו, קאַטיאַ, וואָס טוסטו? עס איז גאָרנישט אַזוי געפערלעך! — האָט דער מאַן אַרויסגערעדט ליבלעך נאָר מיט פאַרדרוס — האָסט דאָך געהערט, דער דאָקטאָר האָט אויך געזאָגט... מיט אַזאַ קרענק דערלעבט מען אפילו ביז פופציק יאָר, — נישט אמת? — האָט ער זיך געווענדט צו מיר.

— יאָ, פאַרשטייט זיך!... רעדט נאָר נישט, ליגט רויק... ס'זענען געווען פאַלן, אַז מען פלעגט אפילו אינגאַנצן געזונט ווערן...

דער קראַנקער איז געלעגן און געשוויגן, ער האָט צושטי־
מענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ. איך האָב מיך אַנידערגעזעצט שרייבן
אַ רעצעפּט.

— גאָט מיינער, גאָט מיינער, ווי גיך דאָס לעבן האָט אים
צעבראָכן! — האָט די פרוי אַרויסגערעדט מיט אַ שווערן זיפץ —
איך זאָג אייך, ה' דאָקטאָר, ער האָט דאָך אויף זיך אַליין קיין
רחמנות נישט, ער לעבט דאָך עפּעס אַזוי מאָדנע! קומט אַהיים פון
דער אַרבעט, זעצט ער זיך באַלד צו די ביכער, זיצט אַ גאַנצע
נאַכט, אָדער לויפט אַרום וועגן זיינע געשעפטן... ער האָט דאָך
נאָר כוח פאַר איין מענטש נישט פאַר קיין צוויי.

דער קראַנקער האָט זיך פאַרהוסט און אַראָפּבייגנדיק זיך,
אויסגעשפּיגן אַ גרויס שטיק בלוט.

— נו, גענוג שוין! צו וואָס רעדסטו צופיל? — האָט ער
זיך אָנגערופן צו דער פרוי אָפּאָטעמענדיק.

איך בין אָפּגעזעסן באַם קראַנקן אַ האַלבע שעה צייט, באַ־
רויקט און געטרייסט די פרוי זיינע.

די שטוב איז געווען אַן אָרימע, נאָר מען האָט אָן איר
געזען, אַז דער באַלעבאָס איז אַ בעסערער מענטש. אין אַ ווינקל
איז געלעגן אַ קופּע צייטונגען, אויף דער קאָמאָדע און אויפן ביי־
מאַשין זענען געלעגן ביכער, אויף די רוקנס האָב איך איבערגע־
לייענט די נעמען פון טייערע, נאָענטע מענטשן.

איך בין אַרויסגעגאַנגען און האָבזיך אויפגעזעצט אויף דער
דראָזשקע.

עס איז שוין געווען גוט ליכטיק; דער נעפּל האָט זיך אויפ־
געהויבן פון דער ערד און געשוווּמען איבערן הימל; פון צווישן
די גרויע פלעקן האָט אַרויסגעשיינט אַ ריינער הימל, באַלויכטן
פון דער זון. אויף די גאַסן איז נאָך אַלץ שטיל געווען, נאָר פון
די קוימענס איז שוין געגאַנגען אַ רויך, דורך די פענסטער האָט

מען געזען גלאַנצעדיקע סאַמאָוואַרן און פון שלאָף אויפגעשטאַנענע מענטשן; אויף די גרויע מיט טוי באַדעקטע בריקלעך האָט מען געזען שוואַרצע שפּורן פון מענטשלעכע טריט.

איך האָב מיך דערמאַנט, אין וואָס פאַר אַ שטימונג איך בין געפאָרן אַהער, מיט וואָס פאַר אַ געפיל איך האָב געקוקט אויף די בריקלעך, אויף די ראָוועס, אויף דעם פאַרוועלקטן גראָז; יענע שטימונג האָט מיר איצט אויסגעזען אַזוי פרעמד, אַזוי קליינלעך, איך האָב מיך נישט געשעמט פאַר מיין פריערדיקער שטימונג, — מיר איז פשוט אַ ווונדער געווען, פונוואַנען עס האָט זיך געקענט צו מיר דערנעמען אַזאַ מין שטימונג.

מיר דאַרפן זיך פאַראייניקן, מיר דאַרפן קעמפן, — יאָ, טאַקע אַזוי. נאָר ווער איז עס דער „מיר״? די דאָקטוירים?

פאַרשטייט זיך, מיר קענען זיך באַמיען צו פאַרבעסערן די לאַגע פון אונדזער שטאַנד, פאַרגרעסערן די זעלבסטהילף-אַקציע און אַזוי ווייטער. אָבער אַ קאַמף, אַ ברייטער, אַ גרינדלעכער קאַמף איז אוממעגלעך, אויב אויף דער פאָן איז גאָר-נישט דאָ וואָס אָנצוצייכענען.

אונדזער לאַגע איז אַ שווערע. נאָר ווער פון די זייטיקע מענטשן קען דען זען אונדזער לאַגע אין איר ווירקלעך געשטאַלט?

אין די ראָגאָזשע-פאַבריקן נעמט מען צו אַרבעטער מיטן באַדינג, אַז זיי זאָלן נישט בעטלען אויף די גאַסן קיין נדבות, די אַרבעטער-פרויען מוזן זיך אָפּגעבן די מייסטער, ווערן פּראָסטיטוטקעס, אויב זיי ווילן האָבן אַרבעט.

עס וואָלט, פאַרשטייט זיך, זייער גוט געווען, ווען מיר, דאָקטוירים, זאָלן באַקומען אַזעלכע געהאַלטן ווי די אינזשי-ניערן, ווען מיר זאָלן קענען אַרבעטן פריי, נישט טראַכטנדיק וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג. דאָס איז אָבער לייכט צו זאָגן!

אמת, אַ קרייז-דאָקטאָר באַקומט טאַקע אַ בעטלערישן געהאַלט

דאָס דאַרף קען אים אָבער פון דעם שוואַרצן שטיקל ברויט נישט באַשאַפן קיין פלייש און ווייַן.

דעם דאָקטאָרס געצאָלטס איז בכלל זייער קליין, — פונ־דעסטוועגן איז פאַר אַ מיטלמעסיקן מענטש, בפרט פאַר אַן אָרי־מאַן, זייער שווער זיך צו היילן.

דער אויסוועג, וועגן וועלכן איך האָב געטראַכט, וואָלט אין דער דאָזיקער לאַגע גאָרנישט געקענט אויפטון. דאָס וואָלט נישט געווען קיין קאַמף פון אַן אָפּטיילונג אין רייען פון אַ גרויסער אַרמיי, דאָס וואָלט געווען אַ קאַמף פון אַ הייפל מענטשן קעגן דער גאַנצער געזעלשאַפט, און דעריבער וואָלט ער טאַקע געווען נאַריש און פּרוכטלאָז.

און עס איז נישט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס מיר, מענטשן וועלכע זענען פון קינדווייז אָן דערצויגן געוואָרן מיטן באַגריף פון „ברייטע אינטעלעקטועלע האָריזאָנטן”, קענען דאָס דאָזיקע נישט באַגרייפן, בשעת דאָס דאָזיקע פאַרשטייען שוין אַזעלכע מענטשן, פאַר וועלכע עס קומט אָן זייער שווער אייַנצונעמען יעדן שפּאַן פון די דאָזיקע אינטעלעקטועלע האָריזאָנטן.

יאָ, דער אויסוועג ליגט דאָ ערגעץ אַנדערש.

דער איינציק־מעגלעכער אויסוועג איז אינם באַוווסטזיין, אַז מיר זענען נאָר אַ קלייניטשיקער טייל פון איין ריזיקער קאָמפּאַק־טער מאַסע, אַז נאָר אין דער צוקונפט און אין דעם זיג פון דער דאָזיקער מאַסע געפינט זיך אויך אונדזער צוקונפט, אויך אונדזער זיג.

סוף